ז. רייזען

# גראַמאַטיק

## פון דער יידישער שפּראַך

ערשטער טייל

צווייטע, פאַרבעסערטע אויפלאַגע.




ווילנע
תר"פ — 1920

# הקדמה.



מיט דער „גראַמאַטיק פון דער יידישער שפּראַך", וואָס איך פאַרעפנטלעך לעת-עתה בלויז דעם ערשטן טייל פון איר, האָב איך קודם-כל געהאַט זין אויג צו באַפרידיקן, לויט מיינע כוחות, די ברענעדיקע באַדערפעניש אין אַ אויספירלעכן ווערק, וואָס זאָל בײַם ליכט פון דער מאָדערנער שפּראַכוויסנשאַפט באַהאַנדלען אַלע פאַקטן און ערשיינונגען פון אונזער לשון. אָן אַ גרינדלעכער באַקאַנטשאַפט מיט די געזעצן און כללים פון דעם יידישן שפּראַכגעברויך, אין פאַרבינדונג מיט די אַלגעמיינע פּרינציפּן פון דער שפּראַכוויסנשאַפט, איז ניט מיגלעך פולקום און פריי צו באַנוצן זיך מיט יידיש אין אַלע זיינע פאָרמען און אויסדרוקן, ווי דאָס פאָדערט זיך לויט דער ראָלע, וואָס די יידישע שפּראַך שפּילט איצט אין דעם קולטורעלן שאַפן פון אונזער פאָלק אין אַלע ערטער פון זיין אַלטן און נייעם ישוב.

באַזונדערס פאָדערט זיך אַזאַ באַקאַנטשאַפט, כדי ווי געהעריק אָפּצושטעלן דעם לימוד פון יידיש אין דער נייער יידישער שול, וועלכע ווערט געבויט אויפן גרונד פון דער יידישער אונטערריכט-שפּראַך. אויך אין דער אַלגעמיינער שול (למשל, דער רוסישער) איז דער דורכשניטלעכער לערער אָפט צו ווייניק באַהאַוונט אין דער וויסנשאַפטלעכער גראַמאַטיק, דאָך געפינט ער זיך בנוגע דעם לימוד פון דער מוטערשפּראַך פאָרט אין אַ embarras de richesses אין אַ „פאַרלעגנהייט מחמת עשירות", האָבנדיק פאַר זיך אין די צענדליקער און אין די הונדערטער לערנביכער פון גראַמאַטיק, פאַרשיידענע זאַמלונגען פון פּראַקטישע איבונגען, ווערק איבער דער שפּראַכוויסנשאַפט וכדומה, און זאָל ער זיך נאָר וועלן פאַראינטערעסירן מיט דעם געגנשטאַנד, וועט ער ניט האָבן קיין מניעה אין הילפסמאַטעריאַלן. גאַנץ אַנדערש איז אָבער מיט דער נייער יידישער שול; דער לימוד פון יידיש ליידט דאָ אָן אַ שיעור פון דעם, וואָס דעם לערער פעלן אינגאַנצן די ביכער, וועלכע זאָלן אים העלפן זיך אָריענטירן אין דעם געדיכטן וואַלד פון אונזער לשון. ווארים אויב די טענה, אַז יידיש האָט ניט קיין גראַמאַטיק, איז אַ לעכערלעכע עם-הארצות, וואָס האָט ניט קיין שום זין פאַר דעם פילאָלאָג, איז זי דאָך ריכטיק אויף אַזוי פיל, אויף וויפיל מען אידענטיפיצירט מיט גראַמאַטיק דאָס בוך, וואו די געזעצן און כללים פון דער שפּראַך, פון איר ריכטיקער קאָנסטרוקציע און שריפטלעכער פיקסאַציע, ווערן אויסגעלייגט. אין אַזאַ זין פאַרשטאַנען, האָבן מיר נאָך ווירקלעך ניט קיין יידישע גראַמאַטיק.

אמת, דער קאַמף פאַר דער יידישער שפּראַך, וואָס האָט זיך די לעצטע יאָרן מיט אַזאַ ברען צעפלאַקערט אין אַלע לענדער פון יידישן ישוב, און די אָנערקענונג פון איר גרויסער וויכטיקייט פאַר אונזער פאָלק, האָט אַרויסגערופן צום לעבן די נאַציאָנאַלע יידישע פילאָלאָגיע, וואָס שטעלט זיך אַלס ציל ניט נאָר די טעאָרעטישע פאָרשונג פון יידיש, נאָר לייגט אויך געוויכט אויף די רעזולטאַטן, וואָס די דאָזיקע פאָרשונג גיט, כדי צו פאַרפולקומען אונזער לשון, פאַרפיינערן אים און באַרייכערן און מאַכן אים פאַר דעם אינסטרומענט פון דער

מאָדערנער יידישער קולטור אין אַלע אירע אַנטפּלעקונגען. אָבער דער גראַנדיאָזער צוקינפטס־רײַכער בנין פון דער ײדישער פילאָלאָגיע איז נאָך דערװײַלע זײער װײניק אויסגעבויט. בלױז געצײלטע אַרבעטן װעגן אײנצלנע ענינים פון דער ײדישער שפּראַכװיסנשאַפט, דערהויפּט נאָר װעגן פאָנעטיק, פאַרמעגן מיר לעת־עתה, אי דאָס געשריבן גרעסטנטײלס פאַר ספּעציאַליסטן און דאָס רוב צעזײט און צעשפּרײט איבער צײטונגען און זשורנאַלן, אָפט נאָך אין פרעמדע שפּראַכן.

מיט מײַן װערק בין איך דערום אויסן געװען צו שאַפן אַ האַנטבוך, װאָס זאָל אַרומנעמען אַלע פאַקטן און ערשײנונגען פון דער ײדישער שפּראַך, סײ דער גערעדטער פאָלקס־שפּראַך, סײ דער שריפטלעכער ליטעראַטור־שפּראַך.

דערבײַ האָב איך קודם־כל געהאַט אין זינען דעם ײדישן לערער, מיטצוהעלפן אים אױפֿצושטעלן דעם לימוד פון ײדיש אויף אַ פעסטערן יסוד, צו באַקענען אים מיט די געזעצן און כללים פון זײַן געברויך, סײ אין דער אָרטאָגראַפיע, סײ אין דער מאָרפאָלאָגיע, סײ אין דעם סינטאַקסיס, סײ אין דער לעקסיקאָלאָגיע.

דאָס בוך קען אָבער באַנוצט װערן ניט נאָר פון לערער און ניט נאָר אויף לערער־קורסן און אין לערער־סעמינאַרן, נאָר אויך אין די העכערע קלאַסן פון אַכט־קלאַסיקע פאָלקס־שולן און מיטלשולן. אָבער אויך אונזערע ליטעראַטן און בכלל יעדער אײנער פון אונזער פאָלק, װאָס האָט אַ אינטערעס צו אונזער לשון און אַ באַדערפעניש אים צו געברויכן, װעט קענען אין דער גראַמאַטיק געפינען נעגוג אָנװײַזונגען, כּדי אויסצומײַדן די אָפּגעלאָזנקײט אין דער פאָרם, פון װאָס אונזער ײדיש לײַדט אַזױ שטאַרק, בפרט נאָך בײַ הײַנטיקער צײַט־װען אונזער שפּראַכגעפיל איז אַזױ קאַליע געװאָרן דורך דער טאַגדעט־אַרבעט פון די צײַטונגס־מענטשן.

דאָס הײסט נאַטירלעך ניט, אַז איך האָב גענומען אויף זיך די ראָלע פון אַ קאָדיפיקאַטאָר פון אונזער לעבעדיקן לשון. אדרבא, איך האָב זיך געגעבן די גרעסטע מי ניט צו קאַנאָניזירן די שפּראַך, ניט אָנצוטאָן איר געװאַלד, ניט צו בינדן איר פרײַהײט און ניט צו שטערן איר געזונטן נאַטירלעכן װאוקס דורך פעדאַנטישע תקנית. איך האָב שטענדיק געהאַט אין זינען די יסודות פון דער מאָדערנער װיסנשאַפטלעכער גראַמאַטיק, װעלכע זעט איר אויפגאַבע ניט אין דער קאַנאָניזאַציע, נאָר אין דער פעסטשטעלונג און סיסטעמאַטיזירונג פון די פאַקטן און ערשײנונגען פון דעם שפּראַכלעבן. איבער דער אָנגענומענער שפּראַכריכטיקײט שטײט אַלס העכסטער געזעץ ניט די תקנה פון דעם גראַמאַטיקער, נאָר דער געניוס פון דער שפּראַכשאַפונג, און דער שפּראַכמײַסטער, צי דאָס איז דאָס פאָלק אַלײן אָדער דער גרויסער דיכטער, קען צעברעכן אַן אַלטע פאָרם און שאַפן אַ נײַע. אין מײַן װערק האָב איך נאָר געשטרעבט אויסצולײגן די פרינציפּן און כללים, װאָס גילטן אין דעם לעבן פון אונזער שפּראַך, און דער אויפמערקזאַמער לײענער און לערנער װעט שוין אַלײן קענען דרינגען פון זײ די געהעריקע פּראַקטישע אויספירן.

איך האָב געפּלײַסט זיך װי װײַט מיגלעך אויסצוניצן דעם גאַנצן מעטעריאַל, װאָס אונזער לשון גיט דעם פאָרשער זײַנעם. מיך האָט אָבער קײנמאָל ניט פאַרפירט די אילוזיע, אַז דאָס געביט פון אַ לעבעדיקער שפּראַך קען אויסגעשעפּט װערן, און אויב מײַן אַרבעט װעט מיטװירקן צו אַנטפּלעקן כאָטש אַ טײל פון די רײַכע אוצרות און פון דער טיפער געזעצמעסיקײט פון אונזער ײדיש, װעל איך האַלטן מײַן ציל פאַר דערגרײכט.

די „גראַמאַטיק פון דער ײדישער שפּראַך” האָט זיך צונויפגעשטעלט פון אַ רײ לעקציעס, װאָס איך האָב פאַר די לעצטע 4—5 יאָר געהאַלטן אין װילנע אין דעם ערשטן ײדישן פאָלקס־אוניװערסיטעט, אויף פאַרשײדענע לערער־קורסן און לעצטנס אויף די פעדאַגאָגישע קורסן בײַ דער קהילה. די דאָזיקע לעקציעס, פאַר װעלכע איך האָב אויסגענוצט דעם מאַטעריאַל, װאָס איך האָב געזאַמלט אין משך פון יאָרן, האָב איך געהאַט בדעה צו פאַרעפנטלעכן ערשט

נאָך אַ גרינדלעכער באַאַרבעטונג און סיסטעמאַטיזירונג. לײדער אָבער איז אַ ײדישער פילאָלאָג נאָך ניט אין דער לאַגע צו קענען אינגאַנצן זיך אָפּגעבן דעם געגנשטאַנד; און אויך איך האָב ניט געהאַט די מיגלעכקײט צו װידמען דער דאָזיקער אַרבעט אַזוי פיל צײט, װיפיל עס פאָדערט דאָס ערשטע גרעסערע װערק איבער דער ײדישער שפּראַך. בפרט אָבער בין איך בײ דער דאָזיקער אַרבעט געװען געשטעלט אין אַ שװערער לאַגע דורך דעם אומשטאַנד, װאָס מיר איז אויסגעקומען דורכצופירן זי אין װילנע, אין אַ שטאָט, װאו עס פעלן אַלע נײטיקע מקורים און הילפסביכער פאַר דער ײדישער פילאָלאָגיע, און אין אַ צײט, װען די פאַרבינדונג מיט דער גרויסער װעלט איז געװען צו אומנאָרמאַל—אין בעסטן פאַל. אָבער אָפּלײגן די פאַרעפנטלעכונג פון מײן אַרבעט האָב איך שוין אויך מער ניט געקענט, װײל דאָס באַדערפעניש אין אַ גראַמאַטיק פון דער ײדישער שפּראַך איז געװאָרן שוין צו ברענעדיק, און מצד דער לערשאַפט בין איך ממש אויפגעפאָדערט געװאָרן ניט צו האַלטן מער מײן מאַטעריאַל בײ זיך אין שרײבטיש. דער װאוילגעזינטער קריטיקער װעט זיך מײן דערמיט רעכענען, אויב ער װעט געפינען אין מײן װערק מאַנכע אומפּינקטלעכקײטן, צו פיל פעלערן אין דער סיסטעמאַטיזאַציע פון דעם מאַטעריאַל, איבערחזורונגען און אַנדערע חסרונות, װעלכע זײנען געװען אומפאַרמײדלעך בײ די געגעבענע אומשטאַנדן.

דער ערשטער טײל פון דער גראַמאַטיק אַנטהאַלט די קאַפּיטלען װעגן דער געשיכטע פון דער שפּראַך, דער פאָנעטיק און דער אָרטאָגראַפיע. אין דעם צװײטן טײל װעט באַהאַנדלט װערן די מאָרפאָלאָגיע, דער סינטאַקסיס, די לעקסיקאָלאָגיע און די מעטריק און ס'װעט אויך געגעבן װערן אַ איבערבליק איבער דער געשיכטע פון דער ײדישער פילאָלאָגיע.

צוליב טעכנישע טעמים האָב איך אַלע הערות צו דעם טעקסט אַריבערגעטראָגן צום סוף פון דעם גאַנצן װערק, װאו ס'װעט אויך קומען אַ רעגיסטער פון די נעמען, װערטער און פאָרמען, װאָס זײנען דערמאָנט אין דער גראַמאַטיק.

ז. רײזען.

װילנע, אין ניסן, תר"פ.



# הקדמה צו דער צװײטער אויפלאַגע.

פאַרשײדענע אומשטענדן האָבן מיר געשטערט אַרויסצולאָזן די איבעריקע טײלן פון מײן „גראַמאַטיק פון דער ײדישער שפּראַך", װי אויך איבערצואַרבעטן דעם פאָרליגנדיקן טײל בהסכם מיט דעם נײעם מאַטעריאַל, װאָס איז דאָ אין מײן רשות. אָבער די װאַרימע אויפנאַמע, װאָס דאָס װערק האָט געפונען סײ בײ פילאָלאָגן סײ אין די קרײזן פון דעם ברײטערן עולם, װעלכע האָבן אַ אינטערעס פאַר אונזער לשון, גיבן מיר אַ גרונד אָנצונעמען, אַז אַ דריטע אויפלאַגע פון דעם ערשטן טײל גראַמאַטיק װעט ניט לאַנג לאָזן אויף זיך װאַרטן, און ביז צו יענער צײט האָף איך ניט נאָר מתקן און ממלא צו זײן דעם ערשטן טײל, נאָר אויך צו פאַרענדיקן דאָס גאַנצע װערק.

אָבער ניט האָבנדיק די מעגלעכקײט אין דער איצטיקער אויפלאַגע אַרײנצוטראָגן װעלכע עס איז תיקונים און שינוים, האַלט איך דאָך פאַר נײטיק אָנצװײזן, אַז אין דעם פּראָיעקט

פון אַ פּראָוויזאָרישער ייִדישער אָרטאָגראַפיע, וואָס איז פאָרגעלייגט אין מיין גראַמאַטיק (קאַפּיטל II, §§ 113—194) זיינען לעצטנס געמאַכט געוואָרן אייניקע ענדערונגען. דער דערמאָנטער פּראָיעקט איז באַטראַכט געוואָרן פון דער אָרטאָגראַפישער סעקציע ביי דעם ערשטן ייִדישן שול־צוזאַמענפאָר אין וואַרשע (15—22 יוני 1921) און איז בכלל אָנגענומען געוואָרן; כדי אָבער צו דערגרייכן מער איינפאַכקייט און גענויקייט אין דער סיסטעם פון אונזער אויסלייגונג איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצוטראָגן אין מיין פּראָיעקט די דאָזיקע תיקונים און שינויים:

1) דעם צווייטן דיפטאָנג יי (ליטוויש—אַי) (זע פאָנעטיק § 105) צו דיפערענצירן פון דעם ערשטן יי (ליטוויש—עי) דורך אַ פּתח אונטער אים, למשל, שיַין און שיין, מיַין און מיין, צײַט און צייכן א. אַז. וו.

2) דעם צווייטן דיפטאָנג וי (ליטוויש—אָי) (זע פאָנעטיק § 90) צו דיפערענצירן פון דעם ערשטן וי (ליטוויש—עי) דורך אַ חולם־פּינטעלע איבערן ו, למשל, פוֹילן און פויגל, בוֹיך און בויגן, טוֹיב (אַ פויגל) און טויב (ניט הערגדיק), קוֹיל (צום שיסן) און קויל (פון ברענגען) א. אַז. וו.

3) דער פּראָסטעטישער אלף (זע אָרטאָגראַפיע § 126) בלייבט נאָר אין אָנהייב וואָרט; אינמיטן וואָרט פאַלט ער אַרויס אין אַלע פאַלן, למשל, קאַוטסקי, פאַרוין (ניט קאַאוטסקי, פאַראוין), פאַרינטערעסירן (ניט פאַראינטערעסירן), דורכוים (ניט דורכאוים), באַפרײַונג (ניט באַפרייאונג) א. אַז. וו.

4) דער וואָקאַל י פאַר אַ וואָקאַל און נאָך אַ וואָקאַל ווערט געפּינטלט מיט אַ חיריק, למשל, פעיִק, נאַיִוו, ראַדיִוס, באַציִונג א. אַז. וו.

5) דער וואָקאַל ו פאַר דעם קאָנסאָנאַנט וו און אויך פאַר אַ צווייטן וואָקאַל ו ווערט געפּינטלט מיט אַ מלאפום, למשל, פרוּוון, כוּוואַלק, לוּור, טוּונג א. אַז. וו.

אַזוי־אַרום בלייבט דער צייכן ב נאָר פאַר העברעאישע ווערטער. דער שטומער א צווישן דעם קאָנסאָנאַנט וו און דעם וואָקאַל ו (אדער וי) בלייבט, למשל, וואו, וואולקאַן, וואויל, וואוינען א. אַז. וו.

6) דער אומבאַטאָנטער נייטראַלער ע (זע אָרטאָגראַפיע §§ 127—130) ווערט אייַנגעפירט אויך פאַר דעם קאָנסאָנאַנט מ, למשל, פאָדעם, טורעם, אָטעם, אָרעמאַן, וואָרעם א. אַז. וו., אַזוי אַז ים בלייבט נאָר אַלס העברעאישע ענדונג, למשל, בגדים, דאָקטוירים א. א. וו.

7) דער § 136 ווערט אויסגעטייטשט פאַרקערט, אַז עס זאָל געשריבן ווערן פאָנעטיש אונדז, אינדזל, פינצטער, פענצטער א. אַז. וו.

8) ביים צונויפטרעפן זיך פון דעם קאָנסאָנאַנט י מיט דעם וואָקאַל י (§ 139) ווערט דער וואָקאַל י געפּינטלט. אַזוי ווי נאָך אַ וואָקאַל, למשל ייִד, ייִנגל, ייִדנטום א. אַז. וו.

9) בנוגע דעם ע אין דער ענדונג ען פאַלט אָפּ די שרייבונג ען אין די פאָרמען פון די צאָלווערטער (לעצטער אָפּזאַץ אין § 156), אַלזאָ: פירן, פינפן, זעקסן, אַכטן (ניט פירען, פינפען א. אַז. וו.); פאַרקערט אין ביי־ווערטער נאָך מ (§ 157) בלייבט די ענדונג ען, למשל, דעם שטומען, דעם אָרעמען א. אַז. וו. דער כלל פון § 161 פאַלט אַוועק; אַלזאָ—שטערנדל, נעגנטן א. אַז. וו. (ניט שטערענדל, נעגענטן). עס פאַלט אויך אָפּ דער § 163.

מיט די דאָזיקע תיקונים און שינויים דאַרף דער פּראָיעקט פון דער אָרטאָגראַפיע, וועלכער איז פאָרגעלייגט אין מיין גראַמאַטיק, דורכגעפירט ווערן אין לעבן דורך דער צענטראַלער ייִדישער שול־אָרגאַניזאַציע בהסכם מיט די ליטעראַטן־פאַראיינען און אַנדערע קערפּערשאַפטן, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין אַ איינהייטלעכער ייִדישער אויסלייגונג.

ז. רייזען.

ווילנע, אין תמוז, תרפ״א.



# אריינפיר.

## וועגן דער שפראַך בכלל.

**1.** די שפּראַך איז דער אויסדרוק אָדער—בעסער געזאָגט—די אויסדרוקפאָרם פון דעם דענקענדיקן מענטשלעכן גייסט אין אַרטיקולירטע, ד. ה. בעגלידערטע קלאַנגען. זי איז ניט נאָר דער בעסטער מיטל פאַר דעם מגע-ומשא פון די מענטשן צווישן אַנאַנד, נייערט קודם-כל דער אופן, אין וועלכן עס קומט צום מענטשלעכן באַוואוסטזיין די גאַנצע ברייטע און רייכע וועלט פון פאָרשטעלונגען און אידעען. ערשט אין דער שפּראַך אָנטפּלעקט זיך דער געדאַנק פאַר זיך גופא מער אָדער ווייניקער קלאָר און פולקום, און ערשט מיט דער אויסבילדונג און פאַרפיינערונג פון דער שפּראַך קאָן געמאָלט זיין די פאַרפיינערונג און פאַרטיפונג פון געדאַנק.

**2.** די אַנטשטייאונג פון דער שפּראַך איז פאַרבאָרגן אין דעם תהום פון די אוראַלטע פאַרהיסטאָרישע תקופות. אירע אָנהייבן זייבען שוין פאַרשוואונדן פון אונז און לאָזן זיך אויפשטעלן נאָר על-פי השערה. זיכער איז נאָר, אַז פונקט ווי דער מענטש בכלל האָט זיך אַנטוויקלט מדרגותווייז פון נידעריקערע מינים בעלי-חיים, אַזוי האָט זיך אויך אַנטוויקלט זיין שפּראַך. שוין אין אירע ערשטע אָנהייבן, אין דער פאָרם פון אַ געוויסער צאָל געשרייען און אויסרופן, האָט די שפּראַך געקלעקט צו ברענגען די בעלי-חיים אָדער די פרימיטיווע מענטשן אין קעגנזייטיקע באַציאונגען, צו פאַראייניקן זיי, צו וואָרענען אָדער רופן זיי צו הילף ביי אַ סכנה, צו דערשרעקן דעם אָנפאַלער וכדומה. אַזאַ ניצלעכער מיטל אין דער מלחמה פאַרן קיום האָט דורך דעם נאַטירלעכן אָפּקלייב געמוזט מיט דער צייט פאַרבעסערט ווערן אַלץ מער און מער. און די ווערטיקאַלע לאַגע פון דעם מענטשן האָט דערביי געשפּילט אַ באַזונדערס וויכטיקע ראָלע, וואָרים די דאָזיקע לאַגע האָט קודם-כל מיטגעהאָלפן דער אַנטוויקלונג פון די רייד-אָרגאַנען.

דאָך איז נאָך די פּראָבלעם וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער שפּראַך דערמיט ניט פאַרענטפערט אין איר גאַנצן פאַרנעם. אַזוי ווי די פראַגע וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער וועלט, פון דעם לעבן אויף דער ערד, פון דעם

מין מענטש, געהערט זי אויך צו די אייביקע פּראָבלעמען אונזערע. יעדער דור פון דער מענטשהייט האָט געפּרובט געבן דערויף זיין ענטפער, און אַפילו די מאָדערנע שפּראַכוויסנשאַפט, וואָס דורך דער פאָרשונג און פאַרגלייכונג פון אַלע שפּראַכן, אויף וועלכע עס ריידן אָדער האָבן גערעדט פאַרשיידענע פעלקער, האָט זי אויפגעטאָן אַזויפיל חידושים און המצאות, איז נאָך ניט בכוח צו דער־קלערן באַשיינפּערלעך, ווי אַזוי אין דער שפּראַך זיינען אויפגעקומען די ערשטע שרשים, יעדערער מיט אַ באַשטימטער באַטייטונג.

3. די מאָדערנע טעאָריעס בנוגע דער פּראָבלעם וועגן דער אַנטשטייאונג פון דער שפּראַך קאָנען איינגעטיילט ווערן אין צוויי גרופּעס: די טעאָריע פון אָנאָמאַטאָפּאָע און די טעאָריע פון דעם אויסרופוואָרט. די אָנאָמאַטאָפּאָעטישע טעאָריע זוכט צו דערקלערן דעם מקור פון דעם מענטשלעכן לשון דורך דער נאָכמאַכונג, נאָכקרימונג פון די קלאַנגען פון דער נאַטור (אַזעלכע ווערטער, ווי, למשל, קוקוק, הו־האַ, טאַראַראַם, בראַזג, פּאַטש, לעקן, גרילצן, טערעליי־קען, — זיינען געבילדעט אָנאָמאַטאָפּאָעטיש). די טעאָריע פון דעם אויסרופוואָרט וויל אַרויסברענגען דעם מענטשלעכן לשון פון די קולות, וואָס האָבן זיך ניט־ווילנדיק אַרויסגעריסן ביי דעם מענטשן אונטער דער ווירקונג פון דעם רושם, וואָס דער אָדער יענער געגנשטאַנד פּלעגט אויף אים מאַכן.

4. ביידע טעאָריעס, וועלכע מ'פּרובט טיילמאָל צו פאַרבינדן אין איין סיסטעם, האַלטן זיך אויף דער הנחה, אַז צווישן דעם קלאַנג פון דעם וואָרט און דער באַטייטונג זיינער איז דאָ עפּעס אַ שייכות. בשעת ווען דער טיפע־רער אַנאַליז פון די שפּראַכן ברענגט צום געדראַנג, אַז דווקא פאַרקערט—דער גאַנצער אַנטוויקלונגס־כוח פון דער שפּראַך שטעקט גראָד אין דעם, וואָס צווישן דעם קלאַנג און דער באַטייטונג פון דעם וואָרט איז קיין שייכות ניטאָ, אַז דאָס וואָרט איז נאָר אַ סימבאָל, אַן אָפּגעמאַכטער צייכן פאַר אַ פאָרשטעלונג; עס איז אַ לעבעדיקער, אַ באַוועגלעכער עלעמענט, וואָס האַלט זיך אין איין פאַרענדערן. איטלעכס וואָרט אין דער שפּראַך האָט זיין געשיכטע און די דאָ־זיקע געשיכטע איז אין אַ לעבעדיקער שפּראַך נאָך ניט געענדיקט: די ווערטער אין דער שפּראַך בייטן סיי זייער פאָרם סיי זייער באַטייטונג. אין דעם באַ־שטייט אייגנטלעך די געשיכטע פון דער שפּראַך—די אַנטוויקלונג אירע. און נאָר די דאָזיקע טבע—צו בייטן די פאָרם און באַטייטונג—גיט דעם וואָרט די מיגלעכקייט זיך צו אַנטוויקלען און צוצופּאַסן זיך צו די קולטורעלע לעבנסבאַ־דינגונגען פון דעם מענטשן, וועלכע האַלטן זיך אין איין בייטן. אָן דער דאָזי־קער פעאיקייט וואָלט די שפּראַך ניט געקאָנט דינען דעם פּראָגרעס און אַליין פּראָגרעסירן.

5. דערפון איז אויך קלאָר די קולטורעלע באַטייטונג פון דער שפּראַך. דאָס איז קודם־כל אַ אויסטערליש בייגעוודיקער אינסטרומענט פון אונזער גע־דאַנק: ער גיט אונז די מיגלעכקייט צו פאַרפעסטיקן אין דעם וואָרט נייע פאָר־שטעלונגען, נייע באַגריפן, נייע געדאַנקען. אין אונזער לשון שטעקט אַ שאַפונ־

קוואַל ניט אויסצושעפּן: נייע געדאַנקען געפינען אָדער שאַפן אין דער שפּראַך און מיט דער הילף פון דער שפּראַך נייע ווערטער, וועלכע באַרייכערן אַלץ מערער די שפּראַך. און די שפּראַך פון איר זייט באַוואָרנט דעם שטענדיקן פּראָגרעס פון דער קולטור: די בייגעוודיקייט פון דער שפּראַך גיט איר די מיג־לעכקייט זיך צוצופּאַסן צו די שינויים אין דער קולטור, אַזוי אַז יעדער קולטור־שטאַפּל געפינט לייכט זיין אויסדרוק אין דער שפּראַך. די דאָזיקע בייגעוודיקייט איז אָבער געבויט אויף דער אייגנשאַפט פון דער שפּראַך ניט צו פאַרבינדן דעם קלאַנג פון דעם וואָרט מיט דער באַטייטונג זיינער.

**6.** אָבער ניט מיט אַמאָל איז די שפּראַך אַרויף אויף דעם דאָזיקן ברייטן וועג פון איר אַנטוויקלונג, אַלס קאָמפּלעקס פון סימבאָלן פאַר פאָרשטעלונגען. אין די פּרימיטיווע שפּראַכן, וואָס זיינען באַקאַנט דער לינגוויסטיק, באַטייט יעדעס וואָרט באַזונדער אַלעמאָל אַ געגנשטאַנד, וואָס מ׳קאָן אים תּופס זיין מיט די חושים. דער פּרימיטיווער מענטש איז ניט מסוגל צום אַבסטראַקטן דענ־קען, און די ווערטער פון זיין שפּראַך דריקן אויס נאָר אָנזעעוודיקע בילדער. און נאָר זייער לאַנגזאַם האָט דער מענטש דערגרייכט די הויכע מדרגה צו דענקען אין לייכט באַוועגלעכע אַבסטראַקטע באַגריפן, און די דאָזיקע אַנטוויק־לונג איז געגאַנגען אין שטענדיקער קעגנזייטיקער ווירקונג מיט דער אַנטוויק־לונג פון דער שפּראַך. וואָרים נאָר די שפּראַך גיט אונז דעם כּוח — פון דעם דענקען אין קאָנקרעטע בילדער אַריבערצוגיין צו אַבסטראַקטע באַגריפן.

**7.** פון דער אַנדער זייט דאַרף מען אָבער אויך ניט פאַרגעסן, אַז דער מקור פון יעדן אמת ליגט אין דער אינטואיציע, אין דער תּפיסה, אין דער דערפאַרונג, און ניט אין דער שפּראַך גופא. די ווערטער פון דער שפּראַך זיי־נען נאָר אַ מיטל צו פאַרצייכענען דערפאַרונגען, פאַרבינדן זיי אין באַגריפן און איבערגעבן אַנדערע; זיי זיינען אָביעקטיווע סימבאָלן פאַר סוביעקטיווע גע־שעענישן און איבערלעבונגען, און זיי דאַרפן דינען דערצו, אַז זיי זאָלן אויך אין אַנדערע מענטשן אַרויסרופן געוויסע סוביעקטיווע געשעענישן און איבער־לעבונגען, קיין נפקא־מינה ניט אין תּוך, צי די דאָזיקע סוביעקטיווע איבער־לעבּונגען זיינען ביי פאַרשיידענע מענטשן גלייך אָדער נאָר ענלעך, אַבי נאָר זיי זיינען תּמיד אויף איין אופן פאַרבונדן מיט די זעלביקע אָביעקטיווע סימבאָלן פון דער שפּראַך, פון דעם אויסגערעדטן אָדער אָנגעשריבענעם וואָרט. וואָס ענ־לעכער די סוביעקטן זיינען אין זייער פּסיכאָ־פיזיאָלאָגישן עצם, אַלץ ענלעכער וועלן אויך זיין זייערע סוביעקטיווע שפּירונגען און פאָרשטעלונגען; אַקעגן־זשע איז די שפּראַך אַ מיטל אויסצוגלייכן מער אָדער ווייניקער די שפּירונגען און איבערלעבענישן פון אַ גרופּע מענטשן. זי איז אַ הויפּטמיטל אָפּצוהיטן און צו אַנטוויקלען די האַרמאָניע און די אַחדות פון דער געזעלשאַפט, און דער שורש פון דעם, וואָס מ׳רופט מענטשלעכער גייסט אָדער פאָלקס־גייסט, ליגט אין דער שפּראַך.

8. איטלעכס פאָלק האָט אין זיין שפּראַך אַריינגעלייגט זיין גאַנצן שכל און טביעת-עין, די גאַנצע עשירות פון זיין נשמה, פון זיינע קענטעניש, פון זיין לעבעדיקער און היסטאָרישער דערפאַרונג, פון זיינע געדאַנקען, געפילן, חריפות און הומאָר. אין דער שפּראַך ווערט דורך דעם כוח-היצירה פון דעם פאָלקסגייסט איבערגעשאַפן אין געדאַנק, אין בילד, אין קלאַנג און אין פאַרב דאָס גאַנצע לעבן פון פאָלק. די שפּראַך איז דעריבער דער וויכטיקסטער און טייערסטער קנין פון יעדן פאָלק.

## די שפּראַכן פון דער וועלט און פון דעם יידישן פאָלק.

9. די פאַרשיידענע פּסיכאָלאָגישע תכונות פון די מענטשלעכע שבטים און אומות, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער מדרגה פון זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג, און די פאַרשיידענע געאָגראַפישע און קלימאַטישע השפעות האָבן געבראַכט צו דער אויסבילדונג פון אַ גאַנצער ריי שפּראַכן, דיאַלעקטן און ריידעניש. פעסט-שטעלן גענוי די צאָל שפּראַכן אויף דער וועלט איז זייער שווער, וואָרים ניט אַלעמאָל לאָזט זיך דורכפירן אַ גרעניץ צווישן צוויי נאָענטע שפּראַכן. דער באַ-רימטער שפּראַכפאָרשער מאַקס מילער האַלט, אַז די צאָל שפּראַכן אויף דער גאַנצער ערדקויל איז ניט ווייניקער פון 900. זיי ווערן אַלע איינגעטיילט אין אַ גרעסערער אָדער קלענערער, פון דער לינגוויסטיק ענדגילטיק נאָך ניט פעסטגעשטעלטער צאָל משפּחות, צ״ב, די סעמיטישע, די אַריש-איי-ראָפּעאישע, די חמיטישע, די טערקיש-טאָטערשע, די אוגריש-פינישע, די כינע-זישע א. אַנד.

10. די אַלטע נאַציאָנאַלע שפּראַכן פון דעם יידישן פאָלק, העברעאיש און אַראַמעאיש, געהערן צו דער סעמיטישער שפּראַך-משפּחה. די שפּראַך פון דער דאָזיקער משפּחה, דאָס רוב אויסגעשטאָרבענע, צום קליינעם טייל נאָך לעבעדיקע, האָבן געהערשט פון ארם-נהרים ביזן ים-התיכון און פון די אַרמענישע בערג ביזן דרומדיקן ברעג פון אַראַביע, און נאָך אין אַלטערטום האָבן זיי זיך פאַרשפּרייט פון אַראַביע אויס איבער עטיאָ-פּיע און אַבעסיניע (כוש און שבא) און דורך די פעניקישע קאָלאָניעס — איבער אַ סך אינזלען און ברעגלענדער פון דעם מיטללענדישן ים. זיי ווערן גרופּירט אין פאָלגנדיקע צווייגן: א) דרום-סעמיטישע אָדער אַראַבישע צווייג (אַראַביש און עטיאָפּיש — אין אַבעסיניע); ב) מיטלסעמיטישע אָדער כנענישע צווייג, צו וועלכער עס געהערן העברעאיש, פעניקיש (מיט דעם פונישן דיאַלעקט פון קאַר-טאַגאָ און אירע קאָלאָניעס); ג) צפון-סעמיטישע אָדער אַראַמעאישע צווייג, וועלכע צעפאַלט אין מזרח-אַראַמעאיש אָדער סיריש און מערב-אַראַמעאיש אָדער כאַלדעאיש, הגם אין ברייטערן זינען פאַרשטייט מען אונטער כאַלדעאיש דעם אַראַמעאיש-יידישן לשון בכלל, ד. ה. די יידישע שפּראַך, וואָס האָט פאַרנומען דעם אָרט פון העברעאיש. צו דער צפון-סעמיטישער צווייג רעכנט מען אויך צו די

מיט העברעאישע פאָרמען געמישטע שומרונישע שפּראַך; און ד) מזרח-סעמי-טישע צווייג.

צו דער מזרח-סעמיטישער צווייג געהערן די מעסאָפּאָטאַמישע דיאַלעקטן פון די בבל-אַשורישע פלעקל-שריפטן, די עלטסטע מאָנומענטן פון סעמיטיש, אויב מ׳זאָל ניט רעכענען מצריש, וואָס איז, אַ סברא, אויך אַ סעמיטישע שפּראַך, הגם די פאָרשונג פון דער אַלט-עגיפּטישער שפּראַך איז נאָך ניט אַזוי ווייט געקומען, אַז מ׳זאָל עס קאָנען זאָגן אויף זיכער. נאָך האַרבער איז די שאלה וועגן דער קרובותשאַפט פון די סעמיטישע שפּראַכן מיט די אַזויגערופענע חמיטישע. מיט דעם דאָזיקן נאָמען באַצייכנט מען די שפּראַכן פון די בער-בער אין צפון-אַפריקע און פון די אַזויגערופענע כושים אין אַבעסיניע און די שכנישע לענדער; צו זיי געהערן אפשר אויך די ריידענישן פון די שבטים אין מערב-סודאַן און אפילו די האָטענטאָטן אין דרום-אַפריקע. מ׳געפינט אַלנפאַלס אַ געוויסע ענלעכקייט אין די גרונד-שטריכן פון דער גראַמאַטישער קאָנסטרוק-ציע פון די דאָזיקע ביידע שפּראַכן-משפחות. אַקעגן-זשע האָבן אַלע פּרובן צו דערווייזן די קרובותשאַפט פון די סעמיטישע שפּראַכן מיט די אינדאָגערמאַנישע ביז אַהער ניט געבראַכט צו קיין שום ממשותדיקע רעזולטאַטן.

**11.** די העברעאישע שפּראַך (אין תנ״ך—שפת כנען, ישעיה י״ט; יהודית—מלכים ב׳, י״ח, נחמיה י״ג)—ביים פאָלק לשון-הקודש, איז אייגנטלעך איינער פון די דיאַלעקטן, וואָס די איינוואוינער פון פּאַלעסטינע האָבן גערעדט, נאָך איידער דאָס לאַנד איז איינגענומען געוואָרן פון די בני-ישראל. זי האָט זיך כמעט ניט אונטערגעשיידט פון דעם לשון פון די בני-מואב, בני-עמון און אפילו פון דער פעניקישער שפּראַך מיט איר פונישן דיאַלעקט. איר ירידה אַלס אומגאַנגס-שפּראַך פון יידישן פאָלק הייבט זיך אָן מיט דעם אונטער-גאַנג פון דער יידישער מלוכה (גלות בבל). צו דער צייט פון דער העלעניסטי-שער עפּאָכע פאַרנעמט די אַראַמעאישע שפּראַך אַלץ מער און מער איר אָרט, ביז זי ווערט די צווייטע נאַציאָנאַלע שפּראַך פון אונזער פאָלק.

**12.** די אַנדערע שפּראַכן, וואָס געוויסע יידישע קיבוצים האָבן זיך צוגעאייגנט אין געוויסע היסטאָרישע תקופות (למשל, גריכיש אין דער אַלעקסאַנדרינישער עפּאָכע, אַראַביש—אונטער דער הערשאַפט פון די קאַליפן) האָבן ניט באַוויזן צו ווערן יידישע נאַציאָנאַלע שפּראַכן אין דעם זין, ווי העברעאיש און אַראַ-מעאיש, און ערשט אין דער היינטיקער יידישער שפּראַך, וואָס איז געשאַפן גע-וואָרן ווי אַ סינטעז פון דייטשע דיאַלעקטן מיט עלעמענטן פון העברעאיש און אַראַמעאיש, איז צוריקגעפונען געוואָרן די צווייטע מאָל פאַרלוירענע נאַציאָנאַל-יידישע שפּראַך.

**13.** די דייטשע שפּראַך, וואָס פון איר האָט זיך אַנטוויקלט אונזער יידיש, געהערט צוזאַמען מיט ענגליש, נאָרוועגיש, שוועדיש און דעניש צו דער גרופּע גערמאַנישע שפּראַכן, אַ צווייג פון דער אַריש-אייראָפּעאישער אָדער אינדאָגער-מאַנישער משפחה, צו וועלכער עס געהערן נאָך קעלטיש, גריכיש, לאַטייניש,

די פון לאַטייניש אַרויסגעקומענע ראָמאַנישע שפּראַכן (פראַנצויזיש, שפּאַניש, איטאַליעניש, רומעניש), די סלאַווישע שפּראַכן (רוסיש, אוקראַיניש, ווייסרוסיש, פּויליש, טשעכיש, בולגאַריש, סערביש), די באַלטישע שפּראַכן (ליטוויש, לע־טיש), אַלבאַניש, אינדיש, פּערסיש און אַרמעניש. אין דער יידישער שפּראַך האָבן זיך אַלזאָ פאַראייניקט עלעמענטן פון צוויי שפּראַך־משפחות, ווייטע איי־נע פון דער אַנדערער כּרחוק מזרח ממערב — אינדאָגערמאַנישע מיט סעמיטישע.

**14.** די יידישע שפּראַך, ד. ה. די שפּראַך פון די יידן, איז אַלזאָ ניט די קדמונישע שפּראַך פון דעם יידישן פאָלק און ניט פון קדמונים אָן טראָגט זי דעם דאָזיקן נאָמען. אין די עלטערע ווערק און דאָקומענטן אויף יידיש הייסט זי טייטש (אָדער אויף העברעאיש — לשון אשכנז), ביי די אַלטע קריסטלעכע יידישיסטן — יידיש־טייטש. די משכּילים האָבן זי געקרוינט מיט דעם נאָמען „זשאַרגאָן", וואָס שפּיגלט אָפּ זייער פאַראַכטלעכע באַציאונג צו איר. ביים פאָלק, וואָס פילט די שפּראַך ווי זיין אייגנס, האָט זי ניט קיין אַנדער נאָמען ווי יידיש, און דער דאָזיקער נאָמען דרינגט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער דורך אויך אין דער ליטעראַטור אויף יידיש פאַר די לעצטע הונדערט יאָר. זי הייסט אויך פּראָסט יידיש, גאָטס יידיש, מאַמע־לשון, און יעדערער פון די דאָ־זיקע נעמען איז פיין ניואַנסירט. אין קעגנזאַץ צו דער לעבעדיקער פאָלקס־שפּראַך הייסט די אַרכאַאיזירנדיקע שפּראַך פון די יידישע רעליגיעזע (אָדער „געטליכע") ספרים — עברי־טייטש.

## די אַנטשטייאונג און עלטער פון דער יידישער שפּראַך.

**15.** ביי דעם איצטיקן מצב פון דער יידישער פילאָלאָגיע איז אוממיגלעך געווען פעסטצושטעלן, ווי אַלט איז די יידישע שפּראַך. אין דעם פּרט איז אין תוך ניטאָ קיין נפקא־מינה צווישן יידיש און אַנדערע שפּראַכן, וואָס אויך בנוגע זיי לאָזט זיך ניט באַשטימען אויף זיכער דער צייטפּונקט, ווען זיי זיינען אַנט־שטאַנען. ספּעציעל אָבער בנוגע צו דער יידישער שפּראַך האָט די פראַגע וועגן דער צייט פון איר אַנטשטייאונג אַ ביסל אַן אַנדער זינען, דהיינו: ווען איז די איבערגענומענע פרעמדע דייטשע שפּראַך אַוועק אויף דעם וועג פון אַ זעלבּ־שטענדיקער אַנטוויקלונג, ד. ה. ווען זיינען אין דער יידיש־דייטשער שפּראַך בולט געוואָרן די עלעמענטן, וואָס מאַכן זי פאַר אַ יידישער שפּראַך. דער ערשטער תּנאי דערצו אָבער האָט געמוזט זיין דער פאַקט, אַז די פרעמדע דייטשע שפּראַך זאָל ווערן די שפּראַך פון אינווייניקסטן יידישן לעבן. דאָס האָט נאַ־טירלעך ניט געקאָנט געשעען פריער, איידער דאָס יידישע פאָלק האָט ניט גע־שאַפן אין דייטשלאַנד אַ פעסטן, מער אָדער ווייניקער קאָמפּאַקטן יידישן ישוב. מיר מוזן דעריבער אין אונזער פאַל לאָזן אָן אַ זייט די ערשטע האַלב־לעגענ־דאַרישע עפּאָכע פון דער יידישער געשיכטע אין דייטשלאַנד, וועלכע גרייכט שיר ביז אין דער צייט פון בית־שני, און אפילו — דעם יידישן ישוב, וועגן

וועלכן מיר האָבן שוין זיכערע ידיעות (למשל, וועגן דער יידישער קהילה אין קעלן אין אָנהייב IV יר"ה), און די גרעניץ, פון וואַנען אויס אויסצופאָרשן די אַנט־שטייאונג פון יידיש, אַריבערטראָגן ערשט אין דער צייט, ווען אין דייטשלאַנד האָבן זיך אָנגעהויבן צו שאַפן שטענדיקע יידישע קהילות, ד. ה. אין X און XI יר"ה. ווען מיר געפינען שוין אַזעלכע קהילות אין מעץ, טריר, קעלן, מאַינץ, וואָרמס, שפּייער, רעגנסבורג, מאַגדעבורג, מערזעבורג. אין דער דאָזיקער צייט ליגט דער אָנהייב פון דער יידישער קולטור אין דייטשלאַנד, און אויך די יידישע שפּראַך. איינע פון די גרעסטע שאַפונגען פון דער דאָזיקער קולטור, האָט זיך אָנגעהויבן אויסצובילדן אין דער דאָזיקער צייט. מיט דעם מאָמענט, ווען די דייטשע שפּראַך איז אַריינגעדרונגען אין דעם אינווייניקסטן יידישן לעבן און שאַפן, איז געלייגט געוואָרן דער ערשטער יסוד צו דער קומענדיקער יידישער שפּראַך. אין וואָס נעענטער צו דעם דאָזיקן מאָמענט, אַלץ ווייניקער האָט זיך דאָס יידיש־דייטש אָפּגעשיידט פון דער שפּראַך פון דער ניט־יידישער סביבה, אַלץ שוואַכער זיינען געקומען צום אויסדרוק די כוחות, סיבות און ווירקונגען, וועלכע האָבן מיט דער צייט גורם געווען, אַז דאָס יידישע דייטש זאָל מגולגל ווערן אַפריער אין יידיש־דייטש, און שפּעטער אויך אין יידיש—אין אַ באַזונדערער זעלבשטענדיקער שפּראַך.

**16.** איינע פון די דאָזיקע ערשטע סיבות איז געווען די פאַרווענדונג פון דעם יידישן (העברעאישן) אלף־בית פאַר דער פרעמדער שפּראַך. דורך דעם פאַקט אַליין, וואָס די פרעמדע דייטשע ווערטער זיינען אָנגעקליידט געוואָרן אין היימישע יידישע אותיות, איז געשאַפן געוואָרן אַ מחיצה צווישן דייטש און דער שפּראַך, וואָס מיר רופן איצט יידיש. דאָס יידישע דייטש איז געוואָרן בעל־הבית פאַר זיך און האָט זיך שוין געוויינטלעך ניט געקאָנט באַנוגענען מיט דעם יידישן לבוש אַליין, נייערט האָט געזוכט אַריינצוברענגען אין דעם ביי־איבערגענומענעם פרעמדן שפּראַך־אָרגאַניזם דעם יידיש־נאַציאָנאַלן גייסט, אַפריער דורך די העברעאישע און אַראַמעאישע אויסדרוקן און מיט דער צייט—דורך דער גאַנצער סיסטעם מיטלען, וואָס האָבן איבערגעגאָסן און איבערגעפורימט דעם דאָזיקן אָרגאַניזם אויף אַ באַזונדערן אייגנאַרטיקן שטייגער.

אָבער די דאָזיקע פאַריידישונג פון דער דייטשער שפּראַך איז געווען אַ לאַנגער און לאַנגזאַמער אינווייניקסטער פּראָצעס, ביי וועלכן עס איז ניט שייך צו ריידן וועגן אַ באַשטימטן, אָפּגעגרעניצטן אָנהייב־פּונקט.

**17.** אַ געוויסע אָריענטאַציע אין דער פאַרפּלאָנטערטער פראַגע וועגן דער עלטער פון דער יידישער שפּראַך וואָלט אונז געקענט געבן די עלטסטע יידישע ליטעראַטור. ליידער אָבער קאָן אויף זיכער ניט פעסטגעשטעלט ווערן די צייט פון די עלטסטע ליטעראַרישע דאָקומענטן אויף יידיש, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונז, און אגב בלייבט דאָך נאָך אויך דאַן די פראַגע, צי זיינען אויך אין אַ פריערער עפּאָכע ניט געווען קיין ליטעראַרישע ווערק אויף יידיש, וועלכע זיינען פאַרלוירן געגאַנגען. דאָס לייגט זיך זייער אויפן שכל, ווען מ'נעמט אין

אַכט, אַז אין דער באַציאונג צו יידיש אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער איז ניט געווען קיין יראת־הכבוד, וואָס זאָל טרייבן אָפּצוהיטן די ווערק אויף יידיש מיט דער זעלביקער איבערגעגעבנקייט ווי די לשון־קודשדיקע. אדרבא, ט׳איז נאָך געווען חידוש, ווי אַזוי מיר האָבן פּאָרט אויפגעהיט יידישע כּתבי־יד, וואָס זיינען לכל־הדעות ניט יינגער פון אַ האַלבן טויזנט יאָר. דערצו קומט נאָך צו דער אומשטאַנד, וואָס די ווערק אויף יידיש זיינען דערהויפּט באַשטימט געווען פאַר דער ברייטער פאָלקס־מאַסע, וועלכע האָט זיך ניט געקאָנט פאַרגינען דעם לוקסוס פון קויפן די טייערע מאַנוסקריפּטן, און דעריבער האָט די צאָל פון די דאָזיקע מאַנוסקריפּטן ניט געקענט זיין איבעריקס גרויס. אָבער נאָך דער אויסגעפינונג פון דער בוכדרוקעריי, וואָס איז גלייך געוואָרן פאַר די יידן אַ מעכטיקער פאַקטאָר צו פאַרשפרייטן די ליטעראַטור אויף לשון־קודש, האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ אומ:עהייערער אויפבלי און וואוקס פון דער ליטעראַטור אויף יידיש, און דאָס וואָלט ניט געקאָנט געמאָלט זיין אָן דעם פאַקט פון אַ טיף אין יידישן לעבן איינגעוואָרצלטן יידישן לשון. וועגן דעם, אַז די ערשטע געדרוקטע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור האָבן געהאַט אָפּט פאַר זיך האַנטשריפטלעכע טעקסטן, האָבן מיר אַגב אַ קלאָר גבית־עדות אין דער ערשטער געדרוקטער יידישער סידור־איבערזעצונג פון יוסף בן־יקר (**1544**), וועלכע רעדט וועגן די שלעכטע איבערזעצונגען פון די תּפילות, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרן פאַר אים. אַז חיבורים אויף יידיש זיינען געווען אין XIV יר״ה, ווייזט אויס אויך פון דעם מהריל״ס ווערטער: „חרוזות ומשקלות שעושין בלשון אשכנז על היחוד ועל י״ג עקרים״.

**18.** די עלטסטע שפּורן פון דער דייטשער שפּראַך אין יידישע ווערק און מיט יידישע אותיות געפינען מיר אין דער פאָרם פון איינציקע טייטשווערטער אין די דערקלערונגען און הגהות פון רש״י, אליעזר בן נתן, ר׳ מאיר פון ראָטנבורג א. אַנד. די עלטסטע כּתבי־יד פון יידיש־העברעאישע ווערטערביכער שטאַמען, אַ סברא, שוין פון XIII און XIV יר״ה, למשל אַ כּתב־יד אין דער מינכענער קיניגלעכער ביבליאָטעק, וואָס אַנטהאַלט אַן אויסצוג פון דעם באַרימטן העברעאיש־אַראַמעאישן גרויסן „ערוך השלם״, וועלכער ברענגט זייער אַ סך דייטשע ווערטער צו דערקלערן די אויסדרוקן פון תּלמוד. פאַר אונזער פאַל איז באַזונדערס וויכטיק אָנצוווייזן, אַז די דאָזיקע דייטשע ווערטער, געשריבענע מיט יידישע אותיות, ווערן געברויכט אַלס זעלבסטפאַרשטענדלעכע. אַן אַנדערש מאָל ווערן זיי איינגעפירט מיט ב ל ע ״ז, אַן אַנדערש מאָל — ב ל ש ו ן א ש כ נ ז, טיילמאָל אָן אַ שום באַמערקונג, טיילמאָל אָבער אויך מיט ב ל ש ו נ נ ו — „אין אונזער שפּראַך״ — און צום אָפטסטן מיט ש ק ו ר י ן — „וואָס מ׳רופט״, — אַ באַשיינפּערלעכע ראיה, אַז צו דער צייט, ווען דער דאָזיקער כּתב־יד איז געשריבן געוואָרן, איז די דייטשע שפּראַך שוין געווען איינגעוואָרצלט ביי די יידן אין דייטשלאַנד. און צונויפגעשטעלט געוואָרן איז דער דאָזיקער כּתב־יד, לויט די פעסטע ראיות פון פּערלעס, ניט שפּעטער פון XIV און אפשר

גאָר אין XIII יר״ה, הגם גרינבוים האַלט, אַז ער שטאַמט פון XV יר״ה. צו דערזעלביקער צייט געהערט אויך אַ האַנטשריפטלעכער גלאָסאַר צו ישעיה און תּרי־עשר, וואו אַלע שווערע ווערטער ווערן דערקלערט דורך אַ באַקאַנטערן העברעאישן וואָרט און דורך דייטשע ווערטער, וואָס אַ סך פון זיי געפינען מיר אויך אין די איבעריקע אַלט־יידישע ספרים, אַ סך — נאָר אין דעם כּתב־יד. גרינבוים, וואָס ברענגט אין זיין כרעסטאָמאַטיע אַ ריי ווערטער פון די ביידע אויבנדערמאָנטע אַלט־יידישע כּתבי־יד, ברענגט אויך אויסצוגן פון אַ האַנט־שריפטלעכער איבערזעצונג פון מחזור אויף אַלט־יידיש, וואָס שטאַמט אויך, אַ סברא, פון XIV יר״ה.

19. פון די אַלט־יידישע מחברים פון יענער ווייטער עפּאָכע זיינען אונז באַקאַנט ר׳ אליהו בן משה בלין (1393), עמנואל פון סאַלאָניק (מחבר פון אַ רפואות־בוך, 1499), ר׳ יצחק בן אליעזר, אַ תּלמיד פון רב משה בן אליעזר הדרשן (דער מחבר פון דעם אַלט־יידישן מוסר־ספר „ספר הגן״, אינמיטן XV יר״ה), רב זעלמעלין בר יקר (אַ העברעאיש־יידישער דיכטער, וועלכער האָט געלעבט אין דער ערשטער העלפט פון XV יר״ה אין ערפורט און איז גע־שטאָרבן אין יאָר 1456). אַ מאָנומענט פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור מיט אַ זיכערער דאַטע איז די תּהילים־איבערזעצונג פון יאָר 1490, וואָס האָט שוין העברעאישע עלעמענטן.

20. פון די עלטסטע יידישע ליטעראַרישע דאָקומענטן קאָן מען אויך ניט דרינגען מיט פולער זיכערקייט וועגן דעם כאַראַקטער פון דעם גערעדטן יידיש. וואָרים עס איז נאָך גאָרניט געזאָגט, אַז די יידישע פאָלקסשפּראַך האָט געפונען אַ געטריעם אויסדרוק אין די ווערק פון דער אַלטער יידישער ליטעראַטור. אדרבא, עס איז דאָ אַ סך מער גרונד אָנצונעמען, אַז אין דער שריפטלעכער שפּראַך האָבן די מחברים געזוכט זיך צו האַלטן אַ סך נעענטער צו דער דייטשער שפּראַך ווי דער יידישער פאָלקסמענטש ביים ריידן. די שפּעטערדיקע יידישע ליטעראַטור גיט אונז אַ געטרייען בולט בילד, ווי אַזוי די ליטעראַרישע שפּראַך, וועלכע איז געבליבן פאַרגליווערט אין אַרכאַאישע פאָרמען, האָט זיך אַלץ מער דערווייטערט פון דעם לעבעדיקן לשון פון פאָלק. אין דעם פּרט זיינען שוין אַ סך וויכטיקער די יידישע טעקסטן פון די שאלות־ותּשובות, וואו די גערעדטע שפּראַך האָט געמוזט איבערגעגעבן ווערן מיט דער געהעריקער גענויקייט, וואָ־רים פון איין וואָרט איז טיילמאָל אַ סך אָפּגעהאַנגען, און מען האָט דאָס גבית־עדות דערום פאַרשריבן פּינקטלעך. און אין די עלטסטע שו״ת, וואו עס זיינען דאָ יידישע טעקסטן, למשל, ביי מהר״י ברונא (לערך 1450) און מהר״י ווייל (אויך אַרום דער צייט) געפינען מיר שוין טאַקע העברעאישע ווערטער און דווקא אַזעלכע, וואָס האָבן ניט צו טאָן מיט די ספּעציעל יידישע באַ־גריפן — אַ ראיה, אַז די שפּראַך האָט שוין געמוזט דורכמאַכן ביז דאַן אַ היפּשע אַנטוויקלונג.

נאָך וויניקער קאָנען מיר עפּעס דרינגען וועגן דעם כאַראַקטער פון דעם

עלטסטן יידיש אויס די לידער פון דעם באַרימטן יידישן מינעזינגער זיסקינד פון טרימבערג (XIII יר״ה), געשריבענע אין אַ ריינעם דייטש, וואָרים אויך אין יענער ווייטער עפּאָכע האָבן מיר געקאָנט האָבן ערשיינונגען פון פולקומער אַסימילאַציע מיט דער פרעמדער סביבה און איר שפּראַך.

21. בכלל מוז מען זאָגן, אַז די פראַגע וועגן דער אַנטשטייאונג און עלטער פון דער יידישער שפּראַך, ווי אויך וועגן איר געשטאַלט אין דער ערשטער עפּאָכע פון איר אַנטוויקלונג איז אַ ביסל פאַרדרייט געוואָרן פון די דייטשע חכמי-ישראל דורך זייער דייטש-פּאַטריאָטישער נטיה צו דערווייזן, אַז די יידן האָבן אין דייטשלאַנד גערעדט „איין ריינעס אונד עכטעס דויטש" (גידעמאַן) און אַז די „פאַרדאַרבונג" פון דער שפּראַך (וואָס פאַר אונז איז עס אייגנטלעך די אַנטוויקלונג צו אַן אייגענער שפּראַכלעכער אינדיווידואַליטעט) האָט זיך אָנגעהויבן ערשט אין די סלאַווישע לענדער, וואוהין די יידן האָבן אַריבערגעוואַנדערט נאָכדעם, ווי זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון פאַרשיידענע דייטשע מדינות.

22. אויך אין דער פראַגע, וועלכער דייטשער דיאַלעקט האָט געבילדעט דעם יסוד פאַר דער יידישער שפּראַך, זיינען די פאָרשער פון יידיש ניט געקומען צו אַ ענדגילטיקן הסכם. איינס קאָן אָבער פעסטגעשטעלט ווערן אויף זיכער — אַז דעם מאַטעריאַל צו דער אויסבילדונג פון דער יידישער שפּראַך האָבן געגעבן פאַרשיידענע דייטשע דיאַלעקטן פון דער הויכדייטשער גרופּע, דאָס אַזוי גערופענע מיטלהויכדייטש, און אַז פון נידערדייטש זיינען אין יידיש פאַרהאַן העכסטנס נאָר שוואַכע שפּורן. אין דעם גייען זיך צונויף, ביי אַלע זייערע חלוקי-דעות, כמעט אַלע לינגוויסטן, וואָס האָבן זיך מיט דער דאָזיקער פראַגע פאַרנומען, ווי יאָסט, ב. י. באַבאַד, פ. בלאָך, סענעאַן, גערצאָן, ריכאַרד לעווע א. אַנד. דאָס שטימט אויך מיט דעם היסטאָרישן פאַקט, וואָס דער צענטער פון דעם יידישן לעבן אין דער לעצטער תקופה פון מיטלעלטער, ווען די יידישע שפּראַך האָט זיך אָנגעהויבן אויסצובילדן, איז געווען אין דרום-(אייבער-)דייטשלאַנד און אין עסטרייך, בשעת ווען אין צפון-דייטשלאַנד, אין דעם געביט פון דער נידערדייטשער שפּראַך, זיינען כמעט קיין יידן דאַן ניט געווען.

נאָר אווע-לאַלעמאַן וויל דעם מקור פון געוויסע עלעמענטן פון דער יידישער שפּראַך זעען אין נידערדייטש, און אויך ריכאַרד לעווע האַלט דעם סימן פון רבים — ס אין יידיש (למשל, וואָלקנס, לערערס) פאַר אַ נידערדייטשן עלעמענט, וואָס האָט אויפן באָדן פון דער יידישער שפּראַך געפונען גינסטיקע באַדינגונגען צו אַנטוויקלען זיך, וואָרים יידיש האָט שוין געהאַט די דאָזיקע פאָרם אין דער מערצאָל פון אַ סך העברעאישע ווערטער אויף -ות (צ״ב, מצווה — מצוות = מיצווע — מיצוועס). יאָסט האָט אין דעם דאָזיקן ס אַלס סימן פון רבים געזעען אַ אַנאַלאָגיע פון דער פראַנצויזישער פלוראַלישער ענדונג S און אָנגעווענדט עס צו דערווייזן, אַז די יידישע שפּראַך איז געבוירן געוואָרן ביי די

פראַנצויזישע יידן, נאָכדעם ווי זיי זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון פראַנקרייך און זיך באַזעצט אין די ריינישע פּראָווינצן.

## די פאַרשפּרייטונג פון דער יידישער שפּראַך אריבער די גרעניצן פון דייטשלאַנד.

**23.** די גזרות, רדיפות און גרושים אויף דעם יידישן קיבוץ אין דייטש־לאַנד, וואָס האָבן אין דעם XIV און XV יר"ה אָנגענומען אַ קאַטאַסטראָפאַלן כאַראַקטער, האָבן געצוואונגען די דייטשע יידן צו נעמען זיך פאַרן וואַנדער־שטעקן, און זייער יידיש־דייטשער לשון האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן אַריבער די גרעניצן פון זיין געבוירנלאַנד. די הויפּט־עמיגראַציע פון די דייטשע יידן איז געגאַנגען אין די סלאַווישע לענדער פון מזרח, קיין פוילן און ליטע, און די יונגע יידישע שפּראַך הייבט זיך אָן אַלץ מער צו באַפעסטיקן אין דעם נייעם ישוב פון דעם אייראָפּעאישן יידנטום, אַזוי אַז צום אָנהייב פון XVI יאָרהונדערט איז די יידישע שפּראַך די הערשנדיקע אין גרויס־פוילן (פויזנער קאַנט), קליין־פוילן (קראָקער און לובלינער פּראָווינצן), וואָלין, פּאָדאָליע און גאַליציע, אין ליטע און אפילו אין ווייטן ווייסרוסלאַנד, אויף דער גרעניץ פון דער מאָסקוויטערישער מדינה. דער טעזיס, וואָס אייניקע פאָרשער האָבן גע־וואָלט דערווייזן, אַז אין די דאָזיקע לענדער איז די אומגאַנגס־שפּראַך פון די יידן געווען סלאַוויש, איז אָפּגעפרעגט געוואָרן פון דעם היסטאָריקער ש. דוב־נאָוו, וועלכער האָט מיט דאָקומענטן אין די הענט דערוויזן די גאַנצע אומהאַפּ־טיקייט פון דער „סלאַווישער" טעאָריע.

**24.** אָבער ניט נאָר אין די דייטשע און סלאַווישע לענדער האָט זיך פאַרשפּרייט די יידישע שפּראַך. אויף דער גרעניץ פון מיטלעלטער און דער נייער צייט טרעפן מיר זי שוין אויך אין צפון־איטאַליע און אַפילו אין אָריענט. אין דעם פרט איז אינטערעסאַנט דאָס עדות פון דעם נידעררייניש ריטער אַר־נאָלד פאָן־האַרף (אין דער באַשרייבונג פון זיין נסיעה צו די הייליקע ערטער (1499—1496) פון קעלן דורך איטאַליע, סיריע, מצרים, אַראַביע, עטיאָפּיע, נוביע, ארץ־ישראל, טערקיי, פראַנקרייך און שפּאַניע), אַז אין אַ סך ערטער פון זיין פּילגערשאַפט האָט ער געטראָפן דייטש־ריידנדיקע יידן, אַפילו אין „די היידנישע און טערקישע שטעט". דער פרומער פּיליגרים האַלט דערביי פאַר זיין חוב צו וואָרענען זיינע לאַנדסלייט פאַר די יידן אין ירושלים, וועלכע „פאַר־שטייען אַלע דייטש".

**25.** אויך אין די מערב־אייראָפּעאישע לענדער האָט זיך די יידישע שפּראַך באַפעסטיקט אַלץ מער און מער, אַזוי אַז אין XVIII יר"ה האָבן מיר שוין פאַר זיך דעם מערקווירדיקן היסטאָרישן פאַקט—אַ לעבעדיקע יידישע שפּראַך, וואָס פאַרבינדט אין איין גאַנצהייט די ווייט גרעסטע מערהייט פון דעם יידישן פאָלק.

וועגן דער פאַרשפּרייטונג פון דער יידישער שפּראַך שרייבט, למשל, אין

יאָר 1750 דער קריסטלעכער יידישיסט קריזאַנדער אין דער הקדמה צו זיין „Jüdisch-teutsche Grammatik“: „מיט יידיש=טייטש באַדינען זיך די יידן צווישן זיך אין שרייבן און ריידן אין גאַנץ דייטשלאַנד, אין ביימען, אין מערן, אין אונגאַרן, אין פוילן, אין פעטערבורג, אין דער גרויסער און קליינער או=קראַינע, אין אַוויניאָן וואָס אין פראַנקרייך, אין לאָטאַרינגיע, אין עלזאַס, ווי אויך גרעסטנטיילס אין האָלאַנד, אויב זיי קענען אפילו די לאַנדשפראַך“. די יידן האָבן, אַלזאָ, לויט די ווערטער פון דעמזעלביקן קריזאַנדער, מיט פולן רעכט געמעגט באַהויפּטן, אַז מיט דער הילף פון דער יידישער שפּראַך קאָן מען אויספאָרן די גאַנצע וועלט.

אויך דער יידיש=דייטשער היסטאָריקער יאָסט, איינער פון די ערשטע יידן, וואָס האָבן געשענקט מער אָדער ווייניקער אויפמערקזאַמקייט דער פאָר=שונג פון דער יידישער שפּראַך, נאָטירט אין זיין אַרטיקל וועגן יידיש אין ערש און גרובערס ענציקלאָפּעדיע (1837), אַז יידיש= טייטש איז ביז אין דעם איצ=טיקן יאָרהונדערט אַריין געווען די שפּראַך פון די דייטשע יידן אין דייטשלאַנד, אין מזרח=פראַנקרייך, אין נידערלאַנד, אין די דייטשע קהילות פון לאָנדאָן, אין דענעמאַרק, אין שוועדן, אין גאַנצן רוסישן פוילן און אין ביירוסלאַנד, אין מאָלדאַוויע און וואַלאַכיע, אין סערביע און באָסניע, אין אונגאַרן, אין צפון=איטאַליע און אין שווייץ“.

## די ירידה פון דער יידישער שפּראַך אין די מערב-אייראָפּעאישע לענדער.

**26.** די ירידה פון דער יידישער שפּראַך אין די מערב=אייראָפּעאישע לענדער האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צווייטער העלפט פון XVIII יאָרהונדערט, ווען דער אַלטער, אין משך פון הונדערטער יאָרן איינגעפונדעוועטער לעבנס=שטייגער פון די יידן אין דייטשלאַנד האָט זיך אָנגעהויבן צו צעפאַלן אונטער דעם דרוק פון די נייע סאָציאַל=עקאָנאָמישע פאַקטאָרן, וועלכע האָבן אַרויסגע=רופן די באַוועגונגען פון דער אַזוי=גערופענער בערלינער השכלה און אַסימי=לאַציע. אין דער ליטעראַטור אויף עברי=טייטש, וואָס האָט זיך אַזוי מעכטיק צעבליט פאַר דעם משך פון דער דרייהונדערטיאָריקער תּקופה זינט דעם XV יר״ה, קומט אָן אַ קריזיס. די הויכדייטשע שפּראַך רייסט זיך אַלץ מער אַריין אין דעם ליטעראַרישן שאַפן פון דעם יידישן קיבוץ אין דייטשלאַנד. און אויב איידער מענדעלסאָנס הויכדייטשער איבערזעצונג פון תּנך (1770 און 1783) האָבן מיר נאָר צו טאָן מיט איינציקע ערשיינונגען פון הויכדייטשע חיבורים, געשרי=בענע דורך יידן, האָט דער באַרימטער פילאָסאָף פון דעסוי מיט זיין דירעקטן קאַמף קעגן דער „פאַרדאָרבענער שפּראַך“ גיך געשאַפן אַן אַטמאָספערע, אין וועלכער די יידישע שפּראַך האָט אָנגעהויבן אַלץ מער צו פאַרלירן דעם חן ביי דער יידיש=דייטשער אינטעליגענץ.

27. דער אונטערגאַנג פון דער יידישער שפּראַך אין דייטשלאַנד, באַ-גינסטיקט דורך דער מוראַדיקער אַסימילאַציע אין אָנהייב פון XIX יאָרהונדערט, איז אָבער ניט געשעען איבער נאַכט. אָרימע רעשטן פון דער דאָ גאָר ניט לאַנג בליענדיקער ליטעראַטור האָבן זיך נאָך לאַנג געצאַפּלט, הגם פאַרמשפּטע צום טויט אין דער אַטמאָספערע פון אַ פולקום צעפאַלנדיקן יידנטום. אַפילו צווישן מענדעלסאָנס חברים האָט זיך געפונען איינער, און ניט קיין קלענערער ווי אהרן וואָלפסאָן האַלע, דער רעדאַקטאָר פון „מאסף“, וועלכער האָט אין זיין לוסטשפּיל „לייכטזין און פרעמעליי“, דעם ערשטן פּרוב אויפן פעלד פון דער יידישער קאָמעדיע, אונז איבערגעלאָזן אַ זכר לחורבן פון דער יידישער ליטעראַטור אין דייטשלאַנד. איינס פון די לעצטע ווערק אויף יידיש, געשאַפן אין דייטשלאַנד, איז אויך די קאָמעדיע פון יוסף הערץ „אסתּר אָדער די בע-לאָהנטע טוגענד“ (פירט, 1828, מיט אַ הקדמה אין דייטש, אַזוי ווי ביי וואָלפ-סאָנען) — „אין יידיש-דייטשער מונדאַרט“, וועלכע האָט אפילו דערלעבט אין 1854 אַ צווייטע אויפלאַגע, „כדי נאָכצוגעבן דעם פילזייטיקן פאַרלאַנג פון עולם“, ווי דער מחבר זאָגט אונז בפירוש.

28. אויך אין דער הויפּטשטאָט פון דער געוועזענער דונאַיער מאָנאַרכיע זיינען נאָך אין די פערציקער יאָרן פון XIX יר״ה געווען פּרובן פון אַ זעלב-שטענדיקן יידישן טעאַטער. אַ געוויסער י. בידערמאַן האָט אָנגעשריבן „אין יידישן דיאַלעקט מיט אַ סך טאַלאַנט“ און „אַ רייכן אוצר וויץ“ טעאַטערשטיק, וועלכע האָבן מיט עכטן הומאָר געשמיצט די חסרונות פון די יידן און אויסגע-לאַכט די דאַמאָלסטיקע פּני פון דער יידישער אַריסטאָקראַטיע. די דאָזיקע טעאַטער-שטיק, אַריבערגעלייגט אויף מוזיק פון אַ פּראָפעסאָר פון קאָנסערוואַ-טאָריע פישהאָף, זיינען אין יענער צייט אויפגעפירט געוואָרן צו וואוילטע-טיקע צוועקן און „אין דער אויפפירונג האָבן זיך באַטייליקט די חשובסטע פּער-זענלעכקייטן פון דער דאַמאָלסטיקער יידישער ווינער קהילה“. זי האָט אויך גע-געבן הכנסה פון 11 000 פלאָרין, פאַר יענער צייט אַ קאָלאָסאַלע סומע. אַ פּאַרס, וואו עס ווערן קריטיקירט יידישע קהלשע ענינים, האָט נאָך פריער אָנגעשריבן אין יידיש-אונגאַרישן דיאַלעקט דער באַרימטער דייטשער הומאָריסט מ. ג. סאַ-פיר („דער פאַלשע קאַשטאַן“ 1820; פאַרעפנטליכט אין „מאַדיאַר זשידאָ סעמלע“, 1900).

29. אָבער דאָס זיינען אַלץ געווען די לעצטע אָפּקלאַנגען פון דער יידי-שער מוזע אין דייטשלאַנד און דייטש-עסטרייך. איבערבלייבסן פון יידיש אין דער אומגאַנגס-שפּראַך האָבן זיך געוויינטלעך געהאַלטן אַ סך איינגעשפּאַרטער. נאָך אין דער ערשטער העלפט פון דעם XIX יר״ה האָט יידיש געהערשט אין די קרייזן פון דער יידיש-דייטשער אינטעליגענץ, און לאַסאַל, למשל, דערציילט אין זיין טאָגבוך, אַז ביי זיי אין פאַמיליע האָט מען גערעדט יידיש. און אפילו אין יאָר 1893 האָבן די פירער פון די יידן אין דער דייטשער אימפּעריע, די ראַבינער פון די באַצירקן, געהאַלטן פאַר נייטיק צו לאָזן איבערלייענען אין די יידישע סינאַ-

גאָגעס פון דייטשלאַנד צירקולאַרן, אין וועלכע מ'בעט רחמים „די גלויבנסגענאָסן" אויסצומיידן דאָס „מוישעלן". די נידעריקע יידישע האַנדלסלייט „מוישעלן" נאָך אין דייטשלאַנד עד־היום. אַ יידישלעך געפאַרבט דייטש האָט זיך אויך דערהאַלטן אין דער סביבה פון פראַנקפורט־דמאַין, אין די דערפער פון בייערן, באַדן, ביי־מען, מערן, שלעזיע און דערהויפט אין עלזאַס־לאָטאַרינגיע. איינציקע העברע־אישע ווערטער האָבן זיך דורך דער פאַרמיטלונג פון יידיש אויפגעהיט ביזן היינטיקן טאָג אין דער ריינער הויכדייטשער שפראַך ביי דאָס רוב אפילו געבילדעטע דייטשע יידן, אין זייער אינטימערן שמועס, און געפינען פרינציפיעלע אָנהענגער און פאַרטיידיקער אין פאַרשיידענע, אפילו ערשטקלאַסיקע פערזענלעכקייטן, וואָס פאַרשטייען און פילן, וויפיל אייגנאַרטיקס און יידישס עס איז פאַרלאָרן געגאַנגען מיט דער פאַרשווינדונג פון דער יידישער שפראַך אויס דעם מויל פון די דייטשע יידן. העכסט אינטערעסאַנט און באַלערעוודיק איז אין דעם פרט די מיינונג פון דעם באַרימטן שפראַכפילאָסאָף, דעם גרינדער פון דער פעלקער־פסיכאָלאָגיע, פראָפעסאָר חיים שטיינטאַל. דער דאָזיקער גרויסער אַוטאָריטעט און פיינפיליקער געלערנטער דערמאָנט מיט עגמת־נפש דאָס יידיש, וואָס פאַר־שווינדט אויף דעם געביט פון דער דייטשער שפראַך, „דאָס איידעלע יידיש, וואָס איז אין די פריערדיקע יאָרהונדערטער פאַרוועגדט געוואָרן פאַר פאַרשיי־דענערליי וויסנשאַפטלעכע וויכוחים, בפרט פאַר דער רעליגיאָנספילאָסאָפיע". און פול פאַרשטענדעניש פאַר פסיכאָלאָגישע ווערטן, האָט זיך שטיינטאַל איינ־געשטעלט, אַז די יידישע עלעמענטן זאָלן אויפגעהיט ווערן אויך אין הויכדייטש אין דעם פאַרקער פון יידן צווישן זיך: „ווי עס איז נאַריש צו פאַרטרייבן אַלע פרעמד־ווערטער פון דעם דייטשן שפראַכגעברויך פון דער דייטשער אומה, אַזוי קאָן קיינער ניט נעמען פאַר אומגוט, ווען דער ייד פלעכט אַריין אין דער ריינער שטרענגער דייטשער רעדע ווערטער, וואָס זיינען אַנטליען פון יידיש־דייטש".

**30.** און אין די לעצטע יאָרן, ווען די באַטייטונג פון יידיש אַלס ערשט־ראַנגיקער פאַקטאָר פון דער נאַציאָנאַלער קולטור איז קלאָר געוואָרן אויך פאַר די פאָרשטייער פון דער בעסערער יידיש־דייטשער אינטעליגענץ, האָט זיך אין דייטשלאַנד דערוועקט אַ גרויסער אינטערעס צו דער לעבעדיקער שפראַך פון דעם יידישן פאָלק; אַדאַנק דער טעטיקייט פון דעם „איידעלן ריטער פון מזרח־יידנטום", ד"ר נתן בירנבוים, איז אין דייטשלאַנד אַלץ מער געטאָן געוואָרן פאַר דער פאָפולאַריזאַציע פון דער יידישער שפראַך און ליטעראַטור, אויף אַזויפיל, אַז דער אָרגאַן פון דער יונג־יידישער אינטעליגענץ אין דייטשלאַנד, „פריישטאַאַט", האָט דעם גרעסטן אָרט געווידמעט דער יידישער שפראַך, באַהאַנדלענדיק זי ניט פון דעם ריין לינגוויסטישן שטאַנדפונקט פון די „חכמי־ישראל", נאָר זוכנ־דיק צו באַקענען מיט איר בפועל־ממש די ברייטערע קרייזן פון דעם דייטשן יידנטום. די וועלט־מלחמה און די אָקופּאַציע פון פוילן און ליטע דורך די צענט־ראַלע מלוכות האָט נאָך מער דערנעענטערט די דייטשע יידן צו דער שפראַך

פון זייערע אורעלטערן, צו אונזער יידיש, און די דאָזיגע התקרבות האָט זיך אַרויסגעוויזן ניט נאָר אין אַ גאַנץ רייכער ליטעראַטור וועגן יידיש, וואָס איז בעשאַפן געוואָרן אין דייטשלאַנד פאַר די לעצטע פינף יאָר, נאָר אויך אין דער גאַנצער באַציאונג פון דעם דייטשן יידנטום צו דעם ביזאַהער פאַראַכטן און פאַרשפּאָטן „יידיש־דייטשן זשאַרגאָן".

31. די בערלינער השכלה, וואָס האָט זיך גאָר אינגיכן אויסגעגאָסן אין אַ באַוועגונג פון ריינער אַסימילאַציע און בלויז בירגערלעכער עמאַנסיפּאַציע, איז געבליבן ניט אָן אַ ווירקונג אויף דער יידישער אינטעליגענץ פון די שכנישע לענדער, און אין די לענדער, וואו דאָס יידנטום האָט ניט געהאַט קיין גרויסע קאָמפּאַקטע מאַסן, האָט די דאָזיקע באַוועגונג אויך געבראַכט צו דעם אונטער־גאַנג פון דער יידישער שפּראַך. אָבער אויך אין די דאָזיקע לענדער האָט יידיש ניט אַזוי לייכט אָפּגעטראָטן דעם פּלאַץ דער שפּראַך פון דער פרעמדער סביבה. אין דער ערשטער העלפט פון XIX יאָרהונדערט איז יידיש נאָך די אומגאַנגס־שפּראַך פון די אַשכנזישע יידן אין פראַנקרייך; די מוטערשפּראַך פון דער גרויסער פראַנצויזישער טראַגיקערן ראַשעל איז לויט דעם עדות פון אַל־פרעד דע־מיסע — יידיש, און אויף דעם דאָזיקן לשון רעדט זי אינדערהיים אפילו אין די טעג פון איר גרעסטן רום. און נאָך עד־היום קאָן מען דערקע־נען שפּורן פון דער יידישער שפּראַך ביי די פּאַריזער יידן, וואָס שטאַמען פון עלזאַס; ניט קוקנדיק אויף זייער גאַנצער שנאה צו יידיש, קאָנען זיי ניט אינ־גאַנצן פּטור ווערן דערפון אין זייערע פאַמיליעס, קאָנען ניט אינגאַנצן אָפּ־מעקן דעם יידישלעכן טאָן אין זייער ביי־איבערגענומענער פראַנצויזישער שפּראַך.

וועגן דער הערשאַפט פון דער יידישער שפּראַך אין דענעמאַרק נאָך אין XIX יר"ה גיט אונז אַ שטיקל באַגריף דער יידיש־דענישער דיכטער אהרן־מאיר גאָלדשמידט (אין זיין ראָמאַן „אַ ייד", יידישע איבערזעצונג — אין „לעצטע נייעס", 1917). אין דער אַוטאָביאָגראַפיע פון אהרן איציקס האָבן מיר שפּורן פון אונ־טערגייענדיקן יידיש ביי אַ שוועדישן יידן. אין האָלאַנד, וואָס איז אין XVII און XVIII יר"ה געווען אַ בליענדיקער צענטער פון דער עלטערער יידישער ליטעראַטור, האָט זיך נאָך ביז דעם לעצטן פערטל פון XIX יר"ה איינגעהאַלטן דער לימוד אויף יידיש, און ערשט אין יאָר 1874, אַז פאַרן אַמסטערדאַמער רב־הכולל איז אויסגעקליבן געוואָרן ד"ר יוסף־הירש דינער, האָט ער זיך גענומען אויסצוואָרצלען די יידישע שפּראַך, רעפאָרמירנדיק די גאַנצע סיסטעם פון דער שול־בילדונג אין גייסט פון דער מערב־אייראָפּעאישער אַסימילאַציע און איינפירנדיק אַלס אָבליגאַטאָרישע שפּראַך פון די לימודים — האָלענדיש אָנשטאָט יידיש.

## די יידישע שפּראַך אין די לענדער פון אַ קאָמפּאַקטן יידישן ישוב.

32. מענדעלסאָנס אזהרה: „נאָר ניט די געמישטע שפּראַך, וועלכע דעמאָ־ראַליזירט דעם פּשוטן מענטשן פון פאָלק!" — האָט געפונען אַן אָפּקלאַנג ביי

זיינע גייסטיקע תּלמידים אין די סלאַווישע לענדער. וואַריאירנדיק ר׳ יהודה הנשיאס מימרא וועגן דער פאָלקס־שפּראַך פון די יידן אין דער צייט פון בית־שני—„לשון סורסי בארץ־ישראל למה? או לשון עברית או לשון יונית״—האָט אַ באַרימטער פאָרשטייער פון די גאַליצישע משכּילים געשטעלט אַ קלאָץ־קשיא וועגן יידיש: „אויף וואָסער גוטס דאַרפן מיר יידיש אין פוילישן לאַנד? אָדער העברעאיש אָדער פויליש״. און דער דאָזיקער פאָרלויפער פון דעם „איבריט־או־רוסיט״ האָט געהאַט געגנוג חברים צווישן די רוסישע משכּילים. דאָך האָט די התנגדות פון די משכּילים קעגן יידיש אין די לענדער פון קאָמפּאַקטן יידישן ישוב ניט געבראַכט צו די שרעקלעכע רעזולטאַטן, ווי אין מערב־אייראָפּע, און די יידישע שפּראַך איז אַרויס גאַנץ און אפילו אינערלעך געשטאַרקט אין דער דאָזיקער מלחמה מיט דער השכלה און אַסימילאַציע. און אָנשטאָט די פאַרלוי־רענע געביטן פון די קליינע יידישע קיבוצים אין מערב־אייראָפּע, וואו דער אונטערגאַנג פון יידיש האָט געפירט צו פולקומער אַסימילאַציע און נאַציאָנאַ־לער דעגענעראַציע, האָט די יידישע שפּראַך אין דעם לעצטן פערטל פון פאַר־גאַנגענעם יאָרהונדערט געוואונען נייע טעריטאָריעס, באַלייטנדיק די גרויסע מאַסן יידישע אויסוואַנדערער אין אַלע עקן וועלט—אין די נייע צענטערס פון דער עמיגראַציע, אין צפון־און דרום־אַמעריקע, אין דרום־אַפריקע, אַווסטראַליע, ווי אויך אין די גרויסע אייראָפּעאישע שטעט.

ביי היינטיקן טאָג איז יידיש די שפּראַך, וואָס ווערט גערעדט כּמעט פון דעם גאַנצן יידישן פאָלק, אַחוץ זיינע אַסימילירטע קיבוצים אין מערב־אייראָפּע, די אַסימילירטע קרייזן פון דער אינטעליגענץ און גרויס־בורזשואַזיע אויך אין מזרח און ניט איבעריקס פילצאָליקע גרופּעס אין אָריענט.

33. געגוי פעסטשטעלן די צאָל יידן, וואָס ריידן יידיש—דערצו פעלן סטאַטיסטישע דאַטן בנוגע אַ גאַנצער ריי יידיש־ריידנדיקע קיבוצים. די דאַטן וועגן דער גרעסטער גרופּע יידיש־ריידנדיקער באַפעלקערונג—וועגן די יידן אין געוועזענעם צאַרישן רוסלאַנד, זיינען פאַרעלטערט, אָבער דאָך מוזן מיר זיי לייגן אין יסוד פון אונזער באַרעכענונג פון דער צאָל יידיש־ריידער: ביי דער אַלגע־מיינער רוסישער פאָלקסציילונג אין 1897 האָבן צווישן 5,215,805 יידן, וואָס האָבן דעמאָלט געלעבט אין רוסלאַנד, 5,054,300 אָנגעגעבן יידיש פאַר זייער מאַמע־לשון, וואָס מאַכט אויס, אַז נאָר 2,36 פּראָצענט פון אַלע רוסישע יידן ריידן ניט יידיש.

34. גאַנץ אַנדערש איז די לאַגע מיט די דאַטן פון דער אָפיציעלער סטאַ־טיסטיק וועגן יידיש אַלס אומגאַנגס־שפּראַך פון די יידן אין גאַליציע און בו־קאָווינע, וואו ביז דער לעצטער צייט האָט אונזער לשון צוליב פּאָליטישע טעמים און צוליב דער פאַררעטערישער טעטיקייט פון די אַסימילאַטאָרן אינגאַנצן ניט עקזיסטירט פאַר דער געזעצגעבונג. דאָך איז אָנצונעמען מיט זיכערקייט, אַז פון דעם קיילעכדיגן מיליאָן יידן אין גאַליציע און בוקאָווינע, רעדט די אי־בערוועגנדיקע מערהייט יידיש. אויך דאָס 300,000־טיקע רומענישע יידנטום האָט

אַלס אומגאַנגס־שפּראַך אונזער לשון. פון דעם קאַרגן מיליאָן אונגאַרישע יידן רעדט לכל־הדעות די גוטע העלפט דאָס ספּעציפישע אונגאַרישע יידיש (דער־הויפּט אין צפון־מזרח־אונגאַרן). ניט קיין סך קלענער איז אויך די צאָל יידיש־ריידער אין די גרויסע מערב־אייראָפּעאישע צענטערס פון דער יידישער עמיגראַ־ציע, ווי לאָנדאָן, פּאַריז, ווין און אַנד. די יידישע שפּראַך לעבט אויך ביי דעם גרעסטן טייל יידן אין ארץ־ישראל.

**35.** אַ נייעם געביט האָט די יידישע שפּראַך איינגענומען אין דער גרוי־סער טראַנסאַטלאַנטישער רעפּובליק מיט איר דריי־מיליאָניקן יידישן קיבוץ. ליי־דער פעלן סטאַטיסטישע דאַטן וועגן דער צאָל יידיש־ריידער אין די פּאַראיי־ניקטע שטאַטן. אַ געוויסע השגה אָבער וועגן דער שפּראַך־פּאַרהעלטעניש פון די אַמעריקאַנער יידן גיט אונז די פאָלקסציילונג אין ניו־יאָרק אין יאָר 1914, לויט וועלכער די צאָל יידיש־ריידער אין ניו־יאָרק אַליין איז געווען 861,000; אין דער גרעסטער וועלט־שטאָט פּאַרנעמט אַלזאָ יידיש מיט זיינע 19 פּראָצענט ריידער כמעט אַ גלייכן אָרט מיט דער הערשנדיקער ענגלישער שפּראַך, וואָס האָט 21 פּראָצענט ריידער. ס'וועט אַלזאָ קיין גוזמא ניט זיין אָנצונעמען, אַז די צאָל יידיש־ריידער אין דער נייער וועלט (צוגערעכנט די דרום־אַפריקאַני־שע, קאַנאַדער, אַרגענטינישע און אַוסטראַלישע יידן) שטייגט אַ סך אַריבער די ציפער פון צוויי מיליאָן. און אין סך־הכל באַקומען מיר, אַז די צאָל יידן, וואָס באַנוצט זיך מיט דער יידישער שפּראַך, איז בשום־אופן ניט קלענער פון 9 מיליאָן, הגם אויך די ציפער פון אַ קיילעכדיקן צענדליק מיליאָן איז קיין גוזמא ניט.

**36.** קלינגענדיק אין דעם מויל פון אַזויפיל מענטשן אין אַלע עקן וועלט, איז דאָך די יידישע שפּראַך ביז דער לעצטער צייט, אַדאַנק דער נאַציאָנאַלער רעכטלויזיקייט פון דעם יידישן פאָלק בכלל, און בפרט—צוליב דער משונהדי־קער באַציאונג צו איר מצד דער יידישער אַסימילירטער אינטעליגענץ און באַ־לעבאַטישקייט, געווען אַ סך ווייניקער אָנערקענט פון דער וועלט, ווי שפּראַכן מיט אַ סך אַ קלענערער צאָל ריידער, מיט אַ סך אַ נידעריקערער מדרגה פון אויס־בילדונג, מיט אַ סך אַ מינערווערטיקער ליטעראַרישער אַנטוויקלונג. אָבער די גרויסע באַפרייאונג פון פעלקער און שפּראַכן, וואָס איז געקומען דורך דער וועלט־מלחמה און דער וועלט־רעוואָלוציע, האָט אויך אין דעם פּרט פון אָנערקענונג מצד דער מלוכה אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער יידישער שפּראַך.

**37.** ביז דער מלחמה איז יידיש אָנערקענט געווען, פּאַר אַ שפּראַך מיט געוויסע רעכט—אין רוסלאַנד (וואו די איינוואוינער מיט דער יידישער אומגאַנגס־שפּראַך זיינען אַריינגעטראָגן געוואָרן אין אַ באַזונדער רובריק בשעת דער פאָלקס־ציילונג), אין דער דרום־אַפריקאַנישער קאַפּ־קאָלאָניע, וואו די ערקלערונגען פון

די אימיגראַנטן ווערן אויך אָנגענומען אין יידיש, „פונקט ווי די ערקלערונגען אין אַנדערע אייראָפּעאישע שפּראַכן", אין צפון-אַמעריקע, וואו דאָס אימיגראַנטן-געזעץ אָנערקענט יידיש פאַר אַ שפּראַך, אין וועלכער מען קאָן אָפּגעבן דעם בייטיקן בילדונגס-עקזאַמען.

**38.** אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע פון ליטע איז יידיש אָנערקענט געוואָרן אַלס די אָבליגאַטאָרישע שפּראַך פון דער יידישער שול (דורך אַ דעקרעט פון דעם דאַמאָלסטיקן אייבערקאָמאַנדיר אָסט, הינדענבורג).

אָבער אַ סך ברייטער זיינען די רעכט, וואָס די יידישע שפּראַך האָט באַקומען דורך די געווינסן פון דער גרויסער רוסישער רעוואָלוציע. דורך איינעם פון די דאָזיקע געווינסן — דורך דער נאַציאָנאַל-פּערסאָנאַלער אויטאָנאָמיע פאַר דעם יידישן פאָלק אין אוקראַינע, איז יידיש דערהויבן געוואָרן צו דער חשיבות פון אַ שפּראַך, וואָס איז גלייכבאַרעכטיקט מיט דער מלוכה-שפּראַך. אין אוקראַינע זיינען צום ערשטן מאָל אין דער יידישער געשיכטע אַרויסגעגעבן געוואָרן געזעצן אין דער יידישער שפּראַך. דער געזעץ „וועגן דער שאַפונג פון די יידישע קהילה-ראַטן און וועגן די וואַלן פון זייערע מיטגלידער", וועלכער איז באַשטעטיקט געוואָרן דעם 2-טן דעצעמבער **1917**, איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין דער ראַדע אויף צוויי שפּראַכן — אוקראַיניש און יידיש, און אויף ביידע שפּראַכן איז ער פּובליקירט געוואָרן אין אָפיציעלן „וויסטניק". אַ גאַנץ באַזונדערן ווערט פאַר דער אָנערקענונג פון דער יידישער שפּראַך האָט געהאַט דער באַשלוס פון דעם אוקראַינישן גענעראַל-סעקרעטאַריאַט צו דרוקן אויף די אוקראַינישע אַסיגנאַציעס די וואַליוטע אויף 4 שפּראַכן, בתוכם אויף יידיש (שפּעטער, מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דער אוקראַינישער רעאַקציע, האָבן די אַסיגנאַציעס אָנגעהויבן אַרויסצוגיין נאָר אויף אוקראַיניש).

אין דער אַרבעטער- און פּויערים-רעפּובליק פון דער ליטע איז די יידישע שפּראַך אָנערקענט געוואָרן פאַר אַ גלייכבאַרעכטיקטער מלוכה-שפּראַך דורך אַ באַזונדער דעקרעט פון דער צייטווייליקער ראַטנרעגירונג (פעברואַר **1919**) און האָט אויך פאַרנומען אַ פּלאַץ צווישן די אויפשריפטן אויף דער מלוכה-פאָן פון דער רעפּובליק.

אויך אין דער אַזויגערופענער טאַריבישער ליטע איז די יידישע שפּראַך גלייכבאַרעכטיקט מיט דער ליטווישער מלוכה-שפּראַך און אויף די ליטווישע באַנקנאָטן איז אויך דאָ אַ אויפשריפט אין יידיש.

נאָר אין די פּוילישע לענדער קומט נאָך אויס דעם יידישן אַרבעטנדיקן פאָלק שווער צו קעמפן אפילו פאַר די עלעמענטאַרע רעכט פון יידיש (אין שול און מוניציפּאַליטעט). אָבער מיט דעם נצחון פון דער דעמאָקראַטיע וועט אויך דאָרט די יידישע שפּראַך זיך דערשלאָגן צו די רעכט, וואָס קומען איר אַלס דעם לעבעדיקן לשון פון דעם לעבעדיקן און שאַפנדיקן יידישן קאָלעקטיוו.

# די גראַמאַטיק און אירע טיילן.

**39.** יעדע שפּראַך אַנטוויקלט זיך און פונקציאָנירט לויט געוויסע געזעצן און כּללים. דער קאָמפּלעקס געזעצן און כּללים, וואָס הערשן און גילטן אין דער שפּראַך, בילדעט די סיסטעם פון איר גראַמאַטיק.

די גראַמאַטיק ווערט געוויינלעך איינגעטיילט אין עטימאָלאָגיע און סינטאַקסיס. די עטימאָלאָגיע שטודירט די ווערטער איטלעכס באַזונדער און ניט אין זייער פאַרבינדונג אין זאַץ; אַקעגן־זשע, אין סינטאַקסיס ווערן געפאָרשט די פאַרבינדונגען פון די ווערטער אין זאַץ און די פאַרבינדונג פון די זאַצן גופא.

די עטימאָלאָגיע צעפאַלט ווידער אין צוויי אָפּטיילונגען: פאָנעטיק און מאָרפאָלאָגיע. די פאָנעטיק פאָרשט די קלאַנגען פון די ווערטער, די מאָר־פאָלאָגיע האָט צו טאָן מיט די פאָרמען פון די ווערטער און מיט דער וואָרטבילדונג; צו דער מאָרפאָלאָגיע געהערט אויך דער טייל פון דער גראַ־מאַטיק, וואָס פאָרשט דאָס וואָרט ניט מצד זיין אויסערלעכן געביי, נאָר פון זיין אינווייניקסטער זייט, בנוגע זיין באַטייט; דער דאָזיקער טייל הייסט סע־מאַזיאָלאָגיע.

איבעריקנס מוז באַמערקט ווערן, אַז אין דער מאָדערנער שפּראַכוויסנ־שאַפט ווערט דער טערמין „עטימאָלאָגיע" שוין מער ניט געברויכט אין דעם אויבנדערמאָנטן זין; עטימאָלאָגיע הייסט איצט די פאָרשונג פון די ווערטער פון דער שפּראַך אין פאַרגלייך מיט די אַנטשפּרעכנדיקע ווערטער פון משפּחה־דיקע שפּראַכן. דערצו נעמט נאָך די מאָדערנע עטימאָלאָגיע אריין אויך די לעקסיקאָלאָגיע, וואָס האָט צו טאָן מיט דעם וואָרט־אוצר, מיט דעם לעקסיקאָן פון דער שפּראַך. די אויפגאַבע פון דער לעקסי־קאָלאָגיע איז צו פאַרצייכענען די ווערטער און די באַטייטונג זייערע, סיי פון דער ליטעראַרישער שפּראַך, סיי פון דער פאָלקס־שפּראַך, אין דעם איצטיקן געברויך און אין די שריפטלעכע מאָנומענטן פון דער פאַר־גאַנגענהייט.

נאַטירלעך זיינען אַלע דריי אָפּטיילונגען פון דער גראַמאַטיק—די פאָנע־טיק, די מאָרפאָלאָגיע און דער סינטאַקסיס—ענג פאַרבונדן צווישן אַנאַנד, וואָרים איטלעכס וואָרט פון אונזער לשון איז גלייכצייטיק אַ פאָנעטישער פאַקט, אַ מאָרפאָלאָגישער און אַ סינטאַקטישער.

**40.** אַחוץ די דאָזיקע אָפּטיילונגען טיילט מען נאָך אויס ווי אַ באַזונדער טייל פון דער גראַמאַטיק די אָרטאָגראַפיע אָדער די לערע וועגן דער אויסלייגונג. די אויסלייגונג איז דער אַלגעמיין אָנגענומענער און פון דער גראַ־מאַטיק מער אָדער ווייניקער באַרעכטיקטער שטייגער צו פיקסירן די ווערטער אין שריפט. צו דער אָרטאָגראַפיע געהערן אויך די כּללים וועגן דעם געברויך פון די הפסקה־סימנים (זאַץ־צייכנס אָדער פּונקטואַציע)

## די גערעדטע שפּראַך און די שריפטלעכע.

**41.** דעם מאַטעריאַל אירן שעפּט די יידישע גראַמאַטיק פון דער גערעדטער פאָלקסשפּראַך און פון דער שריפטלעכער שפּראַך, וועלכע מיר קאָנען פאַרפיקסירט אין די ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. די לעבעדיקע יידישע פאָלקסשפּראַך האָט זיך אַנטוויקלט און אויסגעבילדעט אויפן גרונד פון אַלטן יידישדייטש און איר איצטיקע געשטאַלט האָט זי באַקומען, ווייזט אויס, אַרום דער מיט פון דעם XVIII יר״ה. די יידישע שריפטלעכע שפּראַך האָט געהאַט איר באַזונדערע היסטאָרישע אַנטוויקלונג, וועלכע לאָזט זיך אין אַ געוויסער מאָס נאָכפאָרשן דורך די מאָנומענטן פון דער ליטעראַטור, וואָס זיינען דערגאַנגען צו אונז.

**42.** אָבער ביי דעם היינטיקן צושטאַנד פון דער יידישער שפּראַכפאָרשונג, ווען כמעט אַלע אַרבעטן אויף דעם געביט טראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ טרוקענער ביבליאָגראַפישער פאַרצייכעניש אין דעם אָדער יענעם סדר, ווען פאַר דער גראַמאַטישער און לעקסיקאַלישער אויספאָרשונג פון די ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור איז נאָך אַזוי גוט ווי גאָרנישט אויפגעטאָן געוואָרן, איז נאָך שווער אויפצושטעלן אַ בילד פון דעם אַנטוויקלונגס־פּראָצעס פון אינזער לעבעדיקן לשון און פון אונזער שריפטלעכער שפּראַך אין אַלע זיינע סטאַדיעס. אין די עלטסטע און עלטערע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור האָבן מיר כמעט שטענדיק צו טאָן מיט אַ אַרכאַאיזירנדיקער שפּראַך, וועלכע שפּיגלט ווייניק אָפּ די אמתע גערעדטע פאָלקסשפּראַך און גיט ניט קיין מיגלעכקייט זיך צו שאַפן אַ פאָרשטעלונג וועגן די עטאַפּן, וואָס זי האָט דורכגעמאַכט, ביז זי האָט דערגרייכט די מדרגה, אויף וועלכער מיר טרעפן זי שוין אַלס אונזער יידיש. צווישן דער שפּראַך פון אַ מענדל לעפין סאַטאַנאָווער מיט הונדערט יאָר צוריק, וועלכע שיידט זיך קנאַפּ־וואָס אָפּ פון אונזער היינטיקן פאָלקסטימלעכן יידיש, און דער שפּראַך פון די יידישע ווערק אפילו אין סוף פון XVIII יר״ה, וועלכע מאָדיפיצירט נאָר, אין אַ שוואַכערער אָדער שטאַרקערער מאָס, דאָס אַלטע טראַדיציאָנעלע „הויכטייטש" אָדער „עברי־טייטש", ליגט אַ תהום, איבער וועלכן דער יידישער שפּראַך־היסטאָריקער איז ביזאַהער ניט אימשטאַנד געווען צו לייגן אַ בריק. ס'איז כמעט ווי זיכער, אַז אין דעם דאָזיקן טראַדיציאָנעלן אַלט־יידישן „הויכטייטש" האָבן מיר נאָר אַ פאַרגליווערטע יידישע ביכערשפּראַך, וואָס האָט געמוזט שטאַרק אָפּווייכן פון דעם לעבעדיקן גערעדטן יידיש. אַנדערש איז ניט מיגלעך צו פאַרענטפערן די האַרבע קשיא — ווען האָט עס יידיש דורכגעמאַכט יענעם גרויסן פּראָצעס פון זיין אינעווייניקסטער אַנטוויקלונג, וואָס עס האָט פון אַ דייטש געפאַרבטן דיאַלעקט פאַרוואַנדלט אין אַ באַזונדערער שפּראַך מיט אַ פעסט איינגעשטעלטן אייגנאַרטיקן כאַראַקטער?

**43.** דער יידישער עלעמענט אין דער אַלטער יידישער ליטעראַטור־שפּראַך באַשטייט דערהויפּט נאָר אין די העברעאיזמען; דער בוי פון זאַץ און דער

סדר פון די ווערטער אין זאַץ איז מער אין גייסט פון דער דייטשער שפּראַך־
ווי פון דעם היינטיקן יידיש; אויך די מאָרפאָלאָגיע ווייזט נאָך אויף גאַנץ
שוואַכע סימנים פון **דעם** אַנטוויקלונגס־פּראָצעס, וואָס האָט אויסגעקריסטאַלי־
זירט די וואָרטפאָרמען פון אונזער מאָדערנער יידישער שפּראַך.

## די אַנטוויקלונג פון מאָדערנעם יידיש.

**44.** אויף וויפיל מ׳קאָן דרינגען אויפן גרונד פון דעם איצטיקן שטאַנד־
פון דער יידישער ליטעראַטור־געשיכטע, האָט מיט דעם אָרגאַניש פּאַראַלעלן
יידיש־דייטש, וואָס איז געווען אפשר אויף גאַנצע יאָרהונדערטער אָפּגעשטאַנען
פון דער לעבעדיקער פאָלקסשפּראַך, דער ערשטער געבראָכן ד״ר משה מאַר־
קוזע, וועלכער האָט אין זיין „ספר רפואות“ דער ערשטער איינגעפירט אין
דער יידישער ליטעראַטור דעם לשון, פון וועלכן עס איז שוין מער ניט ווי־
איין טריט צו אונזער יידיש מיט זיין אייגענעם נוסח און סטיל, מיט זיינע
אייגענע פאָרמען און שפּראַכמיטלען. אויך אין דער „מעשה גדולה מן אומאַן
ומן אוקריינא“, וואו עס ווערן געשילדערט די שוידערלעכע שחיטות אויף יידן
אין יאָר **1768** (גזרות גאָנטאָ) און וואָס איז פאַרפאַסט פון אַן עד־ראיה, האָבן
מיר, ווייזט אויס, אַ מוסטער פון דעם לעבעדיקן יידיש פון מיטן XVIII יר״ה,
וואָס שיידט זיך כמעט ניט אָפּ פון אונזער היינטיקן פאָלקס־לשון. וואָרים הגם
די מעשה איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן ערשט אין יאָר **1838** (אין סעדעלקאָוו און
איבערגעדרוקט אין **7** יאָר אַרום אין ווילנע), איז דאָך ניט אָנצונעמען, אַז די־
אַרויסגעבער האָבן געענדערט דעם נוסח פון כתב־יד.

**45.** פעסט איינצובירגערן זיך אין דער ליטעראַטור אָנשטאָט דעם אַרכאַ־
אישן עברי־טייטש הייבט די לעבעדיקע יידישע פאָלקסשפּראַך ערשט אָן אויף־
דער שוועל פון XIX יר״ה, אין דער עפּאָכע פון דער אויפגעבליטער חסידי־
שער באַוועגונג און דער פאַרשפּרייטונג פון דער השכלה אין פּוילן און רוס־
לאַנד. דער חסידיזם מיט זיין נייער באַציאונג צו יידיש ווי צו דער לעבעדיקער־
שפּראַך פון דעם פשוטן פאָלק האָט געהאַט אַ גינסטיקע השפעה אויף דער אַנט־
וויקלונג פון דער יידישער ליטעראַרישער שפּראַך. אין די חסידישע ווערק אויף־
יידיש געפינען מיר שוין די עכטע לעבעדיקע פאָלקסשפּראַך, ווי מיר קענען זי־
ביי היינטיקן טאָג. און אויך די געציילטע משכילים פון פּוילן און רוסלאַנד,
אויף וויפיל זיי האָבן געפּרובט זיך באַנוצן מיט דער יידישער שפּראַך פאַר לי־
טעראַרישע צוועקן, האָבן זי געגעבן אין איר אמתער פאָלקסטימלעכער געשטאַלט.
אין דער איבערזעצונג פון „משלי“ און „קהלת“ פון מענדל לעפין סאַטאַנאָווער־
האָבן מיר שוין דאָס עכטע וואָלינער יידיש, און אויב אין אַזעלכע ווערק, ווי־
„דיא ענטדעקונג פאָן אַמעריקאַ“ פון מרדכי־אהרן גינצבורג און „סמא דחיי“
פון ר׳ מנשה איליער איז נאָך די שפּראַך אָדער דייטשמעריש (ביים ערשטן) אָדער
בכלל צו שווער, כדי צו זיין פאָלקסטימלעך (ביים צווייטן), איז עס שוין אָבער
ניט דער פאַל ביי די השכלה־שרייבער פון פּוילן און וואָלין, וואָס נאָך זיי.

ריין יידיש, פאָלקסטימלעך און קלאָר איז, למשל, דער ריב״ל (ר׳ יצחק-בער לעווינזאָן) אין זיין איינציקן יידישן ווערק, דער סאַטירע „די הפקר-וועלט״ (געשריבן אין יאָר 1828, הגם אַרויסגעגעבן ערשט אין אַ סך יאָרן אַרום), ניט קוקנדיק אויף דעם, וואָס דער „מענדעלסאָן פון די רוסישע יידן״ האָט זיך, ווי דאָס רוב משכילים, באַצויגן צו יידיש מיט ניט ווייניקער שנאה ווי דער פילאָסאָף פון דעסוי.

46. אין דעם צווייטן פערטל פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט באַקומט דאָס מאָדערנע יידיש איר ערשטן שפּראַכקינסטלער אין דער פּערזאָן פון ד״ר שלמה עטינגער. ער איז געווען איינער אפשר צווישן די שריפטשטעלער-משכילים, וואָס איז אַזוי ווייניק מיטגעשלעפּט געוואָרן מיטן שטראָם פון דער השכלה-באַוועגונג, וועלכע האָט פאַרשפּרייט איר השפעה איבער די באַדייטנדיקסטע פאָרשטייער פון דער נייער יידישער קולטור אין רוסלאַנד און גאַליציע. מיט אַ מערקווירדיקן באַוואוסטזיין האָט ער זיך באַצויגן צו דער יידישער שפּראַך און האָט זי געמאַכט פאַר זיין איינציקן קינסטלערישן אינסטרומענט. אַן אויסגעצייכנטער העברעער און קענער פון דייטש, האָט ער דאָך זיין גאַנצע ליטעראַרישע טעטיקייט געווידמעט דער שאַפונג אין יידיש, און געבענטשט מיט דעם טאַלענט פון אַן אמתן קינסטלער, איז ער געוואָרן איינער פון די שאַפער פון דער יידישער מאָדערנער ליטעראַרישער שפּראַך. עטינגערס שפּראַך, דאָס זאַפטיקע און קערנדיקע פּוילישע יידיש, איז אינגאַנצן פריי פון גערמאַניזמען, און אויב עס פעלן אים פאַר אַ געוויסן באַגריף ווערטער אין יידיש, פּרובט ער זיי שאַפן אין גייסט פון דער שפּראַך (ער שרייבט למשל, אויפציה אָנשטאָט אויפצוג, אַקט, אריינקום אָנשטאָט אויפטריט, סצענע, זוכצעטל אָנשטאָט אינהאַלטפאַרצייכעניש, רעגיסטער). די שפּראַך אַליין רופט ער ניט זשאַרגאָן און ניט יידיש-טייטש, נאָר פשוט יידיש (דווקא מיט צוויי יודן).

47. אין איין צייט מיט עטינגערן זיינען אויך געשאַפן די ווערק פון ישראל אַקסנפעלד, אין וועלכע מיר האָבן דאָס עכטע, אַ ביסל שוין צו רויע, ניט פאַרליטעראַרישטע אוקראַאינישע יידיש.

48. אונטער דער השפעה פון מענדל לעפינס און עטינגערס יידישע ווערק האָט אויך אָנגעהויבן צו שרייבן אין יידיש אברהם-בער גאָטלאָבער, און אין מיטן פון XIX יר״ה באַקומט יידיש צוויי גרויסע פאָלקסדיכטער, וואָלף ערנקראַנץ (וועלוול זבאַרזשער) אין גאַליציע און אברהם גאָלדפאַדען אין דרום-רוסלאַנד. אין דער אייגענער צייט מיט גאָלדפאַדענען הייבט אָן זיין ליטעראַרישע טעטיקייט דער גרויסער יידישער סאַטיריקער יצחק-יואל לינעצקי, וואָס האָט אין זיין „חסידישן יינגל״ (1863) געגעבן אונז גאַנצע אוצרות פון דעם דרומדיקן יידיש.

49. אין דער ליטע פירט דאַן אַ אינטענסיווע ליטעראַרישע טעטיקייט

אין יידיש אייזיק־מאיר דיק, וועלכער פאַרדאַרבט די יידישע שפראַך דורך דער שטרעבונג זי צו פאַרדייטשערן און שאַפט דעם אומגעלומפערטן דייטשמערישן סטיל, וועלכן עס קולטיווירן אויך שפּעטער די שונד־שרייבער מיט שמ״ר בראש.

50. די אַלע אויבנדערמאָנטע שריפטשטעלער, צו וועלכע מ׳דאַרף נאָך צורעכענען דעם דיכטער פון דער השׂכלה מיכל גאָרדאָן, דעם מוסר־שרייבער אליעזר־צבי הכּהן צווייפל, דעם ראָמאַניסט יעקב דינעזאָן אין דעם ערשטן פּע־ריאָד פון זיין שאַפן („דער שוואַרצער יונגערמאַנטשיק״) און דעם באַרימטן העב־רעאישן משורר יהודה־לייב גאָרדאָן, וועלכער האָט מיט זיינע „שיחת־חולין״ אין יידיש פאַרנומען אַן אָרט אויך אין דער יידישער ליטעראַטור—האָבן צוזאַמען און אין אַ געוויסער מאָס אַדאַנק צעדערבוימס וואָכנבלאַט „קול מבשר״ (1862—1871) צוגעגרייט אַ באָדן פאַר דעם גרויסאַרטיקן אויפבלי פון דער יידישער ליטעראַ־טור־שפראַך, וועלכער הייבט זיך אָן מיט מענדעלע מוכר־ספרים, ערשט אונטער דער פּען פון דעם דאָזיקן גרויסן וואָרט־קינסטלער איז דאָס שריפטלעכע יידיש, וואָס האָט ביזאַהער אָפּגעשפּיגלט אין אַ מער אָדער ווייניקער טרייער פאָרם נאָר דעם יידישן פאָלקס־אידיאָם, אויסגעלייטערט געוואָרן ביז צו דער מדרגה פון אַ ליטעראַריש־געשליפענער און געטאָקטער שפראַך. מענדעלע מוכר־ספרים איז געווען דער גרויסער שאַפער פון דעם עכטן ליטעראַרישן נוסח אין יידיש, דער גרויסער שאַפער פון דעם יידישן ליטעראַרישן סטיל.

51. מענדעלעס נאָכקומער אין דער שפראַך, שלום־עליכם, האָט אין זיינע אומצייליקע ווערק אַנטפּלעקט אונז די גאַנצע טיפקייט און ברייטקייט פון די יידישע שפראַך־אוצרות. דער גרעסטער הומאָריסט אונזערער האָט אין געשריבע־נעם וואָרט פאַראייביקט די גאַנצע עשירות, וואָס דאָס יידישע פאָלק אין אַלע זיינע שיכטן און גראַדן, האָט אַריינגעלייגט אין זיין לעבעדיקן לשון.

52. אַ הויכע מדרגה פון אויסבילדונג דערגרייכט די יידישע ליטעראַרישע שפראַך ביי דעם דריטן גרויסן דיכטער אונזערן, יצחק־לייבוש פּרץ, וועלכער האָט איר צוגעגעבן אַ באַזונדערע איידלקייט, שיינקייט און גלאַנץ, אַ באַזונ־דערע אויסדריקלעכקייט, בייגעוודיקייט און קורצקייט.

53. גלייכצייטיק האָבן שמעון־שמואל פרוג, מאָריס ווינטשעווסקי, מאָריס געבילדעט די געמאָסטענע שפראַך פון דעם יידישן פערז און געשאַפן די ביי־עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער יידישער מעטריק.

54. מיט דער אַנטשטייאונג פון די מאָדערנע געזעלשאַפטלעכע באַווע־גונגען אונזערע, דער נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער, הייבט זיך אָן אויסצובילדן אַ יידישער סטיל אויך פאַר פּובליציסטישע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס. דער דאָזיקער פּעריאָד אין דער געשיכטע פון דער יידישער שפראַך, וועלכער איז פאַרבונדן מיט דעם אויפקומען פון אַ יידישער פּרעסע און אַ פּובליציסטיש־וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, כאַראַקטעריזירט זיך מיט דער באַרייכערונג פון

יידיש דורך אַ גאַנצער מאַסע פרעמדע ווערטער, און אויף וויפיל זיי זיינען גענומען פיקס און פאַרטיק פון מאָדערנעם דייטש, האָבן זיי אָפט אַריינגע־בראַכט אין דער יידישער שפּראַך אַ ניט־אַסימילירעוודיקן עלעמענט, וואָס האָט געשאַדט דער ריינקייט און זאַפטיקייט פון דעם עכטן יידיש.

**55.** די לעצטע צייט אָבער מערקט זיך אַלץ אַ בולטערע טענדענץ צו באַפרייען זיך פון דעם דאָזיקן פרעמדן עלעמענט אין אונזער ליטעראַרישן יידיש. דאָס דייטשמערישע ווערט אַלץ שוואַכער אין דער שפּראַך און אויף זיין אָרט ווערט זי אַלץ מער באַרייכערט פון אירע אייגענע מקורים און מיט־לען — פון דער לעבעדיקער פאָלקסשפּראַך, פון דער עלטערער ליטעראַטור, ווי אויך דורך נעאָלאָגיזמען, געבילדעטע אין גייסט פון דער שפּראַך, וועלכע שטופּן אַרויס וואָס אַמאָל מער באַרבאַריזמען, מיט וועלכע יידיש איז אַזוי פאַר־פלייצט געוואָרן דורך דעם אומגעהייערן וואוקס פון דער יידישער פּרעסע.

**56.** ביי די נייסטע פאָרשטייער פון דער יידישער ליטעראַטור ווערט שוין די שפּראַך אַלץ מער בייגעוודיקער און רייכער אויף אַלע געביטן פון ליטעראַרישן שאַפן. דאָס מאָדערנע יידיש האָט שוין אויפצווייזן אַזעלכע שפּראַכקינסטלער, ווי בערגעלסאָן, דער נסתּר, יצחק רייז אין דער בעלעטריס־טישער פּראָזע, איינהאָרן, שניאור, יעקב שטיינבערג, אימבער, מאַני־לייב, ל. האַלפּערן, זישאַ לאַנדוי אין דער פּאָעזיע, בעל־מחשבות, ניגער, בעל־דמיון אין דער ליטעראַרישער קריטיק, ד״ר חיים זשיטלאָווסקי, חיים טשעמערינסקי, ד״ר מעריסאָן אין דעם וויסנשאַפטלעכן סטיל, ד״ר יוסף לוריא, ש. ראָזנפעלד, ה. ד. נאָמבערג, הלל צייטלין, ד״ר נתן בירנבוים, נח פּרילוצקי אין דער פּובליציסטיק.

**57.** מיטן אויפקומען פון דער מאָדערנער יידישער שול מיט יידיש אַלס שפּראַך פון אַלע לימודים ווערט דער פּראָצעס פון באַרייכערן די יידישע שפּראַך אַלץ אינטענסיווער און פרוכטבאַרער, צוזאָגנדיק אונז די שענסטע רע־זולטאַטן פאַר דער אויסבילדונג און פאַרפיינערונג פון אונזער לשון.

## די ליטעראַטור־שפּראַך און די דיאַלעקטן.

**58.** שטודירנדיק די ליטעראַטור־שפּראַך אין איר מינדלעכן און שריפט־לעכן געברויך, ווי אַזוי זי קומט צום אויסדרוק אין די ווערק פון אונזערע בעסטע שריפטשטעלער, זעען מיר, אַז דער נאַטירלעכער פונדאַמענט פון דער ליטעראַ־רישער שפּראַך, דער באָדן, פון וואַנען זי ציט כּסדר יניקה און פרישן חיות, איז און בלייבט דער לעבעדיקער לשון פון פאָלק. אָבער דער דאָזיקער לע־בעדיקער פאָלקס־לשון שטעלט זיך אונז פאָר ניט אין דער געשטאַלט פון אַ איינהייטלעכער שפּראַך, נאָר אין דער פאָרם פון פאַרשיידענע דיאַלעקטן און ריידעניש.

פון די דאָזיקע דיאַלעקטן און פאָלקסריידעניש שיידט זיך די אַלגעמיינע

ליטעראַרישע שפּראַך אָפּ מיט איר גרעסערער איינהייטלעכקייט, ריינקייט, גראַ־מאַטישער אויסבילדונג און רעגלמעסיקייט, וועלכע זיינען אַלע אַ רעזולטאַט פון אַ מער אָדער ווייניקער קינסטלעכער באַאַרבעטונג. די אויפגאַבע פון דער שריפטלעכער שפּראַך איז צו דינען אַלס בינדגליד פאַר די דיאַלעקטיש פאַרשיי־דענע קיבוצים פון דעם פאָלק, דערהויפּט פאַר דעם צוועק פון אַ אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער ליטעראַטור, בכלל אָבער—פאַר יעדן מין שריפטלעכן און מינד־לעכן מגע־ומשא. דאָס, וואָס איז שותפיש פאַר אַלע דיאַלעקטן, נעמט איבער די שריפטלעכע שפּראַך און קולטיווירט; אָקעגן־זשע שטרעבט זי זיך אויפצוהייבן איבער די אונטערשיידן פון די באַזונדערע דיאַלעקטן, אָננעמענדיק דעם צד דאָ פון דעם דיאַלעקט, דאָ פון יענעם, אָדער שאַפנדיק אַ זעלבשטענדיקע נייע פאָרם.

59. אָבער דער אַמאָליקער קוק, אַז דער דיאַלעקט איז אַ פאַרדאָרבענע ליטעראַרישע שפּראַך, איז דורכאויס אַ פאַלשער. די מאָדערנע שפּראַכוויסנשאַפט לייגט אַלץ מער און מער אַכט אויף די דיאַלעקטן, זעענדיק אין זיי דאָס אמתע לעבן פון דער שפּראַך, און דווקא אַדאַנק דעם האָט די לינגוויסטיק פאַר די לעצטע יאָרן אַזויפיל אויפגעטאָן. די וויסנשאַפטלעכע גראַמאַטיק קען דעריבער ניט איגנאָרירן די דיאַלעקטן און שאַפן אַ מהיצה צווישן זיי און דער ליטעראַ־טור־שפּראַך. און דאָס קען נאַטירלעך אויך ניט טאָן די יידישע גראַמאַטיק.

## די יידישע דיאַלעקטן.

60. אַזוי ווי יעדער אַנדער לשון, בפרט נאָך קלינגענדיק אויף אַזאַ אומ־בעהייערן שטח און שטייענדיק אונטער דער השפּעה פון פאַרשיידענע סאָציאַלע, פּאָליטישע און עטנאָגראַפישע פאַקטאָרן, צעפאַלט די יידישע שפּראַך אויף אַ ריי דיאַלעקטן. אויף וויפיל די דאָזיקע דיאַלעקטן זיינען אַ ירושה, אַ מיטגעבראַכטע אויס דעם מוטערלאַנד פון דער יידישער שפּראַך—דייטשלאַנד, און אויף וויפיל זיי זיינען אַ רעזולטאַט פון אַ זעלבשטענדיקער אַנטוויקלונג, דאָס איז נאָך ווי געהעריק ניט אויסגעפאָרשט געוואָרן פון דער יידישער פילאָלאָגיע. אויך די געאָגראַפישע גרעניצן פון די יידישע דיאַלעקטן זיינען נאָך געווי ניט אָנגע־צייכנט און ס׳איז נאָך אפילו ניט פעסטגעשטעלט אַ ענדגילטיקע קלאַסיפיקאַציע פון זיי.

61. לויט דער אָנגענומענער קלאַסיפיקאַציע צעפאַלט די יידישע שפּראַך אויף 3 הויפּט־דיאַלעקטן: דעם ליטווישן, דעם פּוילישן און דעם דרומדיקן. דער ליטווישער דיאַלעקט ווערט גערעדט צו צפון פון דער ליניע סובאַלק—קיעוו, אין דער עטנאָגראַפישער ליטע, אין ווייסרוסלאַנד, אין גרויסרוסלאַנד, ווי אויך אין די באַלטישע פּראָווינצן (קורלאַנד און ליפלאַנד). דער פּוילישער דיאַלעקט איז פאַרשפּרייט אין פּוילן, מערב־גאַליציע און טיילווייז מזרח־גאַליציע. דער דרומדיקער דיאַלעקט נעמט אַרום די ריידעניש אין דרום־רוסלאַנד, דרום־

מערב־רוסלאַנד (וואָלין), אַ טייל מזרח־גאַליציע, בוקאָווינע, בעסאַראַביע און רומעניע. צו דעם פוילישן דיאַלעקט פון איין זייט און דעם דרומדיקן פון דער אַנדערער שליסט זיך צו דער שטאַרק מאָדיפיצירטער דיאַלעקט פון די יידן אין צפון־און מזרח־אונגאַרן. אַ באַזונדערע גרופּע בילדן די דיאַלעקטן פון די מערב־אייראָפּעאישע יידן (אויף וויפיל ביי זיי האָבן זיך נאָך דערהאַלטן רעשטלעך פון דער יידישער שפּראַך, ווי, למשל, אין ביימען, אין מערן, אין בייערן, אין עלזאַס).

62. בכלל פאַרנעמען ניט די דיאַלעקטן שאַרף אָפּגעגרעניצטע טעריטאָריעס, נאָר זיי וואַריאירן פון קאַנט צו קאַנט, פון שטאָט צו שטאָט און אַפילו פון שטעטל צו שטעטל, בילדנדיק אַ גאַנצע ריי איבערגאַנגס־דיאַלעקטן, דערהויפּט אויף די גרעניצן צווישן איין דיאַלעקטישער גרופּע און דער אַנדערער. מיט דער יידישער עמיגראַציע און אינווייניקסטע וואַנדערונגען האָבן זיך די געאָגראַפישע גרעניצן פון די דיאַלעקטן נאָך מער אָפּגעווישט און די דיאַלעקטישע גרופּעס זיך מער אָדער ווייניקער אויסגעמישט. אַזוי, למשל, האָבן מיר אין ניו־יאָרק, מיט זיינע איבער אַ מיליאָן יידיש־ריידער, פאָרשטייער פון אַלע יידישע דיאַלעקטן.

63. מאָרפאָלאָגיש, סינטאַקטיש און לעקסיקאַליש זיינען אַלע 3 דיאַלעקטן כמעט אידענטיש צווישן זיך, אַחוץ קליינע אויסנאַמען. די אונטערשיידן, וואָס שפּאַלטן די יידישע שפּראַך אין באַזונדערע דיאַלעקטן, ליגן אין דער ספערע פון די קלאַנגען, דערהויפּט פון די וואָקאַלן. דער ליטווישער דיאַלעקט כאַראַקטעריזירט זיך דורך זיין איינפאַכן וואָקאַליזם, וועלכער ווייס ניט פון לאַנגע וואָקאַלן, מאַכט ניט קיין אונטערשייד אין דער אויסשפּראַך פון דעם קמץ, וועלכער אַנטשפּרעכט דעם קורצן o, און דעם קמץ, וועלכער שטאַמט פון לאַנגן a (למשל, האָבן, שלאָפן, זאָגן, צדָקה), צווישן דעם חולם, וואָס שטאַמט פון לאַנגן o אָדער au, און דעם צירה (למשל, גרויס=גרייס, קונה—קיינע, קוימען—קיימען, רויך—רייך, קולות—קיילעס). דער פוילישער דיאַלעקט איז אַ סך רייכער אין וואָקאַלישע ניואַנסן, האָט אויך לאַנגע וואָקאַלן און איז מבחין צווישן דעם קמץ, וואָס אַנטשפּרעכט דעם קורצן o, און דעם קמץ, וועלכער שטאַמט פון לאַנגן a, אויסריידנדיק דעם לעצטן ווי אַ מלאפום, ווי u (למשל, האָפּן, שלופן, זוגן, צדקה—צדוקע), צווישן דעם חולם און דעם צירה (למשל, גרויס—גראָיס, קונה—קאָינע, קוימען—קאָימען, רויך—ראָיך א. אַז. וו.). דער מלאפום ווערט אין פוילישן דיאַלעקט דורכאויס אַרויסגערעדט ווי אַ חיריק (למשל, גוט—גיט, בולקע—בילקע, בושה—בישה). דער דרומדיקער דיאַלעקט איז גלייך צו דעם פוילישן אין דער אויסשפּראַך פון דעם קמץ, דעם חולם, דעם מלאפום, נאָר אונטערשיידט זיך פון אים אין דער אויסשפּראַך פון דעם דיפטאָנג יי—ei: אין דעם פוילישן דיאַלעקט ווערט דער דיפטאָנג יֵי, דער צירה, אויסגערעדט יַי (אַי), למשל, גיין, שטיין, חדר (חאַידער), און דער דיפטאָנג יַי (אַי) ווי אַ לאַנגער פּתח, למשל, צַײַט, שרײַבן (צייט, שרייבן); אין דרומדיקן דיאַלעקט

איז די אויסשפּראַך פון יַי אַזוי ווי אין ליטווישן יידיש, די אויסשפּראַך פון יַי — אַזוי ווי אין פּוילישן, הגם דער פּתח איז ווייניקער אויסגעצויגן.

**64.** די אָנגעוויזענע אונטערשיידן אין דער ספערע פון דעם וואָקאַליזם זיינען די וויכטיקסטע און די גרונדלייגנדיקע פאַר דער קלאַסיפיקאַציע פון די דיאַלעקטן. די איבעריקע דיאַלעקטישע דיפערענצן אין דעם וואָקאַליזם זיינען שוין מער ספּאָראַדיש און צופעליק. דערמאָנט זאָל דאָ נאָך ווערן די פאַרשיידענע אויסשפּראַך פון דעם וואָקאַל פאַר ר און כ (למשל, ליכט — לעכט — לאַכט, דורך — דערך — דאָרעך, טישלעך — טישלאַך — טישלאָך א. אַז. וו.)

**65.** בנוגע די קאָנסאָנאַנטן אונטערשיידן זיך די דיאַלעקטן אין דער אויסשפּראַך פון דעם ל, וועלכער איז בדרך־כלל אין ליטווישן יידיש האַרט, בשעת ווען דער פּוילישער דיאַלעקט און דער דרומדיקער האָבן אי דעם האַרטן ל אי דעם ווייכן. די איבעריקע אונטערשיידן אין דער ספערע פון דעם קאָנסאָנאַנטיזם זיינען ריין לאָקאַלע פּראָווינציאַליזמען, ווי, למשל, די פאַרשיידענע אויסשפּראַך און ניואַנסירונג פון דעם ר־קלאַנג, די ניט ריינע אויסשפּראַך פון ס — ש, ז — זש אין מאַנכע ליטווישע ריידענישן, די אויסשפּראַך פון נג און נק פאַר דעם טראַפּבילדנדיקן ן און אייניקע אַנדערע פאָנעטישע ערשיינונגען.

**66.** אַ שאַרפע גרעניץ צווישן דעם ליטווישן יידיש און די איבעריקע יידישע דיאַלעקטן בילדעט אויך דער געברויך פון דעם גראַמאַטישן מין. ליטוויש קען אינגאַנצן ניט דאָס מיטעלע געשלעכט, בשעת ווען דער פּוילישער דיאַלעקט און דער דרומדיקער ווייזט דווקא אַרויס אַ באַזונדער נייגונג צו אים. עס מערקן זיך אויך קליינע געוויסע אָפּווייכונגען ביי דער פלעקסיע און וואָרט־בילדונג, אין דעם געברויך פון אייניקע סינטאַקטישע פאָרמען און אין דעם וואָרט־אוצר. אַחוצדעם זיינען דאָ מוזיקאַלישע אונטערשיידן צווישן דעם זינגעוודיקן טאָן פון דעם פּוילישן יידיש, דעם האַרטן, אַלעמאָל אָפּגעהאַקטן ריידן פון דעם ליטוואַק און דער שפּראַך פון דרום, וואָס האַלט זיך אין דער מיט צווישן זיי.

**67.** בכלל אָבער גענומען, זיינען די יידישע דיאַלעקטן ניט אַזוי ווייט דיפערענצירט צווישן זיך, אַז די צוגעהעריקע פון איין דיאַלעקט זאָלן ניט פאַרשטיין דעם אַנדער דיאַלעקט, ווי עס איז אָפט דער פאַל מיט די דיאַלעקטן פון אַנדערע שפּראַכן.

אגב ווערן די פאָנעטישע אונטערשיידן פון די דיאַלעקטן אין דער שריפט ניט פיקסירט; דאָס ליטעראַרישע יידיש ווערט אויסגעלייגט מער אָדער ווייניקער איינהייטלעך, הגם דער פאָרשטייער פון יעדן דיאַלעקט קאָן דאָס זעלביקע שריפטבילד לייענען אויף זיין שטייגער. די דאָזיקע מעלה פון דער יידישער טראַנסקריפּציע האָט געשפּילט די גרעסטע ראָלע אין דער פאַרשפּרייטונג פון דער יידישער ליטעראַטור צווישן אַלע יידיש־ריידער, אומאָפּהענגיק, צו וועלכער דיאַלעקטישער גרופּע זיי געהערן.

## די השפעה פון די דיאַלעקטן אויף דער יידישער ליטעראַטור־שפּראַך.

68. אַלס יסוד פון דעם מאָדערנעם ליטעראַרישן יידיש איז גענומען דער עיקרשט דער ליטווישער דיאַלעקט אַדאַנק דעם, וואָס דער גרינדער פון דער מאָדערנער יידישער ליטעראַטור, מענדעלע מוכר־ספרים, איז אַ געבירטיקער פון דער ליטע, און אויך מחמת דעם, וואָס דער ליטווישער וואָקאַליזם שטייט נעענטער צו דער דייטשער שפּראַך, וואָס אונטער איר השפעה האָבן זיך גע־פונען די שאַפער פון אונזער נייער ליטעראַטור. אָבער אויך דער דרומדיקער עלעמענט און דער פּוילישער זיינען שטאַרק פאַרטראָטן אין דעם מאָדערנעם ליטעראַרישן יידיש. דער דרומדיקער דיאַלעקט איז אפילו געווען דער הערשנ־דיקער אין אונזער ליטעראַטור אין דעם פעריאָד, וואָס ערב דער נייסטער תקופה אירער; אין דעם דאָזיקן דיאַלעקט איז געשאַפן די ערשטע עכט־יידישע צייטונג, דער „קול מבשר”; אין אים האָט געשריבן לינעצקי זיין „חסידישן יינגל”, אברהם גאָלדפאַדן—זיינע פאָלקסטימלעכע לידער, יהושע־מרדכי ליפּ־שיץ—זיינע אויסגעצייכנטע ווערטערביכער, און אפילו מענדעלע מוכר־ספרים, וועלכער האָט זיין גאַנץ לעבן, פון 17 יאָר אָן, פאַרבראַכט אין וואָלין און דרום־רוסלאַנד, האָט איז אַלס שפּראַכמייסטער אויך געשטאַנען אונטער דער ווירקונג פון דעם דרומדיקן יידיש. אויך די יינגערע שריפטשטעלער, ווי שלום־עליכם, מ. ספּעקטאָר, י. ח. ראַבניצקי, האָבן באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור־שפּראַך מיט עלעמענטן פון זייער געריידטן דיאַלעקט—דעם וואָלינעריש־דרום־דיקן יידיש.

69. דער פּוילישער עלעמענט, וואָס האָט אין דער עלטערער ליטעראַ־טור געהאַט אַזאַ באַדייטנדיקן פאַרטרעטער ווי ד״ר שלמה עטינגער, האָט זיך פאַרשטאַרקט אין דער אַלגעמיין־יידישער ליטעראַטור־שפּראַך ערשט דורך די שאַפונגען פון אַזעלכע עכט־פּוילישע שריפטשטעלער, ווי פּרץ, אַש, ווייסנבערג.

70. די שפּראַך פון די גאַליצישע שריפטשטעלער האָט זיך נאָך ניט באַ־פרייט פון דער השפעה פון דער דייטשער ליטעראַטור־שפּראַך, אָבער אויף וויפיל זיי האָבן שוין געווירקט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטע־ראַרישער שפּראַך דורך די ווערק פון אַזעלכע פאַרשטייער פון דער גאַליציש־יידישער ליטעראַטור, ווי ד״ר נתן בירנבוים, שמואל־יעקב אימבער, ישעיה־דוד זילבערבוש א. אַנד., ברענגט די דאָזיקע ווירקונג אַריין די פּוילישע ניואַנסע אין אונזער ליטעראַרישן יידיש.

71. אַ באַזונדער שאַטירונג איז אין דער יידישער ליטעראַרישער שפּראַך אַריינגעבראַכט געוואָרן פון די יידישע שריפטשטעלער אין אַמעריקע; די שפּראַך פון אַזעלכע דיכטער, ווי מאָריס ראָזנפעלד, קאָברין, ליבין, זעווין, אַפּאַטאָשו האָט אין זיך עלעמענטן פון דעם ספּעציפישן אַנגליזירטן יידיש.

72. אינגאַנצן ניט פאַרטראָטן אין אונזער ליטעראַטור־שפּראַך זיינען די דיאַלעקטן פון רומעניע און אונגאַרן, אין וועלכע עס זיינען בכלל ניט גע־

שאַפן געוואָרן קיין שום ווערק, וואָס זאָלן געהערן צו דער אַלגעמיין-יידישער ליטעראַטור.

**73.** צום סוף איז כּדאַי צו באַמערקן, אַז ניט נאָר די דיאַלעקטן פון דעם לעבעדיקן פאָלקס-לשון ווירקן אויף דער ליטעראַרישער שפּראַך, נייערט אויך פאַרקערט — זיי ווערן מושפּע פון דער ליטעראַטור און פּרעסע. אַזוי, למשל, איז די זייער אייגנאַרטיקע יידישע אומגאַנגס-שפּראַך פון וואַרשע פאַר דער לעצטער צייט אין געוויסע שיכטן און קרייזן אַ ביסל פאַרענדערט און אַסימילירט געוואָרן, זיך צופּאַסנדיק אין אייניקע ערשיינונגען צו דער ליטווי-שער, ליטעראַריש מער אָנגענומענער שפּראַך — אונטער דער ווירקונג פון דער יידישער ליטעראַטור און דערהויפּט פון דער יידישער פּרעסע, ווי אויך אונטער דער השפּעה פון דער מינדלעכער שפּראַך, דורך דעם אָנפליי פון ניט-פּוי-לישע עלעמענטן אין דער רעזידענץ פון פּוילן. אַדאַנק דער דאָזיקער קעגנזיי-טיקער השפּעה ווערט די ליטעראַרישע שפּראַך אַלץ מער באַרייכערט מיט נאָך קסטימלעכע עלעמענטן פון די דיאַלעקטן און די דיאַלעקטיש אָפּגעזונדערטע קיבוצים — אַלץ מער פאַראייניקט דורך דער אַלגעמיין-יידישער ליטעראַרישער שפּראַך.

**74.** אונזער יידישע שפּראַך, סיי די גערעדטע, אַזוי אויך די ליטעראַרי-שע, וואַקסט און אַנטוויקלט זיך כּסדר, אַזוי ווי יעדער לעבעדיקער אָרגאַניזם. זי קאָן אַלזאָ ניט באַטראַכט ווערן ווי אַ טויטער לשון און בנוגע צו איר מוז גילטן דער פּרינציפּ, אַז טיילמאָל קענען אויך געמאָלט זיין צוויי ערליי נוסחאות, ד. ה. אַז פון צוויי וואַקלדיקע פאָרמען קענען ביידע זיין גלייך ריכטיק און גלייך באַרעכטיקט; וואָרים אין דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך מוז זיין אַ צייט, ווען צוויי פאָרמען זיינען גלייכע מיוחסים, ביז אין דעם קאַמף צווישן זיך איז איינע סוף-כּל-סוף מנצח די אַנדערע און קומט צו דער גאַנצער ממשלה. פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט אויס איז ניט באַרעכטיקט, למשל, די הנחה, אַז דאָס ליטווישע יידיש מוז אָנערקענט ווערן פאַר דעם גרונד פון דער אַלגעמיי-נער יידישער שפּראַך און די ליטווישע אויסשפּראַך — פאַר דער איינציק ריכטי-קער. שוין אַוועקגעקוקט פון דעם, וואָס די צוגעהעריקע פון דעם ליטווישן די-אַלעקט האָבן דערויף קיין רעכט ניט לויט זייער צאָל, בילדנדיק בלויז אַ פערטל און אפשר גאָר אַ פינפטל פון אַלע יידיש-ריידער, קען מען אויך ניט אָנער-קענען, אַז די איבעריקע יידישע דיאַלעקטן זאָלן שטיין נידעריקער פאַר אים לויט זייער אינווייניקסטן עצם און ווערט.

די יידישע גראַמאַטיק קען דעריבער אין אַ סך אופנים ניט נעמען אויף זיך די ראָלע פון אַ געזעצגעבערין. אויסלייגנדיק די געזעצן און כּללים, וואָס הערשן אין דער שפּראַך, מוז זי אָפּט אויך פעסטשטעלן די אָפּווייכונגען און די וואַקלדיקע פאָרמען אין די פאַרשיידענע דיאַלעקטן, איבערלאָזנדיק דעם גוטן שפּראַכגעפיל און דער נאַטירלעכער אַנטוויקלונג מכריע צו זיין, וועלכן נוסח אָפּצוגעבן די בכורה. די קאָדיפיקאַציע פון אַ לעבעדיקער שפּראַך, וועלכע האַלט

זיך אין איין אַנטוויקלען, קען בכלל געמאָלט זיין נאָר ביז אַ געוויסן גראַד און איז אַ פּראָצעס ניט קיין אָפּגעשלאָסענער, ניס קיין פאַרענדיקטער. בפרט איז עס דער פאַל אין דער יידישער שפּראַך, וואָס איז נאָך אַזוי בלוט־יונג אין איר אַנטוויקלונג אויף דעם וועג צו אַ הויך אויסגעבילדעטער קולטור־שפּראַך.

**75.** בלויז פון דעם קורצן, אין די סאַמע אַלגעמיינע שטריכן אָנגעוואָרפענעם איבערבליק איבער דער אַנטשטייאונג און אַנטוויקלונג פון יידיש קען געדרונגען זיין, אַז ביים באַטראַכטן די געזעצן און כללים פון דער יידישער שפּראַך מוז די גראַמאַטיק באַנוצן פאָלגנדיקע הויפּט־מקורים: א) די לעבעדיקע פאָלקס־שפּראַך מיט אַלע אירע דיאַלעקטן און ריידענישן; ב) די ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור; ג) דאָס אַלטע עברי־טייטש, וואָס האָט זיך דערהאַלטן אין די שריפטלעכע מאָנומענטן און אין די טייטשווערטער פון די מלמדים. דערביי מוז זי אָבער טיילמאָל אויך אָנקומען צו די שפּראַכן, פון וועלכע יידיש האָט זיך אַנטוויקלט, — צו דייטש, העברעאיש, סלאַוויש, כדי צו דערקלערן די אָדער יענע ערשיינונג, וואָס איר שורש לאָזט זיך ניט אויסגעפינען אין דעם גבול פון דער יידישער שפּראַך גופא.

# קאַפּיטל איינס.

# פאָנעטיק.

## די פאָנעטיק און די פיזיאָלאָגיע פון די שפּראַך-קלאַנגען.

1. די יידישע שפּראַך, אַזוי ווי יעדער אַנדערער מענטשלעכער לשון באַשטייט פון ווערטער. אין יעדען וואָרט שיידן מיר אונטער צוויי זייטן—אַ אינוויינִיקסטע און אַ אויסווייניקסטע. די אינווייניקסטע זייט—די לאָגישע—גיט אונז דעם געדאַנק אָדער דעם באַגריף, וואָס שטעקט אין דעם וואָרט; די אויסווייניקסטע—די פאָנעטישע—שטעלט אונז פאָר די קלאַנגען פון דעם וואָרט. צי די קלאַנגען ווערן אויסגערעדט באַזונדער, צי זיי ווערן צונויפגעגאָסן איינער מיט דעם אַנדערן—סיי ווי סיי בלייבן זיי די איינפאַכסטע עלעמענטן, וואָס בילדן די שפּראַך.

דער טייל פון דער גראַמאַטיק, וואָס פאַרנעמט זיך מיט די קלאַנגען, הייסט פ אָ נ ע ט י ק.

2. די מאָדערנע פאָנעטיק באַזירט אויף דער פ י ז י אָ ל אָ ג י ע פון די שפּראַך-קלאַנגען, ד. ה. אויף דער וויסנשאַפט, וואָס לערנט די קאָנסטרוקציע פון דעם רייד-אַפּאַראַט, די פונקציעס פון זיינע באַזונדערע טיילן (אָרגאַנען) ביים אַרויסברענגען דעם אָדער יענעם קלאַנג, ווי אויך די אַקוסטישע טבע פון די קלאַנגען גופא. סיי פ י ז י אָ ל אָ ג י ש—ווי אַזוי זיי ווערן געבילדעט, סיי אַ ק ו ס ט י ש—ווי אַזוי זיי ווירקן אויפן געהער, קאָנען די קלאַנגען געפאָרשט ווערן מיט ריין-אָביעקטיווע מיטלען און ספּעציעלע אינסטרומענטן: מיטן קאַמערטאָן, מיטן שפּיגל פון גאָרגל, מיט רעזאָנאַטאָרן, מיטן דופּק, מיטן האַרצקלאַפּן, מיט מאַטעמאַטישע קורוון א. אַז. וו. די פאָנעטיק איז דעריבער ביי היינטיקן טאָג דער עקספּערימענטאַלער, דער נאַטורוויסנשאַפטלעכער און אַלזאָ אויך דער גרינדלעכסטער טייל פון דער שפּראַכוויסנשאַפט, פאַרנעמענדיק דאָס גרעניץ-געביט צווישן לינגוויסטיק, פיזיאָלאָגיע און פיזיק.

די אויפגאַבע פון דער פאָנעטיק איז—צו באַשרייבן, ווי אַזוי די קלאַנגען פון דעם מענטשלעכן לשון ווערן אַרויסגעבראַכט, ווי אַזוי זיי אַנטוויקלען זיך, זיינען משפּיע איינער אויפן אַנדערן און פאַרבינדן זיך אין טראַפן (זילבעס, הברות), ווערטער און זאַצן.

3. די פאָנעטיק שפּילט איינע פון די וויכטיקסטע ראָלן אין די אויספירן וואָס די שפּראַכוויסנשאַפט מאַכט וועגן דעם לעבן און דער אַנטוויקלונג פון די פאַרשיידענע לשונות. די באַקאַנטשאַפט מיט דער פיזיאָלאָגיע פון די קלאַנגען האָט נאָך דערצו אויך אַ ריין פּראַקטישע באַטייטונג, למשל, ביים לערנען פרעמדע שפּראַכן (וועלכע האָבן אָפט אַזעלכע קלאַנגען, וואָס פעלן אין דער מוטערשפּראַך אינגאַנצן אָדער זיינען מער-ווייניקער ניואַנסירט), ביים אויסבעסערן די פעלערן פון דער אויסשפּראַך, ביים באַזייטיקן די שטאַמלעריי און דערהויפּט ביים לערנען ריידן די טויבשטומע.

## דער מענטשלעכער רייד-אַפּאַראַט.

4. אַלע קלאַנגען פון דער מענטשלעכער שפּראַך ווערן געבילדעט דורך דער לופט, וואָס מיר עטעמען אַרויס דורך דער עפענונג פון מויל אָדער דורך די נאָזלעכער. אָבער ביים רואיקן געוויינלעכן עטעמען איז ניט צו פאַרנעמען קיין שום קלאַנג. כדי אַרויסצוברענגען שפּראַך-קלאַנגען, כדי צו ריידן, מוז מען דעם אַרויסגעעטעמטן לופט-שטראָם צונויפּפּרעסן, מאַכן געדיכטער, אַוועקשטעלנדיק מחיצות ביי זיין דורכגאַנג דורך דעם גאָרגל און מויל אָדער גאָרגל און נאָז אָדער גאָרגל, מויל און נאָז.

5. די מחיצות, וואָס פּרעסן צונויף דעם לופט-שטראָם — אַמאָל שטייפער, אַמאָל שוואַכער — און פאַרוואַנדלען אים אַזוי אַרום אין שפּראַך-קלאַנגען, ווערן געמאַכט דורך די רייד-אָרגאַנען: די שטימבענדער, דעם גומען, דער צונג, די ציין און די ליפּן.

6. די שטימבענדער זיינען צוויי עלאַסטישע בענדער, וואָס זיינען אָנגעהעפט אין גאָרגל ביים אַרויסגאַנג פון שלינג (קעל), מיט אַ ברייטן שפּאַלט צווישן זיי — דעם אַזויגערופענעם שטימשפּאַלט. דורך די מוסקלען פון גאָרגל קאָנען די שטימבענדער אָנגעשטעלט ווערן אויף פאַרשיידענע אופנים. ווען די שטימבענדער ווערן ביים ריידן אַזוי שטאַרק צונויפגעדריקט, אַז זיי הייבן אָן פון דער אַרויסשטראָמענדיקער לופט צו וויברירן, צו ציטערן אַזוי ווי אַ סטרונע, קומט דאַן אַרויס דער אַזויגערופענער טאָן אָדער קול (הילך).

7. דורכגעגאַנגען דורך דעם גאָרגל, קאָן דער לופט-שטראָם אַרויס דורך דעם מויל אָדער דורך דער נאָז אָדער דורך דעם מויל און נאָז צוגלייך. דורך דער נאָז קאָן דער לופט-שטראָם אַרויסשטראָמען נאָר דאַן, ווען דאָס צינגל פון דעם גומען אָדער דאָס גומענבלעטל (די אובולע) הענגט שלאַף אַראָפּ.

דער גומען באַשטייט פון דעם האַרטן גומען (דער פאָדערשטער האַרטער אומבאַוועגלעכער טייל) און דעם ווייכן גומען (דער הינטערשטער באַוועגלעכער טייל).

8. דאָס צאָנפלייש הינטער די פאָדערשטע ציין רופט מען די אַלוועאָלן (יאַסלעס).

9. די צונג איז אַ דיקע מוסקל־מאַסע, וואָס באַזיצט זייער אַ גרויסע באַוועגלעכקייט און קאָן דעריבער אָננעמען פילערליי פאָרמען. ווען מען רעדט אַרויס אַ ג אָדער אַ ק, הייבט זיך די צונג אויף צום גומען און פאַרשפּאַרט אויף אַ רגע דעם לופט־שטראָם דעם וועג. ביים אויסריידן אַ כ, הייבט זיך די צונג אויך אויף צום גומען, אָבער באַרירט אים ניט, און עס באַקומט זיך אַ שמאָלער דורכגאַנג, דורך וועלכן די לופט שטראָמט אַרויס. אין אַזאַ מין פּאָזיציע פון דער צונג ווערט אַלזאָ דער לופט־שטראָם פאַרהאַלטן ניט אינגאַנצן, נאָר אַ ביסל.

אַזוי ווי כמעט אַלע טיילן פון צונג (דער שפּיץ צונג, דאָס בלאַט פון צונג, דער פאָדערשטער טייל, דער הינטערשטער) קאָנען זיך אויפהייבן צום גומען, איז דורכדעם געגעבן די מיגלעכקייט אַרויסצוברענגען זייער אַ גרויסע צאָל קלאַנגען.

10. אויך די ליפּן קאָנען פאַרהאַלטן דעם שטראָם אינגאַנצן אָדער אַ ביסל. ווען מ'רעדט אַרויס אַ ב, ווערט דער לופט־שטראָם דורך די ליפּן אויף איין מאָמענט אינגאַנצן פאַרהאַלטן. ביי אַ וו ווערט דורך די אייבערשטע ציין און דער אונטערשטער ליפּ געבילדעט אַ שמאָלער דורכגאַנג, דורך וועלכן די לופט ווערט אַדורכגעפּרעסט.

דורך דער באַוועגלעכקייט פון דער צונג, די ליפּן, דעם ווייכן גומען און דער אונטערשטער קינבאַק איז מיגלעך צו בילדן אַ גרויסע צאָל קלאַנגען.

11. אַחוץ די רייד־אָרגאַנען, וואָס פאַרהאַלטן — אינגאַנצן אָדער טיילוויז — דעם אַרויסגעעטעמטן לופט־שטראָם, פאַרוואַנדלענדיק אים דורכדעם אין שפּראַך־קלאַנגען, געהערן נאָך צו דעם רייד־אַפּאַראַט אויך די רעזאָנאַנס־אָרגאַנען — דער גאָרגל, דער חלל פון מויל און דער חלל פון נאָז. מיט יעדער פאַרענדערונג פון די אייגנטלעכע רייד־אָרגאַנען ענדערן זיך אויך די רעזאָנאַטאָרישע אָרגאַנען. דער חלל פון מויל האָט, למשל, ביים י אַ אַנדער פאָרם ווי ביים וּ, וואָרים ביי די דאָזיקע קלאַנגען זיינען די צונג און די ליפּן אַנדערש אָנגעשטעלט.

12. יעדער קלאַנג פון דער מענטשלעכער שפּראַך איז אַלזאָ אַ רעזולטאַט פון דער טעטיקייט פון דעם לופט־אַפּאַראַט (דעם ברוסטקאַסטן מיט די לונגען דערינען), וועלכע ווערט פּלאַנמעסיק און קונציק רעגולירט דורך די ווירקונגען פון דעם רייד־אַפּאַראַט (דעם גאָרגל, דעם שלינג, דעם חלל פון מויל מיט די ציין, גומען, צונג און ליפּן, און דעם חלל פון נאָז). די דאָזיקע רעגולירונג פון די קעגנזייטיקע ווירקונגען פון דעם לופט־אַפּאַראַט און רייד־אַפּאַראַט אין אַלע אירע טיילן הייסט אַרטיקולאַציע, און די דורכדעם אַרויסגעבראַכטע קלאַנגען — אַרטיקולירטע קלאַנגען. אין ענגערן זין באַצייכנט מען מיט דעם וואָרט אַרטיקולאַציע נאָר די לאַגע, וואָס די אָדער יענע טיילן פון דעם רייד־אַפּאַראַט פאַרנעמען ביים אַרויסברענגען אַ געוויסן קלאַנג.

13. דער רייד־אַפּאַראַט דינט צוגלייך אויך צום עטעמען. אַלס אָרגאַן־

צום עטעמען איז ער אין שטענדיקער טעטיקייט, אַלס רייד־אַפּאַראַט — נאָר בשעת דעםריידן.

בשעת דעם רואיקן עטעמען געפינט זיך דער רייד־אַפּאַראַט אין דער אַזוי־גערופענער לאַגע פון רו אָדער איַנדיפערענץ, וועלכע מאַכט מיגלעך, דער לופט־שטראָם זאָל באַקוועם אַרויסגעטעמט ווערן. די דאָזיקע לאַגע פון רו איז דער נאַטירלעכער יסוד פאַר די באַזונדערע אַרטיקולאַטאָרישע באַוועגונגען פון דעם רייד־אַפּאַראַט און ווערט דעריבער אויך אָנגערופן אַרטיקולאַטאָרישער באַזיס. אַזוי ווי דער גאַנצער קערפּערבוי איז פאַרשיידן ביי די פאַרשיידענע פעלקער און דיאַלעקטישע גרופּעס, און אַפילו ביי איינציקע אינדיווידן פון איין פאָלק, אַזוי איז אויך פאַרשיידן זייער אַרטיקולאַטאָרישער באַזיס. דער אַרטיקולאַטאָרישער באַזיס שפּילט אָבער זייער אַ גרויסע ראָלע אין דער אַרטי־קולאַציע, און כדי טיפער צו באַנעמען די ספּעציפישע פיזיאָלאָגיש־אַנאַטאָמישע נאַטור פון די יידישע קלאַנגען, איז אומגעהייער וויכטיק אויסצופאָרשן און פעסט־צושטעלן דעם אַרטיקולאַטאָרישן באַזיס ביי יידן בכלל און ביי פאַרשיידענע יידישע קיבוצים פון פאַרשיידענע קאַנטן בפרט. דאָס איז איינע פון די גרונד־פּראָבלעמען, וואָס די יידישע פאָנעטיק האָט צו באַשיידן.

## די קלאַסיפיקאַציע פון די שפּראַך־קלאַנגען.

**14.** ווי ס׳איז באַוואוסט פון דער פיזיק, קענען אַלע קלאַנגען פון דער נאַטור איינגעטיילט ווערן אין דריי גרופּעס: אויפרייסן, שאָרכן און טענער. אויפרייסן באַקומען זיך, ווען קערפּערס גיבן זיך אַ קלאַפּ איינער אָן דעם אַנדערן אָדער ווען די לופט צי אַן אַנדער גאַז רייסט זיך פּלוצלונג אַרויס מיט זיין גאַנצער מאַסע פון אַ כלי, וואו עס איז געווען פאַרשפּאַרט, אַ שטייגער, ווען מ׳עפנט אַ פלאַש מיט סעלטער־וואַסער. שאָרכן באַקומען זיך, בשעת קער־פּערס רייבן זיך אָן אַנאַנד, למשל, ווי אַ זעג אָן האָלץ אָדער די טיילכעלעך פון דער לופט אָן די ווענטלעך פון אַ טרומייט. טענער באַקומען זיך, ווען אַ וועלכער עס איז קערפּער, למשל, אַ סטרונע, וויברירט, ד. ה. ציטערט מיט אַ גע־וויסער גיכקייט (פון 16 ביז 30000 ציטערונגען אין אַ סעקונדע). וואָס גיכער די ציטע־רונגען קומען פאָר, אַלץ העכער איז דער טאָן, וואָס ברייטער עס איז די וויברירונג — אַלץ שטאַרקער איז דער טאָן. גלייכצייטיק מיטן הויפּט־טאָן, וואָס מ׳קען אים דייטלעך אַרויסהערן, קען דער וויברירנדיקער קערפּער אַרויסגעבן נאָך עטלעכע אַנדערע טענער, וואָס זיינען העכער פאַרן גרונד־טאָן, נאָר שטילער, שוואַכער פאַר אים. די דאָזיקע טענער הייסן איבערטענער. די איבער־טענער נעמען זיך דערפון, וואָס באַזונדערע טיילן פון דעם וויברירנדיקן קערפּער וויברירן אומאָפּהענגיק פון דעם גאַנצן קערפּער און דערצו נאָך מיט אַ סך אַ גרעסערער געשווינטקייט. די איבערטענער

קען מען געוויינלעך ניט הערן אָן באַזונדערע אינסטרומענטן, **רעזאָנאַטאָרס**, וואָס פאַרשטאַרקן דעם קלאַנג.

**15.** די אייגענע גרופּעס קלאַנגען האָבן מיר אויך אין דעם מענטשלעכן לשון. די אויפרייסן באַקומען זיך דאַן, ווען געוויסע רייד=אָרגאַנען ווערן אַפּריער באַהעפט צווישן זיך און נאָכדעם פּלוצלונג אָפּגעריסן, און דער פאַרהאַלטענער לופט=שטראָם רייסט זיך אַרויס פון מויל=חלל. די שאָרכן אָדער די רייב=קלאַנגען ווערן אַרויסגעבראַכט דורך דער רייבונג פון דעם לופט=שטראָם, ווען ער דאַרף זיך דורכשפּאַרן דורך דעם שמאָלן שפּאַלט צווישן די צונויפגערוקטע אָרגאַנען. די טענער אין דער שפּראַך זיינען די קלאַנגען, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט דורך דער וויבראַציע פון די שטימבענדער אין גאָרגל.

**16.** די אַזוי אַרום אַנטשטייענדיקע קלאַנגען פון דער שפּראַך קען מען קלאַסיפיצירן פון די פאַרשיידנסטע שטאַנדפּונקטן אויס, פאַר פּראַקטישע צוועקן אָבער נעמט מען אָן אַלס יסוד די אַלטע איינטיילונג אין **וואָקאַלן** (זעלבסט=הילכער) און **קאָנסאָנאַנטן** (מיטקלינגער).

קיין שטרענג אָביעקטיווער, פיזיאָלאָגישער פּרינציפּ פאַר דער איינטיילונג פון די שפּראַך=קלאַנגען אין די דאָזיקע צוויי גרופּעס לאָזט זיך, אין תּוך גענומען, ניט אויפשטעלן. די נפקא=מינה צווישן זיי איז דערהויפּט אַ אַקוסטישע און באַשטייט אין דעם, וואָס ביים אַרויסריידן די וואָקאַלן בילדן זיך אין חלל פון מויל **עטלעכע** רעזאָנאַטאָרס, וועלכע טיילן אַרויס פון דער **הילכיקייט** (פון דעם גאַנצן טאָן=קאָמפּלעקס פון דעם וואָקאַל) די נייטיקע אייבערטענער, בשעת ווען ביים אַרויסריידן די קאָנסאָנאַנטן שפּילט דער חלל פון מויל אַלס רעזאָנאַטאָר (איין רעזאָנאַטאָר, און ניט — עטלעכע) אָדער גאָר קיין שום ראָלע ניט, אָדער ער דינט נאָר צום פאַרשטאַרקן דעם קלאַנג פון דער הילכיקייט (ביי נ,מ,ל,ר).

אויף וויפיל ס'איז ניטאָ קיין פעסטע גרעניץ צווישן וואָקאַל און קאָנסאָנאַנט, קען מען זיך איבערצייגן, למשל, פאַרגלייכנדיק די אויסשפּראַך פון **איד** און **ייד**, **אינגער** און **יינגער**, **טעות=טאָעס** און **טאָוועס**. אָנגעשטעלט דאָס מויל אויף אַרויסצורייידן דעם וואָקאַל **י**, איז גענוג נאָר אַ ביסעלע העכער אויפהייבן די צונג צום גומען, כּדי צו באַקומען דעם קאָנסאָנאַנט יִ (j), וואָרים דערנעענטערנדיק די צונג צום גומען בייטן מיר אום די פאָרם פון די רעזאָנאַטאָרס און זיי הערן אויף אויסצוטיילן די אייבערטענער. דאָס אייגענע, ווען מיר האָבן אָנגעשטעלט דאָס מויל אויף אַרויסצוזאָגן דעם וואָקאַל **ו**, איז ווי נאָר מיר וועלן אַ ביסל צונויפרוקן די ליפּן, וועלן מיר צעשטערן די פאָרם פון די רעזאָנאַטאָרס און מיר וועלן באַקומען דעם קאָנסאָנאַנט **וו**.

## וואָקאַלן.

**17.** אַלע וואָקאַלן ווערן אַרויסגעבראַכט דורכדעם, וואָס די שטים וויברירט און דער לופט=שטראָם גייט פריי אַרויס דורך דעם געעפנטן חלל פון מויל.

זייער פאַרשיידענע קלאַנגפאַרב אָדער קוואַליטעט, ד. ה. דאָס, וואָס איין וואָקאַל איז אַ, דער אַנדערער—אָ, דער דריטער—ו, דער פערטער—י, דער פינפטער—ע, באַקומט זיך נאָר דערפון, וואָס דער חלל פון מויל נעמט אָן פאַרשיידענע פאָרמען צוליב דער פאַרשיידענער לאַגע פון דער צונג, גומען און ליפּן ביים אַרויסברענגען דעם אָדער יענעם וואָקאַל און דער קול באַקומט דורכדעם אַ פאַרשיידענעם רעזאָנאַנס.

18. לויט דעם גראַד, אויף וויפיל די צונג איז אויפגעהויבן צום גומען, אונטערשיידן מיר הויכע וואָקאַלן, מיטעלע און נידעריקע. לויט דעם אָרט, צו וועלכן די צונג איז אויפגעהויבן, אונטערשיידן מיר וואָקאַלן פון דער פאָדערשטער ריי אָדער פּאַלאַטאַלע: י—ע (די צונג איז אויפגעהויבן צו דעם פאָדערשטן, האַרטן גומען—אויף לאַטייניש palatum), און וואָקאַלן פון דער הינטערשטער ריי אָדער וועלאַרע: אַ—ו—אָ (די צונג איז אויפגעהויבן צום הינטערשטן, ווייכן גומען, אויף לאַטייניש velum). צווישן די פּאַלאַטאַלע און וועלאַרע איז נאָך דאָ אַ מיטלסטע ריי וואָקאַלן—פּאַלאַטאָוועלאַרע, ווען די צונג איז אויפגעהויבן צום מיטלסטן טייל גומען, ווי למשל, ביי דער אויסשפּראַך פון ע אין פּאָטער (ענלעך צום רוסישן ы, צום פּוילישן y).

19. אָבער ניט נאָר די צונג באַטייליקט זיך ביי דער בילדונג פון וואָקאַלן, נייערט אויך די ליפּן.

ביי דער אויסשפּראַך פון די וואָקאַלן קענען די ליפּן זיין אַרויסגערוקט פאָראויס און פאַרקיילעכדיקט (ווי, למשל, ביי דער אויסשפּראַך פון ו און אָ), דאַן האָבן מיר פאַרקיילעכדיקטע, לאַביאַליזירטע וואָקאַלן; אָדער די ליפּן פאַרברייטערן זיך נאָר אין דער פאָרם פון אַ שפּאַלט, ווי ביי דער אויסשפּראַך פון י און ע, וועלכע ווערן אַלזאָ ניט לאַביאַליזירט. אָבער די לאַביאַליזאַציע קען אויך פאָרקומען ביי י און ע, דאַן ווערן זיי אין זייער אויסשפּראַך מער אָדער ווייניקער מאָדיפיצירט.

20. אויך די לאַגע פון דעם גומענבלעטל שפּילט אַ געוויסע ראָלע ביי דער אויסשפּראַך פון די וואָקאַלן, און אָפּהענגיק דערפון קענען זיי באַקומען אַ נאַזאַלירטן טאָן, ווען זיי גייען אַדורך ניט נאָר דורכן מויל, נאָר אויך דורך דעם חלל פון דער נאָז. אַזעלכע וואָקאַלן הייסן גענעזלטע אָדער נאַזאַלירטע וואָקאַלן.

21. ענדלעך דאַרף מען נאָך ביי דער אויסשפּראַך פון די וואָקאַלן נעמען אין אַכט די קראַפט פון דער אַרטיקולאַציע. די מוסקלען פון דער צונג קענען זיין אָנגעצויגן, געשפּאַנט, שטאַרקער אָדער שלאַפער. דורכדעם קומען אַרויס ענגע, געשלאָסענע וואָקאַלן אָדער ברייטע, אָפענע.

22. די דאָזיקע אַלע באַדינגונגען, פון וועלכע עס הענגט אָפּ די קוואַליטעט פון די וואָקאַלן, קענען פאָרקומען אין די מיגלעכסטע קאָמבינאַציעס, וואָס זייער צאָל ווערט נאָך פאַרמערט דורך דער פאַרשיידענער קוואַנטיטעט פון די וואָקאַלן (ד. ה. צי ווערן די וואָקאַלן אויסגערעדט לאַנג, קורץ אָדער

זייער קורץ). ס׳איז אַלזאָ קלאָר, אַז די וואָקאַלן קאָנען זיין גיואַנסירט אויף אַן אַ שיעור אופנים, אַזוי אַז די געוויינלעכע שריפט האָט אפילו גאָר די מיגלעכקייט ניט איבערצוגעבן די דאָזיקע אַלע ניואַנסן.

## קאָנסאָנאַנטן.

**23.** די קאָנסאָנאַנטן זיינען קלאַנגען, וועלכע ווערן אַרויסגעבראַכט דורכדעם, וואָס דער לופט=שטראָם ווערט ערגעץ=וואו אין מויל פאַרהאַלטן אָדער דורך פאַרשליסן די רייד=אָרגאַנען אָדער דורך בילדן אַ שמאָלן שפּאַלט צווישן די אָרגאַנען.

לויט דעם דאָזיקן *שטייגער* פון זייער אַרטיקולאַציע ווערן די קאָנסאָנאַנטן איינגעטיילט אין צוויי גרופּעס: *רייב=קלאַנגען* אָדער *פריקאַטיווע* (זיי הייסן אויך ספּיראַנטן), וועלכע ווערן געבילדעט דורך דער רייבונג פון דעם לופט=שטראָם ביי זיין דורכגאַנג דורך דעם שמאָלן שפּאַלט צווישן די אַרטיקולירנדיקע אָרגאַנען: פ, וו, ס, ז, ש, זש, צ, דז, טש, דזש, ח, כ; און *אויפרייס=קלאַנגען* אָדער *עקספּלאָזיווע*, וועלכע ווערן געבילדעט דורך דער פּלוצלונגער אָפּרייסונג פון די נאָר=וואָס פאַרשלאָסענע אָרגאַנען, ווען דער פאַרהאַלטענער לופט=שטראָם רייסט זיך מיט אַמאָל אַרויס פון דעם מויל=חלל: פּ, ב, ט, ד, ק, ג, א.

**24.** די רייב=קלאַנגען קענען געצויגן ווערן מיטן אָטעם סעקונדנלאַנג, זיי זיינען אַלזאָ *געדויער=קלאַנגען* (אייגנטלעך געדויער=קאָנסאָנאַנטן, וואָרים אויך די וואָקאַלן זיינען דאָך געדויער=קלאַנגען); אַקעגן=זשע, די אויפרייס=קלאַנגען, וועלכע עקספּלאָדירן מיט אַמאָל, מוזן אויסגערעדט ווערן זייער קורץ; זיי זיינען *מאָמענט=קלאַנגען*.

באַזונדער פון די דאָזיקע צוויי קאַטעגאָריעס שטייען די אַזוי=גערופענע *סאָנאָרע* קאָנסאָנאַנטן ר—ל און נ—מ.

**25.** ווייטער ווערן די קאָנסאָנאַנטן איינגעטיילט לויט דעם *אָרט* פון דער אַרטיקולאַציע, ד. ה. לויט דעם אָרט, וואו דער חלל פון מויל ווערט פאַרשלאָסן אָדער פאַרענגט פאַר דעם לופט=שטראָם דורך אַ מחיצה. די מחיצה ווערט געבילדעט דורך די ליפּן אָדער דורך דער צונג.

פּ און ב ווערן געבילדעט דורך פאַרשליסן ביידע ליפּן, פּ און ב זיינען *ליפּנדיקע* קלאַנגען אָדער *בילאַביאַלע*. ביי ט און ד ווערט די מחיצה געבילדעט הינטער די אייבערשטע פאָדערשטע ציין, הייסן זיי *צאָניקע* אָדער *דענטאַלע*. ביי ק און ג ווערט די מחיצה געבילדעט ביים ווייכן גומען, הייסן זיי *גומענדיקע* קלאַנגען אָדער *וועלאַרע* (אויך גוטוראַלע). ביי פ און וו ווערט דער שפּאַלט געבילדעט דורך די אייבערשטע ציין און דער אונטערשטער ליפּ; די דאָזיקע קלאַנגען הייסן דעריבער *ליפּנצאָניקע* אָדער *לאַביאָדענטאַלע*.

26. ביי מ ווערן פאַרשלאָסן די ליפּן, בשעת ווען דאָס גומענבלעטל (דער ווייכער גומען) לאָזט זיך אַראָפּ און די לופט שטראָמט אַרויס פון נאָז; מ איז אַלזאָ אי אַ ביִאַלאַביאַל אי אַ נאַזאַל (אַ ליפּנדיקער קלאַנג און אַ נאָזנדיקער).

ביי נ גייט דער לופט־שטראָם דאָסגלייכן אַרויס דורך דער נאָז, אָבער די מחיצה ווערט געבילדעט דורך דער צונג און די אייבערשטע פאָדערשטע ציין; נ איז אַלזאָ אַ דענטאַל און אַ נאַזאַל (אַ צאָניקער קלאַנג און אַ נאָזנדיקער).

אין יידיש איז אויך דאָ אַ פּאַלאַטאַליזירטער נ־קלאַנג, דערהויפּט אין סלאַווישע ווערטער, ווי, למשל, דער נ אין היניען, גאָטעניו א. אַז. וו.

27. פאַר ג און ק און נאָך כ, ג, ק ווערט די מחיצה פאַר דעם נ אין יידיש געבילדעט דורכדעם, וואָס די צונג הייבט זיך אויף צום גומענבלעטל, דאָס גומענבלעטל לאָזט זיך אַראָפּ און דער לופט־שטראָם גייט אַרויס דורך דער נאָז. דער דאָזיקער נ איז אַלזאָ אי אַ נאַזאַל אי אַ וועלאַר (אַזאַ מין נ באַגעגנט זיך נאָך אין פּוילישן יידיש אויך אין דער אויסשפּראַך פון אַזעלכע ווערטער, ווי, למשל, מעשה־מאַנסע, דאגה־דאַנגע).

28. ביי י אַלס קאָנסאָנאַנט (יְ, j, ווי אין יעדער) ווערט דער שפּאַלט געבילדעט דורך דעם פאָדערשטן טייל פון דער צונג און דעם האַרטן גומען; יְ איז אַ פּאַלאַטאַל (פון האַרטן גומען).

29. דער כ אין יידיש איז אַ געכאָרכלטער, אַ געגאָרגלטער קלאַנג, וואָס ווערט געבילדעט אין שטימשפּאַלט (גאָרגלשפּאַלט) און הייסט לאַרינגאַלער. אַחוץ דעם דאָזיקן כ איז נאָך פאַראַן אַ ווייכער פּאַלאַטאַלער כ (אין דייטש דער—ich־קלאַנג), וואָס ווערט געבילדעט ביים פאָדערשטן האַרטן גו־מען, און אַ וועלאַרער כ (דער רוסישער x אָדער דער דייטשער ach־קלאַנג), וועלכער ווערט אַרויסגעבראַכט ביי דעם הינטערשטן ווייכן גומען.

30. די קאָנסאָנאַנטן ל, ר הייסן פליִיציקע אָדער ליקווידע. ביי ל ווערט געבילדעט אַ מחיצה דורך די אַלוועאָלן פון די אייבערשטע ציין און דעם שפּיץ צונג, די שטימבענדער הייבן אָן צו וויברירן און דער לופט־שטראָם גייט אַרויס דורך די צוויי שפּאַלטן צווישן די צונג־רענדער און די באַקציין.

אין די פּוילישע און דאָס רוב דרומדיקע דיאַלעקטן איז דער ל אַ ווייכער, אַ פּאַלאַטאַליזירטער, הגם ניט אַלעמאָל, אָפּהענגיק פון דעם קלאַנג, מיט וועלכן ער איז פאַרבונדן. אין ליטווישן יידיש איז דער ל דאָס רוב האַרט, אַחוץ אין די ווערטער, וואָס קומען פון סלאַוויש מיט אַ פּאַלאַטאַליזירטן ל, למשל, שליאַך.

31. דער ר איז אָדער אַ צונגענדיקער ר (אַ אַלוועאָלאַרער) אָדער אַ געכאָרכלטער, געגאָרגלטער (אַ לאַרינגאַלער). ביי דעם צונגענדיקן ר וויברירט דער שפּיץ צונג, וועלכער הייבט זיך אויף צו די אייבערשטע אַלווע־

אָלן; דאָס איז דער ווייכער רוסישער p; ער באַגעגנט זיך אויך ביי יידן, וועגן וועלכע מ׳זאָגט, אַז זיי ריידן מיטן „ריש״. רירט אָבער דער שפּיץ צונג אָן ניט די אַלוועאָלן, נאָר דעם האַרטן גומען, באַקומט זיך דער פּ א ל א ט א ל ע ר- איידעלער ר, וואָס קלינגט כמעט אין אַלע פּוילישע דיאַלעקטן.

ביי דעם געכאָרכלטן ר וויברירט ניט דער שפּיץ צונג, נאָר דאָס גו- מ ע נ ב ל ע ט ל, דערביי ווערט דער הינטערשטער טייל צונג אויפגעהויבן צום ווייכן גומען. ביי אַ שטאַרקער אַרטיקולאַציע קלינגט דער דאָזיקער ר כמעט אַזוי ווי כ. דער געכאָרכלטער ר איז דער כאַראַקטעריסטישסטער פאַר דער יידישער שפּראַך.

**32.** דער ה איז דער צום ווינציקסטן אַרטיקולירטער קלאַנג, וועלכער באַקומט זיך דורכדעם, וואָס דער לופט-שטראָם, וועלכער ווערט אַרויסגעבראַכט ביים נאַטירלעכן עטעמען, ווערט פאַרשטאַרקט, דער שטימשפּאַלט פאַרענגט און דער גאָרגל אַ ביסל פאַרקלענערט. דער ה איז אויך אַלזאָ אַ געגאָרגלטער (אָדער אַ לאַרינגאַלער) קאָנסאָנאַנט, וועלכער שיידט זיך אָפּ פון אַנדערע קאָנסאָ- נאַנטן דורכדעם, וואָס ער ווערט אַרויסגערעדט אָן דער בילדונג אָדער אַוועק- נעמונג פון אַ מחיצה; דעריבער איז ביים אויסריידן א ה די צונג אָנגעשטעלט אַזוי ווי ביי אַ וואָקאַל.

**33.** אַנטקעגן דעם געכאָרכלטן רייב-קלאַנג ה האָבן מיר אויך אַ גע- כאָרכלטן אויפרייס-קלאַנג, דעם לאַרינגאַלן קאָנסאָנאַנט אְ, וואָס איז דאָ, למשל, אין העברעאיש, אין אַזעלכע ווערטער, ווי, אַ שטייגער, יְאְשָׁם. די איראָפּעער שרייבן ניט דעם דאָזיקן קלאַנג, הגם זיי ווייסן פון אים און רופן אים אָן ג אָ ר ג ל- ע ק ס פּ ל אָ ז י וו ע ר הילך. דאָס איז דער קלאַנג פון אַ לייכטן הוסטל, ווען מיר כאָרכלען זיך, למשל, אויס פאַרן אָנהייבן ריידן. ער ווערט אַרויסגעבראַכט דורכדעם, וואָס דער שטימשפּאַלט ווערט אויף איין מאָמענט פאַרשלאָסן און מיט אַמאָל אָפּגעעפנט; דאָס קומט, למשל, פאָר פאַרן אַרויסריידן באַטאָנטע וואָקאַלן, וואָס הייבן אָן אַ נייעם טראַף אין אַ צונויפגעזעצטן וואָרט, אַ שטיי- גער, אין אַזעלכע ווערטער, ווי פאַר׳אומערן (ניט פאַ—רומערן), פאַר׳איין (ניט פאַ—ריין), er'innern (ניט e—rinnern), с'узить (ניט сузить).

**34.** געווענדט אָן דעם, צי ביים אַרויסברענגען די קאָנסאָנאַנטן וויברירן די שטימבענדער אָדער ניט, ווערן זיי איינגעטיילט אין ד ו מ פּ ע און ה י ל כ י- ק ע. ביים אַרויסריידן די דומפּע קאָנסאָנאַנטן, למשל, פּ, ט, ס, איז דער שפּאַלט צווישן די שטימבענדער ברייט געעפנט און די לופט גייט אַדורך דורך אים אָן אַ שום געראויש; עס הערט זיך נאָר דער געראויש פון די רייד-אָרגאַנען. ביי די הילכיקע קאָנסאָנאַנטן ווערט צו דעם געראויש, וועלכער ווערט אַרויסגעבראַכט דורך די רייד-אָרגאַנען, נאָך צוגעמישט דער מוזיקאַלישער טאָן פון די וויב- רירנדיקע שטימבענדער. דער דאָזיקער טאָן (קול, שטים אָדער הילכיקייט) בייט אום דעם קלאַנג: פון פּ ווערט ב, פון ט ווערט ד, פון ס ווערט ז א. אז. וו. יעדער דומפּער קאָנסאָנאַנט האָט אַלזאָ זיין בן-זיווג אַ הילכיקן, הגם עס זיינען

אויך פאַראַן קאָנסאָנאַנטן אָדער נאָר הילכיקע, ל, מ, נ, ר (וואָס זיינען צוליב זייער הילכיקייט ענלעך צו וואָקאַלן) אָדער נאָר דומפּע: צ, טש. איבעריקנס האָבן מיר אין יידיש אַ הילכיקן בן־זיווג פון צ אין דעם קלאַנג דז (אונדז, האַלדז) און אַ הילכיקן בן־זיווג פון טש — אין דעם קלאַנג דזש (אין אייניקע סלאַווישע ווערטער, ווי, למשל, בלאָנדזשען).

אַזוי אַרום באַקומען מיר פאָלגנדיקע טאַבעלע פון די יידישע קאָנסאָנאַנטן לויט זייער הילכיקייט:

הילכיק: ב, וו, ד, ז, זש, ג, דז, דזש.
דומפּ: פּ, פֿ, ט, ס, ש, ק, צ, טש.

די אַלטע גראַמאַטיקער האָבן אָנשטאָט הילכיק און דומפּ באַצייכנט די קאָנסאָנאַנטן מיט די נעמען האַרטע און ווייכע. באַראָכאָוו באַנוצט די טערמינען הילכיק און שטום. אין דייטש הייסן זיי איצט שטימהאַפט און שטימלאָז, וואָס קען אין יידיש איבערגעגעבן ווערן דורך שטימיק און אָנשטימיק.

**35.** פאַר דעם לינגוויסטישן טייל פון דער פאָנעטיק איז נאָך באַזונדערס וויכטיק די אַקוסטישע איינטיילונג פון די קלאַנגען אין גערויש־קלאַנגען (אָדער רעש־קלאַנגען) און סאָנאָרע קלאַנגען. די גערויש־קלאַנגען זיינען די קלאַנגען, וואָס דער עיקר אין זיי איז דער גערויש און ניט דער טאָן; דאָס זיינען די עקספּלאָזיווע און פריקאַטיווע קאָנסאָנאַנטן, סיי די הילכיקע סיי די דומפּע; די סאָנאָרע קלאַנגען זיינען ריינע קול־טענער (לויט באַראָכאָווס טערמינאָלאָגיע), ד. ה. זיי באַשטייען פון ריינער הילכיקייט, אָן אַ שום צומיש פון גערויש. זיי ווערן, ווי שוין געזאָגט, געבילדעט דורך דער ריטמישער וויבראַציע פון די שטימבענדער. אחוץ די וואָקאַלן געהערן צו די סאָנאָרע קלאַנגען די פליסיקע קאָנסאָנאַנטן ל, ר און די נאַזאַלירטע קאָנסאָנאַנטן (נאָז־קלאַנגען) מ, נ.

אַלע סאָנאָרע קלאַנגען קענען בילדן אַ טראַף, אַ זילבע, זיי זיינען אַלזאָ טראַפבילדנדיקע (אָדער זילבישע) קלאַנגען; אין יידיש בילדן געוויינלעך אַ טראַף נאָר די פאָלגנדיקע: אַ, אָ, ע, י, ו, ל און נ, ד. ה. ל און נ זיינען אין יידיש וואָקאַלן, ווייל זיי זיינען טראַפבילדנדיק (אין דער ביז דער לעצטער צייט אָנגענומענער יידישער אָרטאָגראַפיע, וועלכע לייגט אויס, למשל, שרייבן, טישעל, איז עס ניט קענטיק, ווייל עס באַקומט זיך, אַז דער טרעגער פון דעם צווייטן טראַף איז ע; אין דער אמתן אָבער איז דאָ קיין שום ע ניטאָ, און דער צווייטער טראַף איז דאָ געבילדעט פון די סאָנאָרע קאָנסאָנאַנטן ן (שריי—בן) און ל (טי—של).

**36.** ענדלעך דאַרף נאָך אָנגעוויזן ווערן, אַז אייניקע פון די שוין באַהאַנדלטע קלאַנגען זיינען קאָמבינירטע, וואָס זיינען צונויפגעזעצט פון צוויי קלאַנגען: קאָמבינירטע וואָקאַלן אָדער דיפטאָנגען עי (ײ), אי (ײַ), אָי (וי) און קאָמבינירטע קאָנסאָנאַנטן אָדער אַפריקאַטן, וועלכע זיינען צונויפגעגאָסן

פון אַ עקספּלאָזיוון קלאַנג און אַ פריקאַטיוון: צ (ט און ס), טש (ט און ש), דז (ד און ז), דזש (ד און זש).

## די פאַרענדערונגען פון די קלאַנגען.

**37.** די קלאַנגען פון דער שפּראַך בלייבן ניט אייביק דיזעלביקע, נייערט זיי פאַרענדערן זיך אין משך פון דער צייט. די דאָזיקע פאַרענדערונגען, ווי בכלל די גראַמאַטישע ערשיינונגען פון יעדער שפּראַך, דאַרף מען קודם־כל פאָרשן אין גבול פון דער שפּראַך גופא. אָבער ניט אַלעמאָל ברענגט עס צו אַ פולקומער אויפקלערונג פון די ערשיינונגען אין דעם לעבן פון דער שפּראַך; טיילמאָל מוז מען דערביי אָנקומען צו דער פאַרגלייכונג מיט נאָענטע שפּראַכן. אַזוי, למשל, איז אָן אַ פאַרגלייך מיט דייטש (געגנויער—מיטלהויכדייטש) אומ־פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס זאָגט דער ליטווישער ייד צוויי מיט אַ צירה (צווײ) און דריי מיט אַ פתח (דראַי), אָדער פאַרוואָס רעדט דער פויליש־וואָלינער ייד אַרויס האָפן מיט אַ קמץ און שלאָפן מיט אַ מלאפום (שלופן). ערשט די פאַרגלייכנדיקע גראַמאַטיק פון יידיש און דייטש דערקלערט די דאָזיקע ערשיי־נונגען, אויפווייזנדיק זייער שורש.

**38.** אָנווענדנדיק דעם דאָזיקן היסטאָריש־גענעטישן אַנאַליז ביים שטודירן די פאַרענדערונגען פון די יידישע קלאַנגען, פאַרגלייכן מיר דעם איצטיקן צושטאַנד פון אונזער שפּראַך מיט אַ פריערדיקן, וואָס איז פאַרפיק־סירט אין שריפטלעכע מאָנומענטן, אָדער—מיט דער פאָנעטיק פון די לשונות, פון וועלכע זי האָט זיך אַנטוויקלט, פאָרשן אויס די פאָנעטישע ערשיינונגען אין די יידישע פאָלקסדיאַלעקטן גופא. און מיר קומען דאַן צום אויספיר, אַז פאָנעטיש ווייכט די יידישע שפּראַך מער אָדער ווייניקער אָפּ סיי פון דעם אַלטן יידיש־דייטש, אויף וויפיל מיר קאָנען עס פון דער אַלטער יידישער לי־טעראַטור, סיי פון די שפּראַכן, וואָס פון זיי האָט זיך יידיש אַנטוויקלט, גע־שעפּט איר וואָרט־אוצר (דייטש, העברעאיש, סלאַוויש א. אַנד.), און אַז אויך אין גבול פון מאָדערנעם יידיש גופא האָבן מיר פאָנעטישע אונטערשיידן אין די פאַרשיידענע יידישע דיאַלעקטן.

**39.** די פאָנעטישע פאַרענדערונגען זיינען דאָס רוב אַנאַטאָמיש־פיזיאָלאָגישע, האָבנדיק זייער שורש אין דער ספערע פון דעם רייד־אַפּאַראַט. פאַרהאַן אָבער אויך אַקוסטישע פאַרבייטונגען, וואָס נעמען זיך פון דער שמיעה, וואָרים די קלאַנגען ווערן ניט נאָר גערעדט, נאָר אויך געהערט. מ׳דאַרף אויך ניט פאַרגעסן, אַז סיי אין די אַרויסגע־רעדטע קלאַנגען סיי אין די געהערטע האָט אַ געוויסן חלק אויך דער פּסיכי־שער מאָמענט, וואָרים דעם אימפולס צו דער אַרטיקולאַציע פון די קלאַנגען גיט דאָך די טעטיקייט פון מוח.

**40.** די אַנאַטאָמיש־פיזיאָלאָגישע פאַרענדערונגען פון די קלאַנגען קאָנען

זיין ספּאָנטאַנישע, ווען זיי שטאַמען פון דער טבע פון דעם פאַרענדערטן קלאַנג גופא, און קאָמבינאַטאָרישע, ווען זיי זיינען אַרויסגערופן דורך דער השפעה פון די שכנישע אָדער נאָענטע קלאַנגען. דער איבערגאַנג פון יעדן לאַנגן a אין אַ יידישן קמץ, למשל, איז אַ אַנאַטאָמיש-פיזיאָלאָגישע פאַרענדערונג און אַ ספּאָנטאַנישע, ווייל די סיבה פון דעם דאָזיקן איבערגאַנג ליגט אין דער טבע פון דעם לאַנגן a גופא, קיין נפקא-מינה ניט, מיט וואָס פאַר אַ קלאַנגען דער דאָזיקער a קאָמבינירט זיך (פאַרגלייך, למשל, אַזעלכע פאַרשיידענע קלאַנגען-קאָמבינאַציעס, ווי שלאָף, נאָז, טאָל, טראָגן, באָרוועס, אָוונט, בראָטן, צדקה, נדבה, ברוך, סאָד, בראָם, סטאָן, וואו מיר האָבן אַ קמץ אָנשטאָט דעם לאַנגן a אין די מקור-שפּראַכן).

דער איבערגאַנג פון יעדן הילכיקן קאָנסאָנאַנט אין זיין דומפּן בן-זיווג (אין אַזעלכע פאָרמען, למשל, ווי לעבן—לעפּט, פּרובן—פּרופּט, שניידן—שנייטט, בלאָזן—בלאָסט, ברענגען—ברענקט) איז אויך אַ אַנאַטאָמיש-פיזיאָלאָגישע פאַרענדערונג, אָבער אַ קאָמבינאַטאָרישע, ווייל דער דאָזיקער איבערגאַנג קומט פאָר נאָר אין שכנות, אין קאָמבינאַציע מיט געוויסע קלאַנגען, ווי אין דעם פאַל—פאַר אַ ט. אַ ביישפּיל פון אַ קאָמבינאַטאָרישער פאַרענדערונג איז, למשל, אויך דער איבערגאַנג פון נ אין ם אין אַזעלכע ווערטער, ווי געבּם (געבּן), חשבּם (חשבון), ליפּם (ליפּן), ווייל דער דאָזיקער איבערגאַנג מערקט זיך נאָר נאָך אַ ליפּנדיקן קלאַנג (ב אָדער פּ).

**41.** אַלס דוגמא פון די אַקוסטישע פאַרבייטונגען אין יידיש קען דינען די אויסשפּראַך פון אַזעלכע ווערטער, ווי, למשל, באַלטן (אָנשטאָט באַלקן), דראַפּען (אָנשטאָט גראַפּען), וואו דאָס געהער האָט אָנשטאָט איין קאָנסאָנאַנט אונטערגעשטעלט אַן אַנדערן, אַ נאָענטן, פאַרקערט, אין דער קינדער-שפּראַך, וואו דאָס פאַרבייטן אַ ק אויף אַ ט אָדער אַ ג אויף אַ ד איז זייער אָפט (טאָפּעלע טוטעריטו!), זיינען אַזעלכע מיני פאַרבייטונגען אַנאַטאָמיש-פיזיאָלאָגישע.

**42.** בנוגע די פיזיאָלאָגישע פאַרענדערונגען פון די קלאַנגען באַמערקן מיר, אַז זיי קומען פאָר ניט צופעליק, ניט ספּאָראַדיש, נייערט כּסדר און אומעטום, אין אַלע ווערטער, וואָס שטעלן פאָר אַלצאיינע באַדינגונגען פאַר דער אויסשפּראַך פון דעם אָדער יענעם קלאַנג, ווי, למשל, דער שוין דערמאָנטער איבערגאַנג פון דעם לאַנגן a אין אַ קמץ, אָדער די פאַרדומפּונג פון אַ קאָנסאָנאַנט פאַר אַ ט.

אַקעגן-זשע די אַקוסטישע פאַרבייטונגען קומען פאָר ניט אין אַלע ווערטער, וואָס שטעלן פאָר די זעלביקע קאָמבינאַציע פון קלאַנגען, נאָר ספּאָראַדיש: אין דעם אָדער יענעם וואָרט האָט דאָס געהער אָנשטאָט דעם לכתחילהדיקן קלאַנג אונטערגעשטעלט אַן אַנדערן, אַקוסטיש אַ ענלעכן, און אין דער דאָזיקער געענדערטער אויסשפּראַך איז דאָס וואָרט, אַלס יוצא-מן-הכלל, אַריין אין דעם אַלגעמיינעם געברויך.

**43.** די ערשיינונגען פון דעם דאָזיקן סוג נעמען זיך, אגב, ניט אַלעמאָל,

פון דעם אַקוסטישן מאָמענט; טיילמאָל האָט מען זיי צו פאַרדאַנקען דער אומגענויקייט פון דעם זכרון ביים איבערזאָגן דאָס וואָרט; דאָס קומט דערהויפּט פאָר מיט אויסטערלישע אָדער נייע ווערטער, וואָס האָבן אין דער שפּראַך קיין אַלטגעזעסענע קרובים ניט. דאָס וואָרט פּ ע ר פּ ע נ ד י ק ל (דער אומרו פון אַ זייגער) קלינגט, למשל, אין דער יידישער פאָלקס-שפּראַך פאָמפּעדיקל (מינסק) אָדער פאָמפּעטיטל (ווילנע), און די דאָזיקע אַקוסטישע פאַרבייטונג פון די קלאַנגען נעמט זיך דערפון, וואָס דער זכרון האָט ניט געקענט איבערגעבן גענוי די קלאַנגען פון דעם פרעמדן וואָרט.

**44.** אויף דעם ביישפּיל מיט דעם וואָרט פאָמפּעדיקל קענען מיר אויך באַמערקן, ווי אַזוי צו דעם אַקוסטישן פאַקטאָר קומט נאָך צו די ווירקונג פון דער אַזויגערופענער פ אָ ל ק ס-ע ט י מ אָ ל אָ ג י ע, וועלכע באַשטייט אין דעם, אַז אַ וואָרט, וואָס איז ניט דייטלעך אין זיין שורש אָדער וואָס קלינגט בכלל אויסטערליש, ווערט אין דעם פאָלקסמויל פאָנעטיש דערנעענטערט צו אַן אַנדערן, ענלעך קלינגענדיקן וואָרט, מיט וועלכן עס האָט עטימאָלאָגיש קיין שום שייכות ניט. אין דעם וואָרט פערפּענדיקל, למשל, האָט די פאָלקס-עטימאָלאָגיע איבערגעפורימט די קלאַנגען, זעענדיק אין זיי אַ צוזאַמענהאַנג מיט דעם אַלטן באַקאַנטן וואָרט פּאָמפּע.

**45.** ניט אַלע מאָל אַלזאָ לאָזט זיך פעסטשטעלן, צו וועלכן טיפּ די פאָנעטישע פאַרענדערונגען געהערן. נעמען מיר, למשל, דאָס וואָרט בעל-מצווה: מיר קענען דאָ האָבן אַ אַקוסטישע פאַרבייטונג פון דעם ר אויף דעם צו אים נאָענטען קלאַנג ל (אַזוי ווי, למשל, מיר האָבן דעם ר פאַרביטן אויפן ל אין וואָרט קאָלידאָר); און ס'קען זיין, אַז אין דעם, וואָס דאָס פאָלק רעדט אַרויס בעל-מצווה, ניט בר-מצווה, האָט די הויפּטראָלע געשפּילט ניט דער אַקוסטישער מאָמענט, נאָר די פאָלקס-עטימאָלאָגיע, די אַנאַלאָגיע מיט אַזעלכע ווערטער, וואָס זיינען צונויפגעזעצט מיט בעל (בעל-הבית, בעל-שמחה א. אנד.). אָדער אין דער פאָלקסטימלעכער אויסשפּראַך ג ן-א י י ד י ם אָנשטאָט ג ן-ע ד ן איז די אַקוסטישע פאַרבייטונג פון דעם נ אויף דעם צו אים נאָענטן קלאַנג ם אויך אַרויסגעקומען דורך דער ווירקונג פון דער פאָלקס-עטימאָלאָגיע, וואָס האָט דאָ געזען אַ אַנאַלאָגיע מיט אַזעלכע ווערטער, ווי איידים, בוידים א. אַנד. אַקעגנזשע איז אין אַזעלכע ווערטער, ווי בוידים, בעזים א. אַנד. געבליבן דער אַלטער קלאַנג ם אָנשטאָט דעם נייהויכדייטשן נ (Besen ,Boden), ווייל דאָ האָט געווירקט די ענדונג ים, וועלכע איז אַזוי אָפט אין די העברעאישע ווערטער, וואָס זיינען דאָ אין יידיש. די זעלביקע ווירקונג זעען מיר, למשל, אויך אין דער פאָלקסטימלעכער אויסשפּראַך תּפילים אָנשטאָט תּפילין.

**46.** דער שורש פון די פאָנעטישע פאַרענדערונגען ליגט אין די אַנאַטאָמיש-פיזיאָלאָגישע און אַקוסטישע פאַקטאָרן, וואָס ווירקן אין דער שפּראַך, אין דער ווירקונג פון די שכנישע קלאַנגען, אין די פאָדערונגען פון דעם

וואוילקלאַנג, אין דער השפעה פון דער באַטאָנונג און דעם טעמפּ פון דער רעדע, ווי אויך אין אַנדערע סיבות.

**47.** אַחוץ די שוין אָנגעוויזענע טיפּן פאַרענדערונגען זיינען נאָך פאַראַן פאַרענדערונגען מ אָ ר פ אָ ל אָ ג י ש ע, וועלכע קומען פאָר ביי דער וואָרט-בילדונג און ווירקן אויף דער אינווייניקסטער זייט פון דעם וואָרט, ענדערנדיק זיין באַטייט (למשל, האַמער—העמערל, גראָבער און גרעבער, חנען זיך און חנדלען זיך א. אַז. וו.).

**48.** אַ גרויסע ראָלע אין די פאַרענדערונגען, וואָס די שפּראַך מאַכט דורך, שפּילט אויך דער פאַקט, וואָס די שפּראַך ווערט איבערגעענטפערט פון דור צו דור, און די קינדער נעמען זי ניט איבער גענוי אין דער פאָרם, ווי זי ווערט גערעדט פון די דערוואַקסענע. נאַטירלעך איז דער דאָזיקער פּראָצעס, וואָס פאַרענדערט די שפּראַך, זייער אַ לאַנגזאַמער, וואָס גייט בהדרגה אין משך פון הונדערטער יאָרן.

## ט ר אַ ף (זילבע, הברה).

**49.** איין קלאַנג אָדער אַ גאַנצע גרופּע קלאַנגען, וואָס קען אַרויסגעבראַכט ווערן מיט איין אָטעם-שטויס, הייסט ז י ל ב ע אָדער—לויט טשעמערינסקיס איינפיר—מיט דעם חדר-נאָמען ט ר אַ ף (הברה).

אַ טראַף קען געבילדעט ווערן אָדער פון אַ וואָקאַל אַליין, למשל, אַ, אי, אָדער פון איין אָדער מער קאָנסאָנאַנטן אין דער פאַרבינדונג מיט אַ וואָקאַל (אַ נקודה), למשל, רו, ער, ערד, ברען, שפּרינגסט, אָדער פון קאָנסאָנאַנטן אַליין, למשל, קש, פּס, גע—בן רע—דל.

**50.** אַ טראַף, וואָס ענדיקט זיך מיט אַ וואָקאַל, הייסט אַן אָ פ ע נ ע ר, למשל, באָ—בע, בַּ—קָ—שָׁה; אַקעגן-זשע, די טראַפן, וואָס שליסן זיך מיט אַ קאָנסאָנאַנט, זיינען ג ע ש ל אָ ס ע נ ע, למשל, וואַר—טן, קעל—טער, סוח—רים.

**51.** לויט דער צאָל טראַפן הייסט דאָס וואָרט אָדער א י נ ט ר אַ פ י ק (איינזילביק), אָדער צ ו ו י י ט ר אַ פ י ק, ד ר י י ט ר אַ פ י ק א. אַז. וו. למשל, און, קאָרט, סוף, גרויס; איי—זן, אי—בער, פּ—חד; אי—דע—ע, חַ—דָ—רים; באַ—העל—טע—ניש, פונ—אַנ—דער—גע—שפּריי—טער—הייט (זיבנטראַפּיק).

**52.** ביים ריידן איז די צעטיילונג אויף טראַפן ניט שטענדיק די אייגענע ווי אָנגעשריבענערהייט, למשל, וועט ער = ווע—טער, קומט זי = קום—טזי.

**53.** דער ערשטער קלאַנג פון טראַף הייסט ט ר אַ ף-אַ י ן, דער לעצטער—ט ר אַ ף-א ו י ס, יעדער אַנדערער—ט ר אַ ף = א י ן.

**54.** לויט דער באַטייטונג צעפאַלן די טראַפן אין ש ו ר ש ד י ק ע אָדער ש ט אַ מ ט ר אַ פ ן, למשל, אויס—לעב—ן, בערג—ל, און ב י ל ד ו נ ג ס-ט ר אַ פ ן, למשל, חנ—עוו—דיק, באַ—לייכט—ן. די בילדונגס-טראַפן (פרעפיקסן), ווען זיי שטייען פ אַ ר דעם שטאַמטראַף, למשל, אומ—חן, פאַר—

צוויגן, אָדער נ אָ כ ט ר אַ פ ן (סופיקסן און פלעקסיעס), ווען זיי שטייען נ אָ ך
דעם שטאַמטראַף, למשל, קלוג=ש אַ פ ט, דעם רב—ס.

## ט ר אָ פּ (טאָן, אַקצענט, נגינה).

**55.** ט אָ ן אָדער אַ ק צ ע נ ט—אויף יידיש ט ר אָ פּ אָדער נ ג י נ ה—איז דער גראַד פון דער אינעווייניקסטער שטאַרקייט, מיט וועלכער דער שפּראַכ=קלאַנג ווערט אויסגערעדט, אָדער די אויפהייבונג און אַראָפּלאָזונג פון דעם קול ביים אויסריידן די קלאַנגען. ווער עס רעדט אָדער לייענט גוט, וועט אַלעמאָל באַטאָנען אין אַ פילטראַפיקן וואָרט—איין טראַף לגבי דעם אַנדערן, אין אַ זאַץ—איין וואָרט לגבי דעם אַנדערן און אין אַ לענגערן פּעריאָד—איין זאַץ לגבי דעם אַנדערן. די דאָזיקע ב אַ ט אָ נ ו נ ג פון די פאַרשיידענע טראַפן אָדער ווערטער הייסט דער ד י נ אַ מ י ש ע ר אַ ק צ ע נ ט אָדער ט ר אָ פּ.

**56.** דער טראָפּ אין ענגערן זין איז דער קוועטש, וואָס מ׳גיט אַ געוויסן טראַף פון וואָרט ביים אויסריידן דאָס גאַנצע וואָרט. למשל, אין די ווערטער ריי—דן, באַ—העל—טע—ניש, צד—קה, לאָ—פּע—טע, קוועטשן מיר מיטן טראָפּ די טראַפן ר יי, ה ע ל, צ ד, ל אָ.

**57.** אין יעדן צוויי אָדער מערטראַפיקן וואָרט מוז איין טראַף האָבן אויף זיך דעם טראָפּ, וועלכער איז אַ מין באַנד, וואָס פאַרבינדט די איינצלנע טראַפן אין איין וואָרט=גאַנצהייט. דער טראַף, וואָס האָט אויף זיך דעם טראָפּ, הייסט ב אַ ט אָ נ ט ע ר טראַף. די איבעריקע טראַפן פון וואָרט קענען זיין ש וו אַ כ ע ר ב אַ ט אָ נ ט ע אָדער גאָר א ו מ ב אַ ט אָ נ ט ע. אזוי, למשל, איז אין דעם וואָרט הויפּטזאַך דער טראַף ה ו י פּ ט באַטאָנט, דער טראַף ז אַ ך שוואַכער, אָבער דאָך באַטאָנט; אָבער אין דעם וואָרט האַנטאַך איז דער טראַף ה אַ נ באַטאָנט, דער טראַף ט אַ ך אינגאַנצן אומבאַטאָנט.

**58.** די כללים פון טראָפּ זיינען ניט פאַר אַלע שפּראַכן גלייך. אין העבּ=רעאיש, למשל, איז דער כלל—נגינה מלרע, ד. ה. טראָפּ—אויפן לעצטן טראַף (מיט געוויסע אויסנאַמען), אין פּויליש שטייט דער טראָפּ אויפן פאַרלעצטן טראַף, אין פראַנצויזיש—אויפן לעצטן; דאָס איז דער פ אָ נ ע ט י ש = אָ פּ ג ע=ה אַ ק ט ע ר טראָפּ. אין רוסיש און ענגליש איז דער טראָפּ א ו מ ר ע ג ל מ ע=ס י ק. אין יידיש און דייטש איז דער טראָפּ נ אַ ט י ר ל ע ך, אויסטיילנדיק דעם וויכטיקסטן טראַף פון גאַנצן וואָרט.

## דער יידישער וואָקאַליזם.

**59.** די קלאַנגען פון דער שפּראַך ווערן, ווי מיר ווייסן, איינגעטיילט אין וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן. בהסכם מיט דעם צעפאַלט די פאָנעטיק אויף דעם חלק ערשיינונגען אין דער ספערע פון וואָקאַלן (ו אָ ק אַ ל י ז ם) און אויף דעם חלק ערשיינונגען אין דער ספערע פון קאָנסאָנאַנטן (ק אָ נ ס אָ=נ אַ נ ט י ז ם).

60. די יידישע שפּראַך האָט אין גרויסן און גאַנצן אויסגעאַרבעט איר קלאַנגענסיסטעם פון דער דייטשער שפּראַך. אין איר קאָנסאָנאַנטיזם שטימט די דאָזיקע קלאַנגענסיסטעם בדרך־כּלל מיט דעם קאָנסאָנאַנטיזם פון נייהויכדייטש. די אַזויגערופענע איבערדרוקונג פון די קלאַנגען (Lautverschiebung), וואָס כאַראַקטעריזירט דעם גרונד־אונטערשייד צווישן הויכדייטש און נידערדייטש, האָט יידיש בשותּפות מיט דער נייהויכדייטשער שפּראַך. די פאָנעטישע אונטערשיידן, וואָס טיילן אָפּ יידיש פון נייהויכדייטש, ליגן דערהויפּט אין דער ספערע פון דעם וואָקאַליזם.

61. אַנטוויקלענדיק איר וואָקאַליזם אויס דעם וואָקאַליזם פון דער דייטשער שפּראַך (ריכטיקער געזאָגט — פון די דייטשע דיאַלעקטן) לויט געוויסע געזעצן, האָט די יידישע שפּראַך אַרונטערגעפירט אונטער די דאָזיקע געזעצן אויך דעם וואָקאַליזם פון אַנדערע לשונות, וואָס זיינען אַריין אין איר באַשטאַנד (ד. ה. פון העברעאיש, סלאַוויש (פּויליש, אוקראַיניש, רוסיש) א. אַנד. אומאָפּהענגיק פון זייער לינגוויסטישן מקור, ווערן די ווערטער פון דער יידישער שפּראַך צוגעפּאַסט אין זייער וואָקאַלנסיסטעם צו די אַלגעמיינע געזעצן פון דעם יידישן וואָקאַליזם, דערביי ווערט אָפּגעהיט אַ רעגלמעסיקע קאָרעספּאָנדענץ צווישן די וואָקאַלן פון די פאַרשיידענע יידישע דיאַלעקטן.

62. די אייגענע געזעצן, וואָס גילטן אין דעם וואָקאַליזם פון דער יידישער שפּראַך, האָבן די יידיש־ריידער אַריבערגעטראָגן אויך אויף העברעאיש, אַזוי אַז אפילו אַ דורכאויסיקער העברעאישער טעקסט ווערט פון די יידיש־ריידער געלייענט אַזוי ווי יידיש, אַחוץ גאַנץ קליינע אויסנאַמען (למשל, קול: אין יידיש — קאָל, אין העברעאיש — קויל, יום־טוב — אין יידיש יאָנטעף, אין העברעאיש יוים־טויוו א. אַנד.).

## דער וואָקאַל אַ.

63. דער וואָקאַל אַ אין יידיש שטאַמט בדרך־כּלל פון דעם קורצן a און בלייבט אין אַלע יידישע דיאַלעקטן אומפאַרענדערט — אַ, למשל, שלאַף (schlaff), קאַפּען (капать), קאַטשקע (качка).

64. נאָר אין בעסאַראַביש־רומענישן דיאַלעקט און ערטערווייז אין אוקראַינע און דרום־רוסלאַנד, ווי אויך אין אונגאַרן ווערט דער אַ אויסגערעדט נאָענט צו אָ (דער וועלאַרער אָ, ענלעך צו דעם ענגלישן a־קלאַנג אין אַזעלכע ווערטער, ווי למשל, all: all rigth — אָלרייט), למשל, האָנט, אָלץ, וואָלד, טאָטע, מאָמע.

דער דאָזיקער קמץ איז אין דער ליטעראַטור פיקסירט, למשל, אין אייניקע אויסגאַבן פון לינעצקיס „חסידישן יינגל“. בכלל אָבער איז ער קעגן דעם פיינעם יידישן שפּראַך־געפיל.

65. אין נייע ווערטער, מעגן זיי אַפילו קומען פון דייטש, האָבן מיר אין יידיש

אַן אַ, אַפילו ווען אין מקור איז דער a אַ לאַנגער, למשל, באַן, שטראַל, אַנטזאַגן (פרגל. מיט אָפּזאָגן).

אַפילו די שוין אין יידיש געענדערטע פּרעפיקסן, ווען זיי קומען פאַרבונדענע מיט נייע ווערטער, לאָזן זיך אָפּט ניט ענדערן אין זייער קלאַנגפאַרב, באַגעגענענדיק אַ ווידערשטאַנד אין דער פרעמדקייט פון דעם גאַנצן וואָרט, למשל, אַנשטאַלט (ניט אָנשטאַלט), אַנגענעם (אָנגענעם קלינגט געקינסטלט; בעסער איז שוין די פאָלקסטימלעכע פאָרם איינגענעם אָדער איינגענעמען). דאָך מוז מען ווי ווייט מיגלעך אויסמיידן ענלעכע דייטשמעריזמען, בפרט אין אַזעלכע ווערטער, וואָס זיינען אַפילו ביי אַריינגענומען, אָבער וואָס זייערע באַזונדערע טיילן זיינען שוין דאָ אין יידיש, למשל, אָפּטיילונג, ניט אַפּטיילונג, אָנשטעקן, ניט אַנשטעקן, אָנמערקונג, ניט אַנמערקונג, אָנטייל, ניט אַנטייל, אָנזיכט, ניט אַנזיכט וכדומה.

**66.** אויסגערעדט אַ (אָבער לאַנג, אויסגעצויגן) ווערט אין פּוילישן און דרומדיקן יידיש דער דיפטאָנג ײַ, למשל, צאַט, שראַבן, ראַסערא (צייט, שרייבן, רייסעריי) און אין אונגארישן יידיש—דער דיפטאָנג ײ, למשל, פלאַש, קלאַד (פלייש, קלייד).

**67.** דעם אַ פאַר די געגאָרגלטע קלאַנגען ר און כ קענען אין די מקור־שפּראַכן אַנטשפּרעכן אויך אַנדערע וואָקאַלן, למשל, באַרג (Berg), באַרדיטשעוו (Бердичевъ), דאַרפן (dürfen), דאַר (dorr) א. אַז. וו.

## דער וואָקאַל אָ.

**68.** דער וואָקאַל אָ ווערט אין ליטווישן דיאַלעקט אַלעמאָל אויסגערעדט ווי o, אין די איבעריקע יידישע דיאַלעקטן—אַמאָל ווי o און אַמאָל ווי u; דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס דער אָ אַנטשפּרעכט צוויי קלאַנגען אין די מקור־שפּראַכן, פון וועלכע די יידישע ווערטער קומען, דהיינו: דעם קורצן o, למשל, אין די ווערטער אָדער (oder), האָפן (hoffen), גאָט (Gott), קאָפּ (Kopf), האָרעווען (horować), לאָפּעטע (лопата), קאָטשערע (кочерга); און דעם לאַנגן a, ווי למשל, אין די ווערטער אָדער (Ader), שלאָפן (schlafen), זאָגן (sagen), אָוונט (Abend), סאָד (садъ), בראָם (brama), סטאָן (станъ).

**69.** דער שרייבצייכן אָ גיט אַלזאָ איבער צוויי קלאַנגען (אין פּויליש־וואָלינערישן דיאַלעקט). דעריבער האָט מען אין דער יידישער שרייב־סיסטעם געמאַכט אייניקע פּרובן צו דיפערענצירן זיי. אַזוי האָט מען אין אַלט־יידיש אָפּט איבערגעגעבן דעם אָ, וואָס שטאַמט פון קורצן o, דורך אַ חולם־וואָו וֹ, למשל, אוֹדר־אָדער (oder). אין דער נייער צייט האָט עס געפּרובט איינפירן נח פּרילוצקי, למשל, אין זיין בוך „קאָנסאָנאַנטיזם", י. מ. ליפשיץ האָט פאַרקערט איינגעפירט אַ באַזונדערן צייכן פאַרן לאַנגן o—אָ, איבערלאָזנדיק דעם אָ דווקא פאַרן קורצן. לויטן פאָרשלאַג פון זשיטאָמירסקי, האָט האָכבערג איינגע־

פירט פאַרן קורצן אָ אַ חטף־קמץ, איבערלאָזנדיק דעם אָ פאַרן לאַנגן אָ. למשל, האָפן, אָבער שלאָפן.

70. די דאָזיקע צווייערלייאיקע אויסשפּראַך פון אָ איז איינער פון די הויפּט־אונטערשיידן, וואָס דיפערענצירן דעם ליטווישן דיאַלעקט פון דעם פּוילישן און דרומדיקן.

71. אין די ווערטער זאָטל, וואָפן, יאָמער, לאָזן האָבן מיר אַן אָ, וואָס אַנטשפּרעכט אין נייהויכדייטש דעם קורצן a (Sattel, Waffe, lassen, Jammer), ניט דעם לאַנגן; דאָך איז עס ניט קיין סתירה צו דעם אַלגעמיינעם כּלל, וואָרים יידיש האָט זיך אַנטוויקלט פון מיטלהויכדייטש, און אין מיטלהויכדייטש איז דער a־קלאַנג אין די דערמאָנטע ווערטער דער אייגענער a, וואָס אין יידיש איז ער אַריבער אין אָ.

72. אין אַ ריי נייע ווערטער איז דער לאַנגער a אין יידיש ניט אַריבערגעגאַנגען אין אָ, למשל, געפאַר, אַנונג, באַן, שטראַל, אַדל, באַר (מזומן), וואַרע, לאַגע, פּראַגע א. אַנד. אייניקע ווערטער קומען פאָר אין צוויי נוסחאות—מיט אַ און מיט אָ, למשל, מאָגער און מאַגער, ראָט און ראַט, וואָרהייט און וואַרהייט א. אַז. וו. יידישלעכער איז אָבער דער נוסח מיט אָ.

73. אין אייניקע ווערטער זיינען די פאָרמען מיט אַ אָדער אָ דיפערענצירט דיאַלעקטיש, למשל, קלאַפּן (ליטוויש און פּויליש) און קלאָפּן (אוקראַיניש), דערמאַנען (פּויליש) און דערמאָנען (ליטוויש), סאַפּען (פּויליש) און סאָפּען (ליטוויש).

74. אין דעם טראַף אָר פון די ווערטער גאָרגל, דאָרשט, וואָרים, וואָרצל, פאָרכט האָט זיך דער אָ (אין אַלע דיאַלעקטן אויסגערעדט ווי אַ קורצער o) אַנטוויקלט פון u אונטער דער השפּעה פון ר (פּרגל. מיטן § 67).

75. אָ אַנשטאָט u האָבן מיר אויך אין די ווערטער שאָס (Schuss), פּאַרדראָס (אַנשטאָט פאַרדרוס), שלאָס־מים (ד. ה. שלוס־מים—ענדע־מים), אָפּגעצוויגט פון געשאָסן, פאַרדראָסן, געשלאָסן, אַזוי ווי בראָך, שפּראָך (אַנשטאָט ברוך, שפּרוך)—פון געבראָכן, געשפּראָכן. אַנאַלאָגיש וואָלטן דעריבער אַזעלכע נייע ווערטער, ווי גענוס, באַשלוס, געקענט פאַריידישט ווערן אין דער פאָרם גענאָס, באַשלאָס; איבעריקנס האָבן מיר אויך אַזעלכע אַלטגעזעסענע ווערטער, ווי גוס (אַנשטאָט גאָס), פלוספעדערן (אַנשטאָט פלאָספעדערן).

אָ אַנשטאָט ו באַגעגענען זיך אויך אין אייניקע איזאָלירטע ווערטער, ווי שפּראָדלען (אַנשטאָט שפּרודלען).

## דער וואָקאַל ע.

75. דער וואָקאַל ע אין באַטאָנטן טראַף ווערט אין ליטווישן יידיש אַלע מאָל אויסגערעדט ווי אַ סגול—e, אין פּוילישן און דרומדיקן, ווי אַ סגול, אויב ער איז קורץ למשל, וועלט, פעלד, מעסער, בעטן (אַ בעט), דעקן, ברעג, און

ווי אַ צירה—ei, אויב ער איז לאַנג, למשל, פעדער—פעידער, געבן—געיבן, לעבן—לעיבן, שטעטל—שטעיטל, שרעטעלע—שרעיטעלע, זעען—זעיען, געשעען—געשעיען.

**76.** קורץ איז דער ע דאָס רוב אין געשלאָסענעם טראַף, לאַנג—דאָס רוב אין אָפענעם, אָבער קיין כּלל איז דאָס ניט אין יידיש; אַזוי, למשל, איז אין שרע—קן דער ערשטער טראַף אָפן, אָבער דער ע איז קורץ; פאַרקערט אין ברעם—איז דער טראַף געשלאָסן, אָבער דער ע איז לאַנג.

**77.** דער שרייבצייכן ע גיט אַלזאָ איבער צוויי קלאַנגען (אין פּויליש-דרומדיקן יידיש); און אויב דער פּוילישער דיאַלעקט, וואָס רעדט אַרויס דעם צירה ײ מיט אַ פּתח—ai, איז מבחין צווישן דעם לאַנגן ע און דעם ײ, איז עס אָבער אין דרומדיקן יידיש ניט דער פאַל; למשל, די ווערטער בעטן (אַ בעט), און בעטן (האָבן אַ בקשה), ווערן אין ליטוויש אויסגערעדט אַלצאיינס, אין פּויליש-וואָלינעריש קלינגט דער ע אין ערשטן ביישפּיל אויך e, אין צווייטן ביישפּיל—ei; אָבער בשעת ווען דער פּוילישער מאַכט אַ אונטערשייד אין דער אויסשפּראַך פון בעטן—בעיטן און בייטן (אין אַ גאָרטן)—באַיטן, קלינגעןביידע לעצטע ווערטער אין דרומדיקן יידיש אַלצאיינס—בעיטן.

ס׳איז דעריבער געמאַכט געוואָרן אַ פּרוב (פון י. מ. ליפשיץ, לינעצקי) דעם לאַנגן ע צו באַצייכענען דורך עי, און דעם צירה, וואָס קלינגט אין ליטוויש עי און אין פּויליש אַי—דורך יי; אָבער ס׳האָט זיך ניט אָנגענומען. אויך איז ניט דורכגעפירט געוואָרן דער פאָרשלאָג צו באַצייכענען דעם קורצן e דורך ע און דעם לאַנגן דורך עֵ (געגויער וועגן דעם—ווייטער).

**78.** אין אַ סך פאַלן האָט זיך דער לאַנגער ע אין יידיש אַזוי אויסגעצויגן, קוואַנטיטאַטיוו, אַז זיין קלאַנגפאַרב, זיין קוואַליטעט האָט זיך אינגאַנצן געענ-דערט, זיך דיפטאָנגיזירט, אַריבערגייענדיק אין ײ—ei פאַר דער ליטווישער און דרומדיקער אויסשפּראַך און אין ײַ—ai פאַר דער פּוילישער, למשל, ווײדל (wedel), ליידיק (ledig) א. אַנד.

פאַרקערט, האָבן מיר אין די פאָרמען קלענער, שענער, העכער, גרעסער אַ פאַרקירצונג פון די דיפטאָנגען יי אָדער וי (קליין, שיין, הויך, גרויס) אין אַ קורצן ע. אַ קורצן ע אָנשטאָט דעם לכתחילהדיקן דיפטאָנג האָבן מיר אויך אין עמער (eimer), עקדיש (eidechse).

**79;** אין אַ ריי ווערטער אַנטשפּרעכט דער ע אין דייטש ניט דעם e-קלאַנג (ö, a, e), נאָר פאַרשיידענע אַנדערע וואָקאַלן, דהיינו: דעם a—עפּל (אָבער דער a פון Apfel געבליבן אין שוואַרצאַפּל), טענענבוים (Tanne), ענטפער (פון אַנטוואָרט), מען (man), ווען (wann), קעמל (Kamel), פון העבר. גמל), קרעל (נאָגל פון אַ חיה—Kralle, אויך קרעלן—קאָראַלן), מעקלער אָנ-שטאָט מאַקלער, פרעגן (fragen); דעם o: פעדערשטער (פּויליש-אוקראַיניש—אָנשטאָט ליטוויש-דייטש—פאָדערשטער), קעסט (Kost), אַזעלכער (ein solcher).

אין אַזעלכע פאַראַלעלע פאָרמען, וואַלגערן און וועלגערן, וואָגן און

דערוועגן זיך, קעמען און קאַמען, עטעמען און אָטעמען, באַלעגערן און באַלאַגערן, מעגן און מאָגן, די עלטער (das Alter) קען מען זען די ווירקונג פון וואָקאַלישן אומבייט (וועגן דעם ווייטער).

אין קענען און קאָנען (דערקענען און דערקאָנען, באַקענען און באַקאָנען, אָבער אָנעי־קענען, ווייל אַ ניי וואָרט) האָבן זיך צונויפגעמישט צוויי ווערטער: Kennen און Können (פונקט ווי אין קלאַפּן האָבן מיר די דייטשע klappen און klopfen). אין דעם ליטווישן שנעל (אַ שנעל טאָן) אַנטקעגן דעם פּויליש־וואָלינערישן שנאָל (Schnall) האָבן מיר אפשר אַ אַנאַלאָגיע צו שנעל—פונקט ווי אין שטאָלצן (גיין אויף שטאָלצן) אָנשטאָט Stelzen האָבן מיר אַ אַנאַלאָגיע צו שטאָלץ—גאווהדיק.

דעם ע אָנשטאָט i האָבן מיר אין ברענגען (bringen) פּענזל (pinsel, איבעריקנס אין מיטלהויכדייטש pensel), ביי לינעצקי—אַרומגערענגלט (אָנשטאָט אַרומגערינגלט) און אין דעם דיאַלעקטישן עם אָנשטאָט אים.

באַזונדערס אָפט אָבער איז דער ע אָנשטאָט i (אָדער ü) פאַר דעם געגאָרגלטן ר, למשל, פערטער (אָבער פיר), טערקיי (Türkei), ווערגן (Würgen) א. אַנד. און דיאַלעקטיש אויך פאַר כ, למשל, געך (גיך), לעכט (ליכט), זעכער (זיכער) א, אַז. וו. דעם ע אָנשטאָט ו האָבן מיר אין צעבער (אָנשטאָט צובער) און אפשר אין רענדל (פון רונד?).

## דער וואָקאַל י.

80. דער וואָקאַל י אַנטשפּרעכט אין דייטש סיי דעם i, דעם קורצן, ווי דעם לאַנגן, סיי דעם מעטאַפאָנישן ü. דאָך מאַכט די יידישע אויסשפּראַך אַ אונטערשייד צווישן דעם י, וואָס אַנטשפּרעכט דעם קורצן i, און דעם י, וואָס שטאַמט פון לאַנגן i אָדער מעטאַפאָנישן ü. דער ערשטער י ווערט אויסגערעדט האַרטער, ווי אַ פּאַלאַטאָוועלאַרער i, ענלעך צו דעם רוסישן ы (דער דאָזיקער וואָקאַל־קלאַנג באַקומט זיך, ווען מ'שטעלט אָן די צונג אַרויסצווייידן ו און די ליפּן—אַרויסצורייידן י), למשל, דיר, אָבער דין (дын), טיר, אָבער טיש (тыш).

דערביי מערקן זיך אָבער דיאַלעקטישע אונטערשיידן, בפרט אין דעם ליטווישן יידיש, וואו דער צווייטער י האָט די נטיה אַרויסגערעדט צו ווערן פּאַלאַטאָוועלאַר, האַרטער, ווי אין פּויליש־דרומדיקן דיאַלעקט, למשל, ליטוויש—לыд, פּויליש־דרומדיקן—ליד א. אַז. וו.

דיפערענצירן די דאָזיקע צוויי י־קלאַנגען אין דער שריפט האָט געפּרובט ליפשיץ, אָנווענדנדיק דעם צייכן י פאַר דעם ערשטן און דעם צייכן ִי פאַר דעם צווייטן.

81. אין אייניקע קאַנטן, ווי, למשל, אין קיעווער גובערניע, אַנטשפּרעכט דער י אין מאַנכע ווערטער די אַלגעמיין־יידישע וואָקאַלן ע און אַ, למשל, אילע, אילעמען (אַלע, אַלעמען), פירד, יירלעך, געזיגענען (פערד, יעו לעך,

געזעגענען). דעם דאָזיקן פּראָווינציאַליזם באַגעגענען מיר אפילו ביי שלום־עליכמען, אין אַזעלכע ווערטער, ווי טריטן, געגיבן (אָנשטאָט טרעטן, געגעבן). זאָל דאָס זיין אַ השפּעה פון דעם וואָקאַליזם פון דער אוקראַינישער שפּראַך? (פּרג׳., למשל, דעם אוקראַינישן місяц מיט דעם רוסישן мѣсяц).

אין דער ליטווישער פאָרם שילטן האָבן מיר אַ י אָנשטאָט דעם פּויליש־דרומדיקן ע פון שעלטן (schelten).

## דער וואָקאַל ו.

**82.** דער וואָקאַל ו ווערט אויסגערעדט מיטן מלאפום—u נאָר אין דער ליטע; אין די איבעריקע יידישע דיאַלעקטן, וואו דער מלאפום איז דער אָ, וואָס שטאַמט פון לאַנגן a (זאָגן—זוגן), ווערט דער וואָקאַל ו אויסגערעדט מיטן חיריק—i, למשל, ביך, קימען, באַהאַנדלינג, באַוועגינג, בילקע א. אז. וו. דערביי גיט ז׳ער ו, וואָס שטאַמט פון לאַנגן u, דעם קלאַנג i, און דער ו, וואָס שטאַמט פון קורצן i—דעם קלאַנג ы, למשל, שטול—שטיל, אָבער פוטער—פּыטער.

**83.** צונויפמישנדיק דעם ו מיטן י, מוזן די פּויליש־וואָלינער פלאָנטערן די שרייבצייכנס ו און י; דאָס מערקט זיך אָפּט אין דער אויסלייגונג פון די פּאָלקסטימלעכע אויסגאַבן, וואו טיילמאָל ווערן געשריבן מיט ו אפילו אַזעלכע ווערטער, וואָס האָבן אין ליטווישן נוסח דווקא אַ חיריק, בהסכם מיט דעם i אָדער ü אין דייטש. פאַראַן אפילו ביכער (דערהויפּט צווישן די רומל־אויסגאַבן אין גאַליציע), וואו קיין י איז אויף אַ רפואה ניטאָ.

**84.** די אייגענע ערשיינונג מערקט זיך אויך אין דער מינדלעכער אויסשפּראַך פון די פּויליש־וואָלינער, וועלכע שטרעבן צו ריידן מיט דעם ליטווישן נוסח, און דאָס ברענגט זיי צו אַזעלכע טעותן, ווי לוטוואַק (ליטוואַק), קוך (קיך), איך קען נישט געפונען (אָנשטאָט געפינען) א. אַז. וו.

**85.** אַ פאַרקערטע פאַרגרייזונג האָבן מיר אין ליטוויש אין אַזעלכע ווערטער ווי רונג (אָנשטאָט רינג), לופ (ווילנער פּראָווינציאַליזם—אָנשטאָט ליפּ; אויך אין מינסק—אין דעם אויסדרוק „מאַכן לופעס״, ד. ה. אָנשטעלן די ליפּן צום וויינען).

**86.** לגבי דעם נייהויכדייטשן קורצן o איז אין יידיש געבליבן דער אַל־טער מיטלהויכדייטשער u: א) פאַר אַ געטאָפּלטן נאָזקלאַנג mm אָדער nn, אין די ווערטער זומער, פרום, טרומייט, קומען, גענומען, געשוואומען (Sommer, Drommete, kommen א. אַז. וו.); דונער, זון, טון, געוואונען, פאַרגונען, גע־רונען, אַנטרונען, געשפונען (Tonne, Sonne, Donner), אָבער אין דער אינ־טערנאַציאָנאַלער באַטייטונג אַלס שיפּס־מאָס אויך אין יידיש ניט טון, נאָר טאָנע; gönnen, gewonnen א. אַז. וו. ב) זעלטענער—בכלל פאַר אַ געטאָפּלטן קאָנ־סאָנאַנט אין די ווערטער דול, פול, טרוקן, קופערט (toll, voll, trocken א. אַז. וו.), און ג) אין איינצלנע אַנדערע פאַלן, אין די ווערטער באַזונדער, זונדערן (besonder), פורים (פאָרם), פון (von), זון (Sohn) און וואו (wo).

87. אויפן גרונד פון דער דאָזיקער פאָנעטישער ערשיינונג קענען אין ייִדיש
געמאָלט זיין נאָר די פאָרמען פולקום און געזונען (ניט פאָלקאָם און געזאָגנען).
88. אַקעגן=זשע, אין די ווערטער אומזיסט און זיסט (אַניט, ווען ניט)
האָבן מיר אַ י אָנשטאָט דעם קורצן o אין נייהויכדייטש (אומזאָנסט, זאָנסט) און
דעם u אין מיטלהויכדייטש.
89. לגבי דעם דייטשן u האָבן מיר אין ייִדיש אַ ו (וועלכער איז נאַטיר=
לעך נאָר קענטיק אין דער ליטווישער אויסשפּראַך) פּאַר אַ ק אין די ווערטער
בוקן, רוקן, מוק, פאַרוק (אָבער בריק; ברוק מיט דיפערענצירטער באַטייטונג:
שטיין=פלאַסטער; גליק, צוריק, שטיק; מונדשטוק אַלס פרעמדוואָרט, וואָס איז
אַריין אין ייִדיש דורך דער פאַרמיטלונג פון רוסיש) און אין קובל (פויליש=
ייִדיש—עמער, אויסגערעדט קיבל), בופלאָקס, מוזן, אַ פולע (müssen, Buffel, Kubel
eine Fülle). פאַרקערט אין רימפּלען (גרילצן) האָבן מיר אַ י אַנטקעגן דעם נייהויכ=
דייטשן און מיטלהויכדייטשן u (אָבער רומפּל—גאָר אין אַן אַנדער באַטייטונג:
דער ערשטער שבת נאָך דער חתונה, ווען מ׳פירט דאָס יונגע ווייבל אין שול אַריין).

## דער דיפטאָנג וי.

90. דער דיפטאָנג וי ווערט אויסגערעדט אויף צווייערליי אופנים: א) אָי
אין פויליש=דרומדיקן ייִדיש און עי אין ליטווישן אין אַזעלכע ווערטער ווי,
למשל, גרויס, ברויט, טויב (וואָס הערט ניט); ב) אָו אין פויליש=דרומדיקן
ייִדיש און אָי אין ליטווישן, אין אַזעלכע ווערטער ווי, למשל, בויך, פויל,
טויב (דער פויגל),—עס ווענדט זיך, פון וועלכן קלאַנג דער דיפטאָנג וי
האָט זיך אַנטוויקלט.
91. ווי אין דעם ערשטן פאַל ווערט דער וי אויסגערעדט, אויב ער האָט
זיך אַנטוויקלט פון דעם לאַנגן o, למשל, אויב, אויבל, אויבס, אויוון, בלויז,
בוידים, ברויט, גרויס, הויך, הויזן, הויל, הויף, וואויל, וואוינען, זויל (פאָדעש=
ווע), טויט, לויבן, לויט (אַ געוויכט Lot), לוינען, נויט, פאַרשוין, פויגל, פוילן,
קויט, קויל (צום ברענען), רויג, רויט, שוין, שוינען, שויט (אַרבעס=הילזן), שויס,
שטויס, שרויט, געהויבן, געפלויגן, געצויגן א. אַנד. (פאַרגלייך מיט די אַנט=
שפּרעכענדיקע דייטשע ווערטער: Ofen, Obst, ob א. אַז. וו.); טויק, (בנין צום דרע=
שן), סויבל, סטויג, פלויט, קוילן, קויש, קוימען (פאַרגלייך מיט די אַנטשפּרעכנ=
דיקע סלאַווישע: Komin, кошъ. колоть, плотъ, стогъ, соболь, токъ).
92. דאָרט, וואו דער לאַנגער o אין דייטש האָט זיך אַנטוויקלט פון לאַנגן
a, בלייבט אויך אין ייִדיש אָ, ווי, אָן, מאָן, מאָנאַט, מאָנטאָג (ohne, Monat
Mohn פון די מיטלהויכדייטשע (ane, mane, manot) Montag,—דער טאָג פון
דער לבנה, (מיטלהויכדייטש mant—מאָנד).
מאָנאַט קען אין ייִדיש אויך באַטראַכט ווערן, ווי אַ ניי, ניט פאָלקס=
טימלעך וואָרט (חודש), און אַזעלכע ווערטער ענדערן געוויינטלעך ניט זייער
וואָקאַל, למשל, טראָן, שטראָם, הגם לויטן כלל דאַרפן זיי געבן אין ייִדיש די

פּאָרמען טרוין, שטרוים; נאָך ווייניקער לאָזן זיך פּאַריידישן דורך ענדערן די וואָקאַלן—נייע אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער (למשל, לויט—אַ געוויכט, אָבער לאָט—אינסטרומענט צום מעסטן די טיף פון ים).

**93.** דער קורצער o בלייבט אויך אין יידיש אָ, למשל, האָפן, שלאָס, האָרעווען), הגם פרץ געברויכט, למשל, צויט (קאָלטן—פון Zotte, מיט קורצן o, ווייל פאַר אַ געטאָפּלטן t).

**94.** אין פויבסט האָבן מיר דעם דיפטאָנג וי אויפן אָרט פון לאַנגן a (אפשר על־פּי אַנאַלאָגיע מיט אויבס). אין אייבער, אייבערשטער האָבן מיר אויפן אָרט פון לאַנגן o (ober, oberster) דווקא יי.

**95.** ווי אין דעם צווייטן פאַל ווערט דער וי אויסגערעדט, אויב ער האָט זיך אַנטוויקלט ניט פון לאַנגן o, נאָר פון לאַנגן u, וואָס האָט אין נייהויכדייטש זיך דיפטאָנגיזירט אין au, למשל, הויב, הויז, הויט, טויב (דער פויגל), טרויערן, מויל, מויז, מויער, פויק, קויל (צום שיסן), קלויז (פאַרגלייך מיט kluse, hube, hus, hut, truren, kule, וועלכע האָבן אין נייהויכדייטש אָנשטאָט au—u: Haut א. אַז. וו.

**96.** דער דאָזיקער אַלטער u איז געבליבן ערטערווייז אין דרום־רוסלאַנד אין דער אויסשפּראַך פון אַזעלכע ווערטער, ווי בוך, טוב (אַנשטאָט בויך, טויב).

**97.** אָבער אַחוץ דעם au, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט פון מיטלהויכדייטשן u, איז אין נייהויכדייטש דאָ אַ דיפטאָנג au; וואָס אַנטשפּרעכט אין מיטל־הויכדייטש דעם דיפטאָנג ou; דער דאָזיקער קלאַנג גיט אין יידיש וי, וואָס איז אין דער אויסשפּראַך גלייך צו דעם וי, וועלכער שטאַמט פון לאַנגן o ד. ה. אָי אין פּוילישן און דרומדיקן יידיש און עי אין ליטווישן, למשל, אויג, אויך, בוים, הויפּט (דערהויפּט), טויב, לויפן, קויפן, רויך, שטויב, א. אַז. וו. (פרגל. מיט די נייהויכדייטשע Auge, Baum, Staub און די מיטלהויכדייטשע boum, ouch, ouge א. אַז. וו.).

**98.** אין אונגאַרישן יידיש ווערט דער דאָזיקער וי אויסגערעדט ניט ווי אין ליטוויש (עי) און ניט ווי אין פּויליש־דרומיש (אָי), נאָר ווי אַ לאַנגער אַ, למשל, אַג, באַם, טאַב, קאַפן, לאַפן (אויג, בוים, טויב, קויפן, לויפן).

**99.** דער מיטלהויכדייטשער u האָט אַלזאָ אין נייכהויכדייטש געגעבן דעם דיפטאָנג au, אין יידיש—דעם דיפטאָנג וי. אין די ווערטער גומען, טומל, שופל, הוקען איז אין יידיש געבליבן דער אַלטער u לגבי דעם נייהויכדייטשן au (Taumel, Gaumen א. אַז. וו.); פאַרקערט אין קויף (אַ פּאַס), בויד האָבן מיר דעם דיפטאָנג וי אָנשטאָט דעם נייהויכדייטשן u (Bude, Kufe).

**100.** דעם צוזאַמענהאַנג צווישן ו און וי קענען מיר אויך אויסגעפינען דורך אַ פאַרגלייך ניט מיט מיטלהויכדייטש, נאָר מיט די סלאַווישע שפּראַכן, ווי למשל, בויד (будка), בויערן (буравить), מויערן (замуравить), הוידען (husdac).

**101.** אין בלוי, גרוי (אויסגערעדט אויך בלאָ, גראָ) אַנטשפּרעכט דער וי דעם מיטלהויכדייטשן aw (graw, blaw); די דאָזיקע אַלטע אויסשפּראַך איז גע-

בליבן אויך אין מאַנכע יידישע דיאַלעקטן, דרומדיקע און ליטווישע, וועלכע געברויכן זיי אין דער פאָרם בלאָוו, גראָוו (מיט אַ מלאפום=אָ).

**102.** דעם קלאַנג אָוו אָנשטאָט דעם צווייטן וי האָבן מיר אין דרומדיקן יידיש בדרך=כלל פאַר דעם וואָקאַל ע, למשל, מאָווער (מויער), זאָווער (זויער), געדאָווערן (געדויערן), פאָווער (פויער), טראָווערן (טרויערן). אין ליטווישן יידיש איז די דאָזיקע ערשיינונג דיאַלעקטיש, און דווקא ביים ערשטן וי, למשל, עווער, טעווער.

**103.** אין אייניקע ווערטער, ווי טוי, טויפן, פרוי, אין דעם נייעם וואָרט טרוים האָבן מיר דעם צווייטן דיפטאָנג וי, הגם ער אַנטשפּרעכט אין מיטל=הויכדייטש דעם קלאַנג ou (tou, frouwe, troum); פאַרקערט אין אויף, טויגן האָבן מיר דעם ערשטן וי, הגם אין מיטלהויכדייטש קלינגען זיי uf; אין גרויל און קנויל אַנטשפּרעכט דער וי אין מיטלהויכדייטש דעם קלאַנג iu (kniul, griul), הגם בדרך=כלל גיט דער דאָזיקער מיטלהויכדייטשער iu אין יידיש דעם דיפטאָנג יי (וועגן דעם ווייטער).

אַ יוצא=מן=הכלל איז אויך דער וי אין שויב. די פּויליש=דרומדיקע פאָרם קלויבן איז רעגלמעסיקער פאַר דעם ליטווישן—קלייבן, אַנטשפּרעכנדיק אין מיטלהויכדייטש דער פאָרם kluben.

**104.** דער וי פאַר ם ווערט דיאַלעקטיש אויסגערעדט אַ אין ליטווישן יידיש און אָ אין דרומדיקן, למשל, קוים—קאַם—קאָם, רוימען—ראַמען—ראָמען, גערוים—געראַם—געראָם, שוים—שאַם—שאָם, פלוים (אויך אין ליט=וויש)—פלאָם, מילגרוים (אויך אין ליטוויש)—מילגראָם, צוים—צאַם—צאָם (פאַרקאַן, אָבער צוים פון אַ פערד) און צוימען—צאַמען—צאָמען, זוימען זיך—זאַמען זיך, זאָמען זיך (אָבער זוים—שליאַק, זוימען אָדער זאָמען—זריעה); שוואוים—ליטוויש, שוואָם—אוקראַיניש, שוואַם—פויליש.

## דער דיפטאָנג יי.

**105.** דער דיפטאָנג יי שטאַמט פון צווייערליי מקורים: פון דעם אַלטן (נאָך גאָטישן און אַלטהויכדייטשן) דיפטאָנג ai, וועלכער איז אין מיטלהויכדייטש אַריבער אין ei, און פון דעם לאַנגן מיטלהויכדייטשן i, וועלכער האָט זיך אַנטוויקלט אין ei אַרום XI—XII יר"ה. די נייהויכדייטשע שפּראַך האָט סיי אין שריפט סיי אין דער אויסשפּראַך צונויפגעמישט די דאָזיקעביידע קלאַנגען, אויסריידנדיק זיי אַלצאיינס—ai (אַי). יידיש אָבער האָט יאָ אויפגעהיט דעם אונטערשייד אין דער אויסשפּראַך. דער ערשטער יי ווערט אויסגערעדט ווי עי (ei)—אין ליט=ווישן און דרומדיקן דיאַלעקט, למשל, פלעיש, קלעיד, שטעין, און ווי אַי (ai) אין פּוילישן יידיש, למשל, פלאַיש, קלאַיד, שטאַין, אין אונגאַרישן יידיש—ווי אַן אויסגעצויגענער אַ: פלאַש, קלאַד, שטאַן. דער צווייטער יי ווערט אויסגערעדט ווי אַי אין ליטווישן און אונגאַרישן יידיש און ווי אַן אויסגעצויגענער אַ אין פּוילישן און דרומדיקן, למשל, ווייז, בלייבן (וואיז, בלאיבן און וואז, בלאבן).

**106.** די דאָזיקע פאַרשיידענע יי=קלאַנגען האָבן זיך אין דער שריפט אוניפאָרמירט, הגם מ'האָט זיי געפּרובט דיפערענצירן, באַצייכענענדיק דעם יי= פון ערשטן קרייז דורך אַ צירה—יֵי און פון דעם צווייטן דורך אַ פּתח—יַי. ליפשיץ האָט דעם יֵי=קלאַנג אָפט איבערגעגעבן דורך עי. בכלל אָבער געגומען, ווערן די פאַרשיידן אויסגערעדטע יי=קלאַנגען געשריבן אַלצאיינס דורך יי.

**107.** דער יֵי=דיפטאָנג (אויסגערעדט עי אין ליטווישן און דרומדיקן יידיש, אַי אין פוילישן און אויסגעצויגן אַ אין אונגאַרישן) אַנטשפּרעכט אין דייטש בדרך=כלל דעם ei, (וועלכער איז אויך אין מיטלהויכדייטש ei), למשל, איי (ביצה), אייטער (מאַטעריע פון אַ וואונד), ברייט (קעגנזאַץ פון שמאָל), וויינען (קלאָגן), ווייס (איך ווייס), טייג (פאַרקנעטעכטס), ניין (ניט), פליש, קליין שטיין (פרגל. מיט breit, Eiter, ei א. אַז. וו.)

**108.** אין אַ ריי פאַלן איז אָבער דער דאָזיקער יֵי=קלאַנג אַ רעזולטאַט פון אַ דיפטאָנגיזירטן ע=קלאַנג, וועלכער אַנטשפּרעכט אין דייטש די פאָלגנדיקע וואָקאַלן:

e וואָרט=אַיין: איי, איינעכטן, אייערנעכטן, איידער (די ערשטע צוויי ווערטער נאָר אין פוילישן יידיש), אייביק, איידל, אייזל, אייל (אַ מאָס), איילנבויגן (אין פוילישן און דרומדיקן יידיש—עלנבויגן), אייניקל (פרגל. מיט eher, eh Enkel, Elle, ewig א. אַז. וו.), דערפאַר אויך עמיצער—אין ליטוויש איימיצער.

e וואָרט=אין: הייבן, הייוון, ווידל, ווייניק, לייגן, ליידיק, ריידן (אין ליטוויש מיט ע, ווען נאָכן ד קומט אַ קאָנסאָנאַנטישער קלאַנג: רעדסט, רעדט, גערעדט; רעדע איז אַ פרעמדוואָרט; אין פוילישן און דרומדיקן יידיש מיט יֵי נאָר אַלס שם=עצם—רייד, אַזוי דורכאויס מיט ע), קייט (פרגל. מיט heben ,Hefe ,legen, Kette א. אַז. וו.).

ee: בייט (אין גאָרטן), זייל (מיט לייב און זייל; זעלע—אַלס פרעמדוואָרט), טיי, רייסטער, שניי (פרגל. מיט Beet, Tee א. אַז. וו.).

פון די פרעמדווערטער אויף ee=אויס האָט זיך די ענדונג צונויפגעצויגן אין יֵי אין אַרמיי, קאַפיי, שאָסיי; אין די איבעריקע איז די ענדונג ee צווייטראַפיק און ווערט איבערגעגעבן דורך עע, למשל, אידעע, אַלעע, ליווערעפּעע.

eh: גיין, דרייען, ווי, ווייען, זייער, ליים, פיי (פעלצוואַרג פון וועווערקעס), שטיין (פרגל. מיט stehen, sehr, Weh, gehen א. אז. וו.).

ä—äh: אומפלייט (אומריינקייט), ווילן, געליימט (פאַראַליזירט), זייען (מזריע זיין), מיידל, נייען, ציילן (דערציילן), ציין, שיילן (פרגל. מיט unflätig zählen, säen, א. אַז. וו.).

ö—öh: אייל, איילבערט, בייז, געוויינען זיך, געוויינטלעך, הייל, לייבלייזן, לייטן, פלייצן, פלייט, פריילעך, קנייטשן, קניידל, ריישטן (פרעגלען, בראָטן— נאָר אין פוילישן יידיש), שיין (פרגל. מיט öe, böse, lösen, schön, Löwe א. אַז. וו.).

אין טרייסט האָט זיך דער ײַ דיפטאָנגיזירט, ווייזט אויס, פון דער פאָרם trösten און ניט פון Trost, אַניט וואָלט עס קלינגען אין פוילישן און דרומדיקן יידיש—טרויסט; אין זיי—פון ie (sie), אין לייגן (זאָגן אַ ליגן)—פון lügen.

אין טייטל און פליין אַנטשפּרעכט דער ײַ דעם a=קלאַנג (Plan, Dattel, אין ענגליש אין דער אייגענער באַטייטונג—plane—פלאַך, פלאַכלאַנד).

**109.** אונטער דער השפעה פון דעם נאָכקומענדיקן נאַזאַלירטן קלאַנגען־קאָמפּלעקס נג און נק ווערט דער ע דיפטאָנגיזירט אין ע'י, וואָס גיט אָבער ניט אין פוילישן יידיש דעם אַי=קלאַנג; דעריבער ווערט דער דאָזיקער דיפטאָנגיזירטער ע ניט פיקסירט אין דער שריפט דורך יי (למשל, ענג, ברענגען, שענקען), פונקט ווי דער דיפטאָנגיזירטער ע אין אַזעלכע ווערטער, ווי למשל, פעדער=פעידער, קנעטן=קנעיטן, ווערט ניט פיקסירט דורך ײַ, ווייל אין ליטווישן יידיש איז די דאָזיקע דיפטאָנגיזירונג, אויסציאונג פון ע ניטאָ; וואָרים דער כאַראַקטעריסטישסטער סימן פון ײַ=דיפטאָנג איז די אויספּראַך ע'י—אין ליטווישן און דרומדיקן יידיש און אַי—אין פוילישן.

**110.** דעם יי=קלאַנג גיבן אויך די סלאַווישע e, ѣ און ia: טרייסלען (מיט ע—טרעסען) = трясти, פלייצע = плечо, קווייט = kwiat, קלייט = клѣть.

**111.** דער ײַ=דיפטאָנג (אין ליטווישן און אונגאַרישן יידיש—אַי, אין פוילישן און דרומדיקן—אויסגעצויגן אָ) אַנטשפּרעכט אין דייטש אויך דעם ei=קלאַנג; אָבער דער דאָזיקער ei איז ניט דער לכתחילהדיקער דיפטאָנג ei, נאָר דער, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט פון לאַנגן i, למשל, איילן, אייזן, בייסן, ווייזן, ווײַן, ווייב, צייט, שיין (פרגל. מיט די מיטלהויכדייטשע ilen, isen, win א. אַז. וו.).

**112.** דער צוזאַמענהאַנג פון ײַ מיט דעם לאַנגן i קען דערוויזן ווערן ניט נאָר דורך די פּאַראַלעלע פאָרמען אין מיטלהויכדייטש, נאָר אויך דורך אַ עטימאָלאָגישן פאַרגלייך מיט אַנדערע אינדאָגערמאַנישע שפּראַכן, למשל, ענגליש (זייט—side), רוסיש (פייג—фига, דריי—три, מייל—миля), פויליש (פייל—pila) א. אַז. וו.

אָבער אויך אין גבול פון דער יידישער שפּראַך האָבן מיר דעם דאָזיקן צוזאַמענהאַנג פון ײַ און י אין אַזעלכע פאָרמען, ווי ווייזן—געוויזן, שניידן—געשניטן, דריי—דריטער א. אַז. וו.

**113.** אָבער ניט נאָר פון לאַנגן i שטאַמט אונזער ײַ=דיפטאָנג; אויך דער מיטלהויכדייטשער iu, וואָס אַנטשפּרעכט אין נייהויכדייטש דעם eu=קלאַנג, האָט אין יידיש געגעבן ײַ, למשל: אַייטער (ביי אַ קו), אַייך, אַייער, בייטל, בייטן, בייל, היינט, הייער (היי=יאָר, ד. ה. היינטיקס יאָר = hiu jaru), טייוול, טייטן, טייטש, טייער, טריי, לייט, לייכטן, ניי (פרגל. ניו=יאָרק, ד. ה. ניי=יאָרק), ביין (9), פייכט, פייער, פריינד, קייכן, שטייער, שייען זיך (אָפּשיי, געשייט), שייער

שנייצן (פרגל. מיט די מיטלהויכדייטשע = נייהויכדייטשע iuch-euch, euer-iuwer, Euter-iuter א. אז. וו).

דעריבער איז דאָס נייע וואָרט אין יידיש אומגעהייער ריכטיקער ווי אומגעהויער (ungehiure-ungeheuer).

**114.** דער נייהויכדייטשער eu, וואָס גיט אין ליטוויש עי און אין פּויליש אַי, אַנטשפּרעכט אין מיטלהויכדייטש ניט דעם דיפטאָנג iu, נאָר דעם קלאַנג öu (איבערקלאַנג פון ou), למשל, היי, היישעריק, לייקענען, פרייד, פרייען זיך (Heu-höu א. אז. וו.).

**115.** שייערן שטאַמט פון נידערדייטשן schüren. שפּריי (פּלעווס), אויסגערעדט (אין ליטוויש) שפּרעי, הגם אין מיטלהויכדייטש spriu, — מסתּמא על־פּי אַנאַלאָגיע מיט שפּרייען — שפּריצן (שפּריי=רעגעלע), אין מיטלהויכדייטש spraejeu.

לייכטן קומט אויך פאָר אין יידיש אין דער פאָרם לויכטן, הגם עס שטאַמט פון מיטלהויכדייטשן liuhten, פון קלייבן איז רעגלמעסיקער די פּויליש=דרומדיקע פאָרם קלויבן (ווייל עס שטאַמט פון מיטלהויכדייטשן kluben).

אין ברייען (ביר, דעריבער בירברייער, ניט בירברויער) און קייען אַנטשפּרעכט דער יי די מיטלהויכדייטשע פאָרמען briuwen און kiuwen, בשעת ווען די נייהויכדייטשע kauen, brauen שטימען מיט די פּאַראַלעלע פאָרמען אין מיטלהויכדייטש kuwen, bruwen. אין פאַרדייען איז דער יי אַ ײַ=קלאַנג, שטאַמענדיק פון מיטלהויכדייטשן verdöuwen.

אין זיפצן האָבן מיר אָנשטאָט דעם דייטשן eu (seufzen) — אַ י.

## דער יידישער וואָקאַליזם און די דייטשע דיאַלעקטן.

**116.** די פאָנעטישע אונטערשיידן אין דער ספערע פון דעם יידישען וואָקאַליזם קען מען געפינען אויך אין פאַרשיידענע דייטשע דיאַלעקטן, און מאַנכע לינגוויסטן, ווי, למשל, דער באַרימטער יידיש=רומענישער שפּראַכפאָרשער סענעאַן, וועלכער האָט דער ערשטער סיסטעמאַטיזירט די הויפּט=אונטערשיידן צווישן די יידישע דיאַלעקטן, האָט די דאָזיקע אונטערשיידן געפּרובט דערקלערן מיט אַנטשפּרעכנדיקע ערשיינונגען אין דעם אָדער יענעם דייטשן דיאַלעקט, דערהויפּט פון דער אַלעמאַנישער און בייעריש=עסטרייכישער גרופּע. אַזוי, למשל, געפינט סענעאַן דעם ו אָנשטאָט a פון דעם פּויליש=דרומדיקן יידיש (זוגן=sagen) אין דעם ריידעניש פון גאָטשע אין קערנטן; דעם וי אָנשטאָט o (ברויט=Brot) אין די דיאַלעקטן פון ביימען (אָבערפּלאַן) און טיראָל (פּוסטערטאַל); דעם אָ אָנשטאָט a פון ליטווישן יידיש (זאָגן sagen) — כמעט אין אַלע דייטשע דיאַלעקטן א. אז. וו.

אָבער גערעכט איז דער באַקאַנטער גערמאַניסט ריכאַרד לעווע, ווען ער שטעלט סענעאַנען די קשיא, ווי אַזוי האָט עס דער u פון איין קערנטנער ריידעניש, וואָס הערשט כמעט ביי אַלע יידן (אַחוץ די ליטווישע און מערישע), געקענט אַרויסשטויסן דעם o פון אַזוי פיל דייטשע דיאַלעקטן: די אורעלטערן

פון די מזרח־יידן האָבן דאָך ניט געקענט אַלע שטאַמען פון דער פּאַרוואָרפּע־
נער קליינער פּראָווינץ גאָטשע ערגעץ אין די אַלפּנבערג. אַ סך פּשוטער טוט
לעווע, אָננעמענדיק, אַז דער ו פון דעם פּוילישן און דרומדיקן יידיש איז
אויפגעקומען ערשט ביי די מזרח־דרומדיקע יידן גופא, זיך העכסט־וואַרשיינלעך
אַנטוויקלט פון דעם אָ, וואָס איז נאָך עד־היום געבליבן אין ליטוויש אָנשטאָט
דעם a.

מיר וואָלטן בכלל—באַמערקט ווייטער לעווע—געקומען צו אַ וויסטן
געפּלאָנטער פון די באַזונדערע דייטשע דיאַלעקטן אין גבול פון יידיש, ווען
מיר וואָלטן די פאַרשיידענע וואָקאַל־ניואַנסן פון די פאַרשיידענע יידישע דיאַ־
לעקטן געוואָלט דערקלערן מיט דיאַלעקטישע אייגנטימלעכקייטן, וועלכע זיינען
שוין דערוואָרבן געוואָרן אין דייטשלאַנד. ניט דער ערך פּשוטער און מער
קרוב לאמת איז די השערה, אַז ערשט אין די פאַרשיידענע טיילן פון מזרח־
אייראָפּע האָט די יידישע שפּראַך אירע וואָקאַלן פאַרשיידן פאַרענדערט.

און אויך נח פּרילוצקי, איינער פון די בעסטע און גרינדלעכסטע קענער
פון דער יידישער דיאַלעקטאָלאָגיע, קומט צום אויספיר, אַז:—ניט שווער איז
טאַקע צו געפינען באַריר־פּונקטן צווישן איינצלנע דייטשישע און יידישע מונד־
אַרטן (דיאַלעקטן), אָבער אוממעגלעך איז צו געפינען אַזאַ יידישע מונדאַרט,
וואָס זאָל אין אַלע הויפּטליניעס פון דער פאָנעטיק שטימען מיט דער אָדער
יענער דייטשער מונדאַרט. און דאָס באַטייט נישט מער און נישט ווייניקער,
ווי: די פאָנעטיק פון די דייטשע מונדאַרטן און די פאָנעטיק פון די יידישע
זענען רעזולטאַטן פון לגמרי פאַרשיידענע און זעלבשטענדיקע אַנטוויקלונגס־
פּראָצעסן, פון וועלכע די **דייטשישע** זענען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער
**דייטשער** שפּראַך מיט **אירע** מונדאַרטן, די **יידישע**—פאַר דער **יידישער**
שפּראַך מיט **אירע** מונדאַרטן.

## מאָרפאָלאָגישע פאַרענדערונגען פון די וואָקאַלן.

**117.** שוין פון די ביזאַהער אויסגעלייגטע דערקלערונגען וועגן די ער־
שיינונגען אין דער ספערע פון דעם וואָקאַליזם, איז אויך גענוג קלאָר, אַז די
וואָקאַלן (אפילו די באַטאָנטע, וואָרים נאָר וועגן זיי איז דערווייל געווען אַ
רייד) זיינען ניט קיין פעסטער שטאַנדהאַפטיקער עלעמענט אין דער שפּראַך.
אָבער אחוץ די ביזאַהער באַהאַנדלטע וואָקאַלישע פאַרענדערונגען, וואָס
געהערן כמעט דורכאויס צו דער קאַטעגאָריע פון די פיזיאָלאָגישע און ספּאָנ־
טאַנישע און וואָס ווערן קענטיק ערשט דורך אַ עטימאָלאָגישן פאַרגלייך מיט
די מקור־שפּראַכן אָדער דורך דיאַלעקטאָלאָגישע אַנטקעגנשטעלונגען, זיינען
נאָך דאָ אַ גאַנצע ריי ענדערונגען פון וואָקאַלן אין גבול פון דער שפּראַך גופא,
פון יעדן דיאַלעקט באַזונדער, ענדערונגען מאָרפאָלאָגישע, וואָס קומען פאַר
ביי דער פלעקסיע (בייגונג און נייגונג פון די ווערטער) און ביי דער וואָרט־
בילדונג. וואָרים די ענדערונג פון וואָקאַל איז פאַר דער שפּראַך זייער אַ

באַקוועם מיטל צו דיפערענצירן און בילדן אויסדרוקן מיט נייע באַטייטונגען, למשל, בלינד און בלענדן, האַן און הון, האַמער און העמערל, גראָב און גרעבער א. אַז. וו.

די דאָזיקע ענדערונגען לאָזן זיך קלאַסיפיצירן אין דריי קאַטעגאָריעס: דער וואָקאַלישער איבערבייט, דער וואָקאַלישער אומבייט און די אַזויגערופענע ברעכונג פון די וואָקאַלן.

## וואָקאַלישער איבערבייט.

**118.** די פאַרשפרייטסטע פאַרענדערונג פון די וואָקאַלן איז דער **וואָקאַלישער איבערבייט** (דער אַזויגערופענער **אומלויט, איבערקלאַנג** אָדער **מעטאַפאָניע**), ד. ה. דער איבערגאַנג פון אַ אין ע, פון אָ אין ע, פון ו אין י און פון וי אין יי. דער וואָקאַלישער איבערבייט האָט נאָך אין יידיש באַהאַלטן אַ גרויסע קראַפט, הגם ניט אין דער פולער מאָס ווי אין דייטש און מיט אַ גרעסערער שטאַנדהאַפטיקייט פון די שטאַמוואָקאַלן אין ליטווישן (און דרומדיקן) יידיש לגבי דעם פוילישן.

**119.** דער וואָקאַלישער איבערבייט קומט פאָר דערהויפּט ביי דער פלעקסיע פון די ווערטער און ביי דער וואָרט־בילדונג, דהיינו:

א) ביים בילדן דעם רבים אָן אַ באַזונדערער ענדונג, למשל, קאַץ—קעץ, קאָפּ—קעפּ, שוך—שיך, טויז—טייז.

ב) ביים בילדן דעם רבים אויף ער, למשל, האַרץ—הערצער, סאָד—סעדער, בוך—ביכער, הויז—הייזער.

ג) ביים בילדן דעם רבים דורך די ענדונגען ן און ס קומט דער איבערקלאַנג פאָר נאָר אַלס יוצא־מן־הכלל אין קראַפט—קרעפטן, וואָגן—וועגנס.

ד) ביי דער קאָמפּאַראַציע פון די בייווערטער, אָבער ניט בדרך־כלל, נאָר אין געוויסע ווערטער, למשל, לאַנג—לענגער—לענגסטער, שמאָל—שמעלער—שמעלסטער, טונקל—טינקעלער—טינקלסטער א. אַנד.

ה) ביי דער בילדונג פון פאַרקלענער־ווערטער אויף ל, על, עלע, למשל, באַרג—בערגל, דראָנג—דרענגל, שנור—שנירל, בויך—בייכל.—אָפּווייכונגען אין דעם פאַל קומען פאָר נאָר אַלס יוצא־מן־הכלל, למשל, נאַרעלע, טאָוועלע, פורל.

ו) ביים בילדן שם־עצמס מיטן פרעפיקס גע און מיט די סופיקסן ער, יי, ניש, אָבער ניט בדרך־כלל, נאָר בלויז אַלס אויסנאַמען אין געציילטע ווערטער, למשל, באַקן—געבעק, וואַשן—געוועש, זאַמלען—געזעמל, לאַכן—געלעכטער, יאָגן—געיעג, קאָכן—געקעכטס, שלאָגן—געשלעג, שפּאָטן—געשפּעט, בויען—געביי; זאַלץ—זעלצער, באַרשטן—בערשטער, באָד—בעדער, גלאָז—גלעזער, טראָגן—טרעגער, קראָם—קרעמער, שלאָגן—שלעגער; גראָף—גרעפין, וואַשן—ועשין, שוואָגער—שוועגערין; באַהאַלטן—באַהעלטעניש, באַגראָבן—באַגרעבעניש, באַדאַרפן—באַדערפעניש, פאַנגען—געפענגעניש, געראָטן—גערעטעניש, טרוקן—טריקעניש.

ז) ביים בילדן שם־עצמס פון אַ שם־התואר אָן שום סופיקס, למשל, לאַנג — די לענג, גראָב — די גרעב, קרום — די קרים.

ח) ביים בילדן שם־התוארס מיט די סופיקסן ערן, יק (יג), יש און לעך (ליך), אָבער ניט בדרך־כלל, נאָר אַלס אויסנאַמען אין געציילטע ווערטער, ווי גלאָז — גלעזערן, זאַט — זעטיק, קראַפט — קרעפטיק, הונט — הינטיש, קראַנק — קרענקלעך, גרויל — גריילעך, געפאַר — געפערלעך, גאָט — געטלעך, שאָד — שעדלעך, נוץ — ניצלעך.

ט) ביים בילדן פעלים מיטן סופיקס ערן, למשל, אַלט — זיך עלטערן, בלאָט — בלעטערן, אָדער — עדערן, לאָך — לעכערן, ראָד — רעדערן.

י) ביים בילדן פעלים אָן סופיקסן, למשל, גלאט — גלעטן, פלאַט — פלעטן, קאַלב — קעלבן, קראַנק — קרענקען, שאַנד — שענדן, שמאָל — שמעלן, קאָפּ — קעפּן, קורץ — קירצן, קלוג — קליגן זיך, לויטער — לייטערן.

**120.** אייניקע וואָרטבילדונגען קומען פאָר אי מיט איבערקלאַנג אי אָן אים, דערהויפּט כּדי צו דיפערענצירן די באַטייטונג אָדער אויסצודריקן פאַרשיידענע ניואַנסן, למשל, דרוקן און דריקן, מאַנטעלע — קליינער מאַנטל און מענטעלע — פון אַ ספר־תּורה, גרעבער — אין אייגנטלעכן זין און גראָבער — אין איבערגעטראָגענער באַטייטונג, קוכל און קיכל — פאַרשיידענערליי געבעקסן, שאַצן — דעם ווערט און שעצן — אַכטן, — אָבער אויך אָן אונטערשייד אין באַטייטונג, למשל, נוצן און ניצן, וואַלגערן און וועלגערן (הגם דיאַלעקטיש אין ליטע אָן איבערקלאַנג אין דעם זין פון ניט האָבן קיין אָרט און מיט איבערקלאַנג אין דעם זין פון קייקלען, קאַטשען), קאַמען און קעמען, שפּאַטן און שפּעטן, אָטעמען און עטעמען (אַטעמען איז בכלל דייטשמעריש), קויקלען און קייקלען.

**121.** די גרעסטע שטאַנדהאַפטיקייט פון שטאַמוואָקאַל קעגן איבערקלאַנג ווייזט אין יידיש אַרויס דער אַ. דאָס מערקט זיך דערהויפּט ביי דער בילדונג פון פעלים, למשל, האַמערן, גלאַנצן, וואַרימען, פאַרבן, שאַרפן, שוואַרצן, שטאַרקן א. אַז. וו. (אין דייטש גיבן די אַלע ווערטער אַ איבערקלאַנג, למשל, glänzen, hämmern א. אַז. וו. אין די ביישפּילן פון אַ ר ווערט די אייגנשפּאַרטקייט פון אַ נאָך פאַרשטאַרקט דורך דער ווירקונג פון ר־קלאַנג, לויט דעם § 67).

**122.** פאַרקערט האָבן מיר פאַלן, ווען יידיש האָט אַ איבערקלאַנג לגבי די אַנטשפּרעכנדיקע דייטשע פאָרמען אָן אומלויט, למשל, קעלבן זיך — kalben, בעדער — Bader, טעג — Tage א. אַנד.

**123.** די גרעסערע שטאַנדהאַפטיקייט פון דעם שטאַמוואָקאַל אין ליטווישן יידיש לגבי דעם פּוילישן באַמערקן מיר אין אַזעלכע פאָרמען, ווי טאָוועלע, מאַנטעלע, נאָדעלע, פּויערל, פּויערטע א. אַנד., וואָס אין פּוילישן יידיש גיבן זיי יאָ דעם איבערקלאַנג: טעוועלע, מענטעלע, נעדעלע, פּייערל, פּייערטע א. אַנד.

**124.** אין פּויליש=דרומדיקן יידיש, וואָס האָט ניט דעם ו=קלאַנג, קען דער איבערקלאַנג ו—י אינגאַנצן ניט דערקענט ווערן (פרגל. מיטן § 82).

**125.** בנוגע דעם איבערקלאַנג פון וי מוז מען אונטערשיידן צווישן די ביידערליי וי=דיפטאָנגען. דער ערשטער וי האָט אַ גרויסע נטיה צום איבער=קלאַנג, פאַרענדערנדיק זיך אין דעם יי=דיפטאָנג, למשל, הויז—הייזער, מויל—מיילער, טויב—טייבל, קויל—קיילכל א. אַז. וו.

**126.** וואָס איז שייך דעם צווייטן וי (וועלכער שטאַמט פון דעם o=קלאַנג אָדער דעם מיטלהויכדייטשן ou, קען ער אין ליטווישן יידיש ניט געבן קיין איבערקלאַנג, ווייל ער ווערט דאָך דאָרט אויסגערעדט עי; למשל, דער איבערקלאַנג פון פויגל, קרוין, בוים אין די פאַרקלענערווערטער פייגעלע, קריינדל, ביימעלע, וועט אין ליטוויש ניט זיין קענטיק, ווייל אין דער פּאָזיטיווער פאָרם ווערן זיי סיי ווי אויסגערעדט פעיגל, קרעין, בעים. דאָ מוז שוין פּוסק זיין די פּויליש=דרומדיקע אויסשפּראַך, אין וועלכער דער איבערקלאַנג איז יאָ קענטיק: בוים=באָים—ביימעלע, פויגל=פאָיגל—פייגעלע, קרוין=קראָין—קריינדל (מיט דעם איי=גענעם אונטערשייד פאַר דער אויסשפּראַך פון פּוילן און דרום, וועלכער גילט פאַר דעם יי=דיפטאָנג: פאַיגעלע, קראַינדעלע, באַימעלע—אין פּוילישן יידיש און פעיגעלע, קרעינדעלע, בעימעלע אין—דרומדיקן יידיש).

**127.** נאָר דער איבערגאַנגס=דיאַלעקט צווישן ליטווישן און וואָלינערישן יידיש גיט ניט אין די דאָזיקע פאַלן קיין איבערקלאַנג, למשל, די בריסקער אויסשפּראַך: פויגל=פאָיגל—פויגעלע=פאָיגעלע, קרוין=קראָין—קרוינדל=קראָינדל, בוים=באָים—בוימעלע=באָימעלע.

**128.** בהסכם דערמיט מוזן מיר אָננעמען, אַז די פאָרמען מיטן איבערקלאַנג לויט דעם פּויליש=דרומדיקן נוסח זיינען מער באַרעכטיקט פאַר דעם ליטווישן נוסח אָן איבערקלאַנג אויך אין די איבעריקע גרופּעס, וואָס גיבן אַ איבערקלאַנג, דהיינו: אין דעם רבים פון אַזעלכע ווערטער, ווי פויגל—פייגל, בוים—ביימער, בוידים—ביידימער, ביי אַזעלכע וואָרטבילדונגען, ווי די הייך פון הויך, די גרייס פון גרויס, די רייט פון רויט (אַזוי ווי די גרעב פון גראָב), ווי גלייבן (פּעל פון גלויבן), גרייסן זיך, דערהייכן, טייטן (פּעל פון טויט), קריינען (פּעל פון קרוין), רייט=לען זיך, רייכערן, און אין דעם שם=התואר נייטיק און גענייטיק (פון נויט), הגם אין דעם דערמאָנטן איבערגאַנגס=דיאַלעקט בלייבן די דאָזיקע אַלע פאָרמען אָן איבערקלאַנג: פויגל (רבים), בוימער, די גרויס, די הויך, גלויבן (פּעל), גרויסן זיך, דערהויכן, טויטן (פּעל), קרוינען (פּעל), רויטלען זיך, רויכערן, נויטיק.

(אַנאַלאָגיש האָבן מיר אויך אין דעם דאָזיקן דיאַלעקט וי אָנשטאָט דעם מער באַרעכטיקטן יי אין אויבער, אויבערשטער, בויגן (פּעל), הויבן).

## וואָקאַלישער אומבייט.

**129.** אַחוץ דעם איבערקלאַנג זיינען אין יידיש געבליבן אַ ריי פאָרמען מיט אַ באַזונדערן וואָקאַלישן אומבייט, וועלכער איז אין דער דייטשער גראַמאַטיק באַקאַנט אונטערן נאָמען Ablaut. דעם דאָזיקן „אַפּלויט" האָבן מיר אין אַזעלכע פאָרמען, ווי בינד—בונד—באַנד, טרעטן—טריט—טראָט א. אַז. וו.

אויפן באָדן פון דער יידישער שפּראַך האָט זיך דער דאָזיקער מין וואָקאַלישער אומבייט ניט אַנטוויקלט, נאָר זיך איינגעשרומפּן, געבליבן דערהויפּט אין דער בילדונג פון מיטלווערטער ביי די פּעלים פון דער אַזוי־גערופענער שטאַרקער נטיה, למשל, שעכטן—געשאָכטן, לינקען—געלונקען א. אז. וו. און ביי אייניקע וואָרטבילדונגען, ווי, למשל, גאָב פון געבן, צולאָג פון צולייגן, שטאָך פון שטעכן, שפּריכוואָרט פון שפּרעכן, געדראַנג פון דרינגען, געזאַנג פון זינגען.

**130.** די דייטשע גראַמאַטיק איז מבחין צווישן דעם „אַפּלויט" און אַ באַזונדערן פאַל פון וואָקאַלישן אומבייט, וועלכער ווערט באַצייכנט מיט דעם נאָמען ב ר ע כ ו נ ג. דער פּראָצעס פון ברעכונג, וועלכער געהערט צו דער עלטסטער תקופה אין דער אַנטוויקלונג פון דער דייטשער שפּראַך, באַשטייט אין דעם, וואָס דער קדמונישער i איז אַריבערגעגאַנגען, ג ע ב ר אָ כ ן געוואָרן אין e אָדער o און דער קדמונישער u—אין o.

**131.** אין גבול פון דער יידישער שפּראַך דעקלערן זיך מיט דעם פּראָצעס פון ברעכונג אַזעלכע פאָרמען, ווי הילף—העלפן, גיב—געבן, מיגלעך—מעגן, הילצערן—געהילץ—האָלץ, געשווילעכץ—געשוואָלן, געוויקס—געוויקסיק—געוואַקס, געשמילץ (ביי ליפשיצן—פּעטס, חלב)—שמעלצן, גילדן—גילדערן—גילטן (אָפּגילטן)—באַגולן—גאָלד, ריכטיק—רעכט,ווירקן—ווערק, וויטערונג (ביי מענדעלע מוכר־ספרים)—געוויטער—וועטער, געוויסער—וואַסער, קיניג, קיניגן—קעניג, קעניגן.

**132.** אייניקע פון די דאָזיקע פאָרמען זיינען דיפערענצירט דיאַלעקטיש: מיגלעך, קיניג—ליטוויש, מעגלעך, קעניג—פּויליש־וואָלינעריש (הגם אונטער דער ווירקונג פון דער ליטעראַרישער שפּראַך אַלץ אָפטער אויך אין דער אויסשפּראַך פון דער ליטע), הילצערן—ליטוויש און וואָלינעריש, האָלצערן—פּויליש. טאָן—ליטוויש און טון פּויליש־וואָלינעריש.

**132.** לגבי דייטש האָט יידיש אַרויסגעוויזן אַ איינגעשפּאַרטקייט קעגן דער ברעכונג אין אַ גאַנצער ריי פאָרמען, ווי גילדערן, געהילץ, מיגלעך, קיניג, געוויקס (פּרגל. מיט די נייהויכדייטשע בילדונגען gölden, Gehölz, möglich Gewächs). אַהער געהערן אויך די פאָרמען מיטן קדמונישן ו לגבי דעם יינגערן o (קומען אָנשטאָט kommen א. אַז. וו. § 86).

**133.** פאַרקערט, אין אַנדערע פאַלן, וואו אין דייטש האָבן מיר דעם פּראָצעס פון ברעכונג, האָבן זיך אין יידיש די וואָקאַלן ניוועלירט, למשל, ערד—ערדיש, בערג—געבערג, נעמען—נעמסט, גילטיק—גילטן (ניט אירדיש,

געבירג, נימסט, געלטן, ווי אין דייטש). מאַנכע געבראַכענע פאָרמען פעלן בכלל אין יידיש, ווי, למשל, Geschwister (פרגל. מיט געשוועסטער-קינד), Gefilde (פון פעלד), Gefieder פון פעדער. אָקעגן-זשע, די פאָרמען פידעריג, פידעריגקייט, פידערן (ביי ליפשיצן — עלאַסטיש, עלאַסטישקייט, עלאַסטיש זיין — פון פעדער) פעלן אין דייטש. הגם דער י לגבי דעם ע קען דאָ זיין, ניט קיין פאַל פון ברעכונג, נאָר אַ אַנאַלאָגיע צו אַזעלכע דרומדיקע פאָרמען, ווי טריטן אָנשטאָט טרעטן, געליגן ווערן אָנשטאָט געלעגן ווערן א. אַז. וו. (פרגל. מיטן § 81).

## די באַטאָנונג אין יידיש.

**134.** די ביזאַהער באַטראַכטע ערשיינונגען אין דער ספערע פון דעם יידישן וואָקאַליזם זיינען שייך נאָר ביים באַטאָנטן טראַף. די וואָקאַלן פון אומבאַטאָנטן טראַף שטייען אונטער דער ווירקונג פון גאַנץ אַנדערע געזעצן. כדי די דאָזיקע געזעצן גענויער צו דערפאָרשן, מוזן מיר זיך אָפּשטעלן אויף די כללים פון דער יידישער באַטאָנונג, פון יידישן טראָפּ.

**134.** ווי שוין געזאָגט, איז דער טראָפּ אין דער יידישער שפּראַך נאַטירלעך, אויסטיילנדיק דעם וויכטיקסטן טראַף פון וואָרט.

דער וויכטיקסטער טראַף אין דעם וואָרט איז אָבער דער שורש, דער וואָרצל פון וואָרט, ד. ה. דער שותּפישער עלטערפאָטער פון אַ גאַנצער משפּחה ווערטער. למשל, אין די ווערטער בינדן, בונד, באַנד, בענדל, געבונדענער איז דער שורש דער טראַף בינד, פון וועלכן עס שטאַמען די אַלע איבעריקע פאָרמען, — שטייט דעריבער אויף דעם דאָזיקן טראַף אויך דער טראָפּ. דער דאָזיקער כלל איז אין יידיש נאָך שטרענגער, ווי אין דער דייטשער שפּראַך, וועלכע קען אין דעם פּרט אַ אויסנאַם lebe'ndig, מיטן טראָפּ אַלזאָ אויף דעם טראַף en, אָנשטאָט דעם רעגמעלסיקן יידישן לע'בנדיק (לע'בעדיק) מיטן טראָפּ אויפן שורש לע'ב.

**136.** אַזוי ווי אין אַ איינפאַכן וואָרט איז דער שורש געוויינלעך דער ערשטער טראַף, קען בנוגע דער באַטאָנונג אין יידיש אויפגעשטעלט ווערן דער אַלגעמיינער כלל: דער טראָפּ ליגט אויפן ערשטן טראַף, למשל, ווי'נטער, גראָ'שן, קלו'גשאַפט א. אַז. וו.

**137.** דער דאָזיקער כלל איז אויך חל אויף צונויפגעזעצטע ווערטער, למשל, טי'שקעסטל, גאַ'סניונג, פלע'דערמויז, קליי'נגעלט דריי'פוס א. אַז. וו.

**138.** אויך אין די ווערטער, וואָס זיינען געבילדעט מיט פּרעפיקסן, גייט דער טראָפּ אַריבער פון דעם וויכטיקסטן שורש-טראַף אויף די פּרעפיקסן, לויט דעם כלל פון דער באַטאָנונג ביי צוזאַמענזעצונגען, למשל, או'ראייניקל, או'נטערגאַנג, איי'נפאַל, פּי'רהויז, דו'רכהויף, או'מפאָרן, אוי'סטיילן, ביי'קומען, צו'שניידן א. אַז. וו.

**139.** נאָר ביי די פּרעפיקסן גע, באַ, אַנט, צע, דער, פאַר — רוקט זיך דער

טראָפּ ניט איבער פון שורש אויפן פּרעפיקס, למשל, געזע׳ץ, באַזע׳צנס, אַנטויי׳נען, צעשניי׳דן, דערווי׳דער, פּאַרדראָ׳ס.

**140.** דער פּרעפיקס אום (אונ, ניט) ציט אַריבער אויף זיך דעם טראָפּ אַלס ערשטער טייל פון אַ צונויפגעזעצטן וואָרט, למשל, או׳מחן, או׳מכבוד, או׳מגליק, או׳מרעכט, או׳מגערן. ביי פילטראַפּיקע בייווערטער קען ער אָדער געקוועטשט ווערן מיטן טראָפּ אָדער איבעררוקן דעם טראָפּ אויף דעם שורש, כדי צו דערגרייכן אַ רעטאָרישע ווירקונג, למשל, או׳ממעגלעך און אוממע׳גלעך, או׳מגליקלעך און אומגלי׳קלעך, או׳מדאַנקבאַר און אומדאַ׳נקבאַר. ביי צונויפגעזעצונגען מיט מיטלווערטער בלייבט ער אומבאַטאָנט, למשל, אומגעוואַ׳שן, אומגעזע׳ען, אומגעגע׳סן א. אַז. וו.

**141.** די פּרעפיקסן איבער און אונטער געהערן אין יידיש צו די, וואָס ציען אויף זיך דעם טראָפּ, למשל, אי׳בערזעצן, אי׳בערלייגן, או׳נטערהאַנדלען, און אומבאַטאָנט קומען זיי נאָר אין ניי אַריינגענומענע ווערטער, וואָס האָבן ניט פאַרלוירן זייער דייטשערישן כאַראַקטער, למשל, איבעררא׳שן, איבערציי׳גן, אונטערשיי׳דן, אָפּט אויך מיט דיפערענצירטער באַטייטונג, למשל, אי׳בערזעצן—פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן, איבערזע׳צן—פון איין שפּראַך אין דער אַנדערער, אי׳בערלייגן פון איין אָרט אויף דעם אַנדערן און זיך איבערליי׳גן—מיישב זיין זיך, או׳נטערהאַנדלען—צו׳האַנדלען און אונטערהאַ׳נדלען—פירן אונטערהאַנדלונגען, או׳נטערוואַרפן—צוּוואַרפן און אונטערוואַ׳רפן זיך—אונטערגעבן זיך, הגם די פאָלקסטימלעכע אויסשפּראַך איז קעגן דער דאָזיקער דייטשמערישער באַטאָנונג און אויף וויפיל זי געברויכט די דאָזיקע פּרעמדע ווערטער, קוועטשט זי זיי מיטן טראָפּ אויף דעם פּרעפיקס: אי׳בערזעצן (אויף אין צווייטן זין), אי׳בערלייגן זיך, או׳נטערשיידן.

**142.** דער שפּיל פון דער יידישער נגינה דערלויבט זיך אַמאָל באַטאָנונגען קעגן כלל, למשל: טאָמער פאַ׳רקערט?

**132** אויך איינטראָפּיקע ווערטער קענען האָבן אויף זיך דעם טראָפּ, אָבער נאָר דאַן, ווען זיי זיינען פאַרבונדן מיט אַנדערע ווערטער, למשל, פאַ׳ר זיך און פאַר זי׳ך, מי׳ט זיך און מיט זי׳ך. טיילמאָל איז די באַטאָנונג פון איינטראָפּיקע ווערטער אַ מיטל צו דיפערענצירן די באַטייטונג, למשל, פאַ׳ר מיר (פריער פון מיר) און פאַר מי׳ר (פון מיינטוועגן), אָ׳ן זייער הסכם (זייער הסכם איז ניטאָ), אָן זיי׳ער הסכם (ווענדט זיך עס).

**144.** אַ יוצא-מן-הכלל איז די באַטאָנונג פון דאָס רוב פּרעמדווערטער, למשל, אַדוואָקאַ׳ט, רעסטאָראַ׳ן, קאַפּיטאַ׳ל. טיילמאָל בייט זיך אין אַזעלכע ווערטער דער טראָפּ, אַריבעררוקנדיק זיך ביי פאַרלענגערונגען פון איין טראָף אויף דעם אַנדערן, למשל, מיני׳סטער—מיניסטאָ׳רן, כאַראַ׳קטער—כאַראַקטאָ׳רן, מוזי׳ק—מוזיקאַ׳ליש.

**145.** אַזוי ווי דאָס רוב זיינען די פּרעמדווערטער צו אונז געקומען אי-

בער רוסיש, האָבן זיי אָפט דעם טראָפ אַזוי ווי אין רוסיש, למשל, מאַטעמאַ-טיק, פּאָע׳זיע, געאָגראַ׳פיע (און ניט מאַטעמאַטי׳ק, פּאָעזי׳, געאָגראַפי׳).

146. טייל פרעמדווערטער קומען אין יידיש פאָר אין צוויי פאָרמען, אַ פאָלקסטימלעכער און אַ ליטעראַרישער, מיט פאַרשיידענער באַטאָנונג, למשל, ביבליאָ׳טעקע און ביבלאָטע׳ק, פאַ׳בריקע און פאַברי׳ק, פּאָלי׳טיקע און פּאָליטי׳ק.

147. ניט אויף דעם שורש האָבן אין יידיש דעם טראָפ אויך די ווער-טער מיט די פרעמדע ענדונגען, יִי׳ און י׳רן, למשל, רייסעריי׳, מערקי׳רן.

148. אין אַלטגעזעסענע סלאַווישע ווערטער שטייט דער טראָפ—לויט דעם אַלגעמיינעם כלל פון דער יידישער באַטאָנונג און ניט לויט די כללים פון דעם טראָפּ אין די אַנטשפּרעכנדיקע שפּראַכן (רוסיש אָדער פּויליש)—דאָס רוב אויף דעם ערשטן טראַף, וועלכער פאַלט אין די מייסטע פאַלן צונויף מיטן שורש פון וואָרט, למשל, צי׳בעלע, לאָ׳פּעטע, קאָ׳טשערע, ווע׳טשערע, טשע׳רע-דע, מאָ׳שלינקע, ק׳אָריטע, סמע׳טענע, קע׳לישעק, פּאַ׳סטוך, האָ׳רעווען, זשאַ׳-לעווען. דאָס בלייבט אויך כלל אפילו ביי ווערטער מיט פּרעפיקסן, אויב דער ייד דערקענט אין זיי ניט דעם שורש, למשל, פּאָ׳דקעווע, פּאָ׳מעלע, זאַ׳שלינ-קע, פּאָ׳זימקע (פּרגל. מיט подкова, помело, заслонка, poziemka).

נאָר אין די סלאַווישע ווערטער, וואו דער שורש איז באַשיינפערלעך ניט דער ערשטער טראַף, שטייט דער טראָפּ אויפן צווייטן, למשל, אַבי׳, או-מי׳שנע, פּאַוואָ׳ליע, וויגאָ׳דע, פּאַדראַ׳ד (אַגב אַ ניי וואָרט).

149. אין מאַנכע ווערטער, אַנטליענע פון סלאַווישע שפּראַכן, איז די באַטאָנונג אין יידיש דיפערענצירט דיאַלעקטיש, למשל, קאַפּאָ׳טע, כאָליאַ׳ווע, פּאָדלאָ׳גע (ליטוויש) און קאַ׳פּאָטע, כאָ׳ליעווע, פּאָ׳דלאָגע (פּויליש-יידיש). אינטערעסאַנט אין די דאָזיקע ביישפּילן איז, וואָס דווקא אין דעם יידישן דיאַ-לעקט פון פּוילן, וועלכער שטייט דאָך אונטער דער דירעקטער השפּעה פון דער פּוילישער שפּראַך, וואו דער טראָפּ איז אַלעמאָל אויף דעם צווייטן טראַף פון סוף, האָט זיך דער טראָפּ אין די געבראַכטע ווערטער איבערגערוקט אויף דעם ערשטן טראַף, בהסכם מיט דעם שטייגער פון דער יידישער באַטאָנונג.

150. אין די סלאַווישע ווערטער אויף עָר רוקט זיך דער טראָפּ אין דער מערצאָל-פאָרם אַריבער פון דעם ערשטן טראַף אויף דער ענדונג עָר, אין וועלכער עס ווערט דאַן צוריקגעשטעלט דער לכתחילהדיקער אַ-קלאַנג, למשל, סטאָ׳ליער — סטאָליאַ׳רעס, מו׳ליער—מוליאַ׳רעס.

151 די דאָזיקע איבעררוקונג פון טראָפּ ביי דער בילדונג פון רבים האָבן מיר אויך אין אייניקע אַנדערע ווערטער, ווי, למשל, פּאָ׳יעזד—פּאָיאַ׳זדן, שטי׳וול—שטיוואַ׳לעס, שריי׳בער—שרייבאַ׳רעס, אוי׳גן—אויגאַ׳נעס.

152. די סלאַווישע סופיקסן ציען בכלל אַריבער אויף זיך דעם טראָפּ פון שורש, למשל, טרייפניאַ׳ק, פּרומאַ׳ק, בחורע׳ץ, האָדעוואַ׳ניע, תּמעוואַ׳טע, ציקאַ׳ווע, סקאַרבאָ׳ווע. דאָס איז אָבער ניט דער פאַל ביי די סופיקסן קע, יק-

עניו, ישי, ינקע, יטשקע, למשל, ברו׳דערקע, קלוי׳זניק, גאָ׳טעניו, מאַ׳מישי, קליי׳נינקע, שיי׳ניטשקע א. אַז. וו.

**153.** אינטערעסאַנט איז די אַריבעררוקונג פון טראָפּ אין אַזעלכע ווער־טער, ווי שלימזמו׳לניק, בעל־מצוו׳הטניצע.

**154.** די ביזאַהער אויסגעלייגטע כללים פון דער יידישער באַטאָנונג ווייזן אַלזאָ, אַז אין דאָס רוב פאַלן שטייט דער טראָפּ אין יידיש אויפן ערשטן טראַף, זעלטע־נער—אויפן צווייטן, און נאָר אין פרעמדווערטער אויפן דריטן אָדער נאָך ווייטער פון אָנהייב. אַזוי ווי די יידישע ווערטער באַשטייען געוויינלעך ניט מער ווי פון דריי טראַפן און מערטראַפיק זיינען זיי נאָר אין צונויפזעצונגען מיט אומבאַטאָנטע פּרעפיקסן, ביי וועלכע דער טראָפּ קומט אויס אַלזאָ אינמיטן וואָרט (למשל, געקו׳מענע, פונאַ׳נדערשפרייטן א. אַז. וו.), זיינען דער יידישער שפּראַך דעריבער פרעמד אַזעלכע קלאַנגענקאָמבינאַציעס, וואָס זאָלן באַטאָנט זיין ווייטער ווי אויפן דריטן טראַף פון סוף. דאָס איז די סיבה, וואָס צוויי־טראַפיקע ווערטער מיטן טראָפּ אויף דעם ערשטן טראַף קענען ניט פאַרבונדן ווערן מיט דער צווייטראַפיקער אומבאַטאָנטער ענדונג ע ל ע, למשל, פּע׳נס־טער—פּע׳נסטערל, אָבער ניט פּע׳נסטערעלע, ווייל דאָ וואָלט געדאַרפט באַ־טאָנט ווערן דער פערטער טראַף פון סוף, וואָס דאָס איז קעגן די געוווינהייטן פון דער יידישער באַטאָנונג. איז אָבער אַ צווייטראַפיק וואָרט באַטאָנט אויפן צווייטן טראַף, דאַן איז ניטאָ קיין מניעה פאַר דער צוזעצונג פון דער ענדונג ע ל ע, למשל, פּאַפּי׳ר—פּאַפּי׳רעלע. ווערטער, וואָס קענען איבעררוקן דעם טראָפּ נע־ענטער צום סוף, קענען דורכדעם אויך באַקומען די מיגלעכקייט צו קאָמבינירן זיך מיט ע ל ע, למשל, פון רעוואָ׳לווער לאָזט זיך ניט בילדן די פאָרם רע־וואָ׳לווערעלע, אָבער פון רעוואָלווע׳ר—מיטן טראָפּ אויפן סוף—האָבן מיר יאָ די פאַרקלענערונג רעוואָלווע׳רעלע.

## פאַרטונקלונג אָדער אָפּשוואַכונג פון וואָקאַלן.

**155.** ביי דעם נאַטירלעכן טראָפּ, וועלכער הערשט אין יידיש, ווערט אַלזאָ, בדרך־כלל, די גרעסטע אָנשטרענגונג פון דער שטים געמאַכט ביי דעם וויכטיקסטן טראַף, מוז זי, די שטים, ביי די איבעריקע טראַפן דעריבער זיך אָפּלאָזן, ווערן ווייניקער אָנגעשטרענגט. אָבער די קלענסטע אָנשטרענגונג איז אַרויסצוברענגען מיטעלע טענער (סיי די נידעריקע טענער און סיי די הויכע פאָדערן שוין אַ גרעסערע אָנשטרענגונג). דערפון נעמט זיך דער כלל, וואָס אין אַלע אמת יידישע ווערטער, וועלכע ווערן שוין פון אַלטע צייטן געברויכט ביים פאָלק, זיינען די אומבאַטאָנטע וואָקאַלן פ א ר ט ו נ ק ל ט געוואָרן, זיך אָ פּ ג ע ש וו א כ ט אין די מיטעלע טענער אַ און ע.

דער דאָזיקער כלל, וועלכער איז פאָרמולירט געוואָרן פון ב. באָראָכאָוו, איז איינער פון די גרונד־געזעצן פון דעם יידישן וואָקאַליזם, וואָס פון אים שטאַמען אויך אַנדערע צוויי הויפּט־כללים:

א) די יידישע דיאַלעקטן שיידן זיך אונטער דערהויפּט מיט די באַטאָנטע
וואָקאַלן.

ב) אַ ניי אַריינגענומען וואָרט טיילט זיך אויס פון די אַלטגעזעסענע,
אמת פאָלקסטימלעכע יידישע ווערטער דערהויפּט אין דער פאַרטונקלונג; אַ ניט=
פאַרטונקלט וואָרט איז געוויס אַ נעאָלאָגיזם.

**156.** די פאַרטונקלונג פון דעם אומבאַטאָנטן וואָקאַל אין אַ קומט פאָר
דערהויפּט אין פּרעפיקסן און בכלל אין אָנהייב וואָרט. די דאָזיקע פאַרטונקלונג
האָבן מיר אין די פּרעפיקסן אַ נ ט און ב אַ, למשל, אַנטלויפן, באַהאַלטן (אָנ=
שטאָט ענטלויפן, בעהאַלטן). אין פּרעפיקס פ אַ ר (למשל, פאַראָרימט אָנשטאָט
פעראָרימט) איז די פאַרטונקלונג באַגינסטיקט געוואָרן דורך דער פאָלקס=עטי=
מאָלאָגיע מיט דעם פאָרוואָרט פ אַ ר, וואו דער אַ האָט זיך אַנטוויקלט פון ü
אונטער דער השפּעה פון ר=קלאַנג (אַזוי ווי מיר האָבן עס, למשל, אין גאַרטל
פון Gürtel).

**157.** די זעלביקע סיבה האָט, ווייזט אויס, גורם געווען די פאַרטונקלונג
פון ו אין אַ אין דעם פּרעפיקס פאַנאַנדער—פון פונאַנדער (פונאַנדער = איי=
נער פון דעם אַנדערן, למשל, פונאַנדערטיילן—איינער פון דעם אַנדערן).

אין דעם פּרעפיקס ד ע ר איז די פאַרטונקלונג אין אַ דיאַלעקטיש (ליט=
וויש), למשל, דערלאַנגען—דאַרלאַנגען; אפשר האָט דערביי אויך מיטגעווירקט
די השפּעה פון דעם נאָכקומענדיקן ר=קלאַנג (אַזוי ווי מיר האָבן עס אין
באַטאָנטן טראַף, למשל, אין האַר אָנשטאָט הער, אין פאַרטיק אָנשטאָט פער=
טיק א. אַז. וו.).

**158.** אַ פאַרטונקלטן אַ טראַף=איין האָבן מיר אויך אין דעם יידישן אַר
אָנשטאָט דעם דייטשן her אין די פּרעפיקסן אַראָפּ, אַרויף, אַרויס, אַריין,
אַריבער, אַרונטער, אַרום (לגבי די אַנטשפּרעכנדיקע דייטשע herab, herauf,
herum, herunter, herüber, herein, heraus), ווי אויך אין פויליש=יידישן אַפער
(hervor) מיט דער פאַראַלעלער פאָרם אַפיר, וואו אָנשטאָט דעם פּרעפיקס
פאָר איז געבליבן דער עלטערער פיר (אַזוי ווי מיר האָבן עס אין פירהויז
אָנשטאָט פאָרהויז, פירלייענען אָנשטאָט פאָרלייענען א. אַז. וו.).

דאָסגלייכן אין אַוועק, אַנקעגן האָבן מיר אַ פאַרטונקלטן אַ לגבי דעם e
אין מיטלהויכדייטש (enkegen, enwec).

**159.** ווייזט אויס, על=פּי אַנאַלאָגיע מיט די דאָזיקע פּרעפיקסן האָט זיך
אין יידיש אויסגעבילדעט אַ באַזונדער אומבאַטאָנטער פּרעפיקס אַ, וואָס ווערט
צוגעזעצט: א) דערהויפּט צו אומשטאַנדווערטער און פּרעפיקסן פון אָרט, כּדי
אָנצווייזן די ריכטונג: אַהער, אַהין, אַהינטער, אַהיים, אַנידער, אַדורך,
אַקעגן, אַוואו (דיאַלעקטיש, נאָר אין דער ליטע, אָפּטמאָל איבערגעזעצט פון
יידן אין דער רוסישער שפּראַך אין דער פאָרם a гдѣ), ב) צו אומשטאַנדווערטער
פון צייט: אַצונד (צונד), אַפריער (ליטוויש—אָנשטאָט פריער), אַנאָך (דיאַלעקטיש
אין ליטווישן יידיש; פון ביאַליסטאָקער קאַנט—אָנשטאָט דערנאָך; אין גאַליצישן

יידיש נ֯ייַר אין דער פאָרם וויאַנאַך=ווי אַזוי, אויף וואָס פאַר אַן אופן); ג) צו פאָרווערטער: אַחוץ (אַנשטאָט חוץ); ד) צו בינדווערטער, דאָס רוב אינגאַנצן ענדערנדיק זייער באַטייטונג: אַיאָ, אַניט (דאָ קען דער אַ זיין אַ פאַרקירצונג פון אַז: אַז ניט), אַמער, אַזיסט (ביי ליפשיצן; ביי מענדעלע מוכר=ספרים נאָר אין דער פאָרם זיסט).

**160.** אין פאַרבינדונג מיט שבות קען דער דאָזיקער אַ אויך באַטראַכט ווערן ווי דער אומבאַשטימטער אַרטיקל אַ, וועלכער האָט זיך צונויפגעשמאָלצן מיטן נאָמענוואָרט, למשל, אַשטייגער, אַדאַנק, אַיעדער, אַיענער.

אין די ווערטער אַפנים, אַכלל, אַקיצור קען מען זעען די ווירקונג פון דעם העברעאישן ה הידיעה: הפנים, הכלל, הקיצור.

**161.** אין דער אומבאַטאָנטער ענדונג אַך (אָנשטאָט יך, עך, וך, למשל, גליקלאַך, טישלאַך, רעטאַך, פאַסטאַך, טישטאַך—אָנשטאָט גליקליך, טישליך, רעטיך, פאַסטוך, טישטוך) איז דער פאַרטונקלטער אַ אַ רעזולטאַט פון דער ווירקונג פון געגאָר=גלטן כ=קלאַנג (אַזוי ווי מיר האָבן עס אין באַטאָנטן טראַף אין פוילישן יידיש: קיך—קאַך, ליכט—לאַכט, נעכטן—נאַכטן). דער דרומדיקער דיאַלעקט בלייבט דאָ ביי זיין עך=קלאַנג (גליקלעך, טישלעך, רעטעך, פאַסטעך, טישטעך, אַנאַלאָ=מיט דעם עכ אין באַטאָנטן טראַף: לעכט, געוועכט, רעכטן זיך, געדעכט—אָנ=שטאָט ליכט, געוויכט, ריכטן זיך, געדיכט). דער דאָזיגער עך קלינגט אויך אין מאַנכע ריידענישן פון דער ליטע (למשל, אין קאָוונער קאַנט).

אין וואַרשע קלינגט דער אומבאַטאָנטער אַך מיט אַ טונקעלן אָ=קלאַנג: גליקלאָך, טישלאָך (דער ל—ווייך).

**162.** אין דעם פאַרקלענער=סופיקס על ע איז די פאַרטונקלונג פון ערשטן ע אין אַ דיאַלעקטיש (אין ליטע, פוילן, גאַליציע, אָבער ניט אומעטום), למשל, טישאַלע, פייגאַלע, אייגאַלע—אָנשטאָט טישעלע, פייגעלע, אייגעלע.

אין דעם וואָרט אַמפּערן (אָנגענומען, אַז ער שטאַמט פון empören) איז דער לכתּחילהדיקער e פאַרטונקלט געוואָרן אין אַ, וועלכער האָט אויף זיך אַריבער=געצויגן דעם טראָפּ, לויטן כלל—טראָפּ אויפן ערשטן טראַף, וואָרים אַז דער טראַף אַם אין דעם דאָזיקן איזאָלירטן וואָרט געהערט ניט צום שורש איז פאַר דער יידישער עטימאָלאָגיע ניט קלאָר. (פאַרקערט, האָט זיך דער באַטאָנטער אַ פון אַנטוואָרט געענדערט אין ע—ענטפער).

די פאַרטונקלונג פון אומבאַטאָנטן וואָקאַל אין אַ האָבן מיר אַלזאָ נאָר אין ערשטן טראַף (אַחוץ אין די ענדונגען אַך און אַלע, § 161, 162), אי דאָס—בלויז אין די געציילטע פאַלן, וועלכע מיר האָבן אויבן געבראַכט. אַפילו דער אומבאַטאָנטער פרעפיקס באַ קלינגט טיילווייז אין געוויסע ריידענישן פון דער ליטע (למשל, אין מינסקער גוב.) —בי, למשל, ביזונדער, ביקומען, בירײדן א. אז. וו. אָנשטאָט באַזונדער, באַקומען, באַריידן (אָבער אין דעם אייגענעם דיאַ=לעקט—באַהאַלטן, באַווייזן א. אז. וו.). אויך אין דעם פרעפיקס גע איז דער אומבאַטאָנטער ע געבליבן אַ פאַרטונקלטער י=קלאַנג אין אַלע דיאַלעקטן

(געגעבן=גיגעבן, געלעכטער=גילעכטער א. אַז. וו.). אַ פּאַרטונקלטן י האָבן מיר אויך אין דער אויסשפּראַך פון דעם וואָרט קאַפּיטל (אויסגערעדט קיפּיטל).

**163.** אַקעגן=זשע, איז אין יידיש אַ סך אָפטער די פּאַרטונקלונג פון די אומבאַטאָנטע וואָקאַלן אין אַ רעדוצירטן, ד. ה. קורצן, אָפּגעשוואַכטן ע. די פּאַרטונקלונג אין ע קומט פאָר ניט אין דעם טראַף וואָס פאַר דעם באַטאָנטן (ווי דאָס איז דער פאַל ביי דער פּאַרטונקלונג אין אַ), נאָר אין דעם טראַף, וואָס נאָך דעם באַטאָנטן, דהיינו:

א) אין דער אומבאַטאָנטער ענדונג אַר אָדער אָר, למשל, טאָטער, קאַטער, סטאָליער, דאָקטער, (אָנשטאָט טאַטאַר, קאַטאַר, סטאָליאַר, דאָקטאַר, הגם אין די דאָזיקע פאַלן איז די פּאַרטונקלונג באַגינסטיקט געוואָרן דורך דער אַנאַלאָגיע מיט די ווערטער אויף ער, ווי פאָטער, קוואַטער, לערער א. אַז. וו.

ב) בכלל אין יעדן לעצטן אומבאַטאָנטן טראַף, למשל, אַטלעס, אַרבעט, קירבעס, באָרוועס, דימענט, יידענע (אָנשטאָט אַטלאַס, אַרבייט, קירביס, באָרפוס, דימאַנט, יידינע).

ג) אין מיטלסטן אומבאַטאָנטן טראַף פון סלאַווישע ווערטער, למשל, לאָפּעטע, כאָליעווע, מערעשקע, אוגערקע (אָנשטאָט לאָפּאַטע, כאָליאַווע, מוראַשקע, ogorek).

אין אייניקע פון די געבראַכטע ביישפּילן איז די פּאַרטונקלונג פאָרגעקומען צוזאַמען מיט דער אַריבערוקונג פון דעם טראָפּ אויף דעם ערשטן טראַף, למשל, טאַטאַ׳ר — טאָ׳טער, קאַטאַ׳ר — קאַ׳טער, דיאַמאַ׳נט — די׳מענט, מוראַ׳שקע — מע׳רעשקע.

ד) אין אומבאַטאָנטן וואָקאַל וואָרט=אויס, למשל, דראַמע, דומע, אַמעריקע, קראָקע, וואַרשע, בלאָטע, טאַקע (אָנשטאָט דראַמאַ, דומאַ, אַמעריקאַ, קראָקוי, וואַרשוי, błoto, таки).

**164.** דיאַלעקטיש קלינגט דער אומבאַטאָנטער און פּאַרטונקלטער ע אָפּט ווי י, למשל, עפּיס, טאַקי, ערגיץ, עמיץ, אַטליס.

אין אייניקע ריידענישן פון דרומדיקן דיאַלעקט ווערט דער אומבאַטאָנטער שלאָס=ע פון פאַרקלענער=סופיקס עלע אויסגערעדט לי, למשל, לייבעלי, מענדעלי. אין פּוילישן יידיש ווערט דער שלאָס=ע פון בייווערטער אויסגערעדט אָ, למשל, קליינאָ, דיינאָ (ד. ה. קליינע, דיינע). די פּאַרטונקלונג אין אָ קומט פאָר אויך אין געוויסע ריידענישן פון דער ליטע ביי ווערטער אויף יע, למשל, פאַמיליאָ, רעוואָלוציאָ (פאַמיליע, רעוואָלוציע).

דיאַלעקטיש איז אויך די פּאַרטונקלונג פון דער ענדונג יש אין ע, למשל, יידעש, רוסעש, באַשעפענעש (אָנשטאָט יידיש, רוסיש, באַשעפעניש).

## דער סוף=ע.

**165.** אַחוץ דער רעדוקציע פון די אומבאַטאָנטע וואָקאַלן, וואָס דריקט זיך אויס אין זייער אָפּשוואַכונג און פאַרטונקלונג, געהערט צו די הויפּט=

שטריכן פון דער יידישער פאָנעטיק—די נייגונג צו קורצקייט, וועלכע ווייזט זיך אַרויס אין דעם, וואָס יידיש האָט ניט דעם אומבאַטאָנטן ע סוף וואָרט לגבי דייטש, דהיינו:

א) אין די ענדונגען פון די שם־עצמס פון אַלע דריי געשלעכטער, למשל, ייד, אַף, קעז, ריז, אָל, זייד, זאַך, טאַש, מי, רו, שפּראַך, (די) גרייס, אויג, געזינד א. אַז. וו. (לגבי Jude, Affe, Käse, Riese, Ahle, Seide, Sache, Sprache, Tasche, Mühe, Ruhe, Grösse, Auge, Gesinde א. אַז. וו.)

ב) אין דער ענדונג פון דעם רבים, למשל, צונג, אײַנדרוקן, פאַלן, רעכט, טעאַטערס א. אַז. וו. (ניט ציגע, אײַנדריקע, פעלע, רעכטע, טע־אַטערע א. אַז. וו.).

ג) אין דער ערשטער פּערזאָן פון הווה אָדער אין דער צווייטער פּער־זאָן פון צווי, למשל, גיי, זע, וואַרט, ווענד זיך א. אַז. וו. (לגבי געהע, זעהע, וואַרטע, ווענדע א. אַז. וו.).

ד) אין צונויפזעצונגען, למשל, שיידוועג, ווענדפּונקט, ריידטייל (ניט שיידעוועג, ווענדעפּונקט, רעדעטייל).

166. דער ניטפאַרשוואונדענער סוף־ע אין שם־עצמס, וואָס שטאַמען פון דייטש, זיינען דער בולטסטער סימן, אַז זיי זיינען אין יידיש ניי־אַריינגעננו־מענע ווערטער, וועלכע האָבן דאָס רוב אַנטקעגן זיך עלטערע און יידישערע עקוויוואַלענטן, למשל, וויסטע (מדבר), ענדע (סוף, עק), ערע (כּבוד), פראַגע (שאלה, קשיא), קוועלע (קוואַל, מקור), ראַכע (נקמה), רייזע (נסיעה), רעדע (רייד), שטונדע (שעה), שטופע (שטאַפּל, מדרגה, גראַד), שטימע (קול), שטרעקע (מהלך) א. אַז. וו.

אַ סך פון זיי קומען פאָר אין טאָפּלטע פאָרמען, אַן עלטערער—אָן ע און אַ נייערער—מיט ע, למשל, אויפגאָב—אויפגאַבע, אויסגאַב—אויסגאַבע, קאָרט—קאַרטע, רויז—ראָזע, זייל—זעלע, גראָד—גראַדע א. אַז. וו.

167. אייניקע פון זיי זיינען פריש פאַריידישט אַזוי, אַז די פאָרם מיט ע איז עלטער פאַר דער פאָרם אָן ע, למשל, אורזאַך, פאָן, קירך, שול (לערנאַשטאַלט)—לגבי אורזאַכע, פאָנע, קירכע, שולע.

168. פעסט איז דער סוף־ע אין סלאַווישע ווערטער, וואו ער איז פאַר־טונקלט פון a אָדער o, למשל, סטרונע, פּאָלע, סמאָלע, אָזערע, פּאַרע (para), פּראַווע (הגם ביי ממ״ס, ווי אויך אין דער פאָלקסשפּראַך באַגעגנט זיך די פאַרקירצטע פאָרם פּראַוו). אינטערעסאַנט איז, אַז מאַנכע סלאַווישע ווערטער באַקומען ערשט אין יידיש דעם סוף־ע, למשל, ביי ממ״ס—אָטשערעדע, סמאָטרע (смотрь, очередь).

169. אויך אין פרעמדווערטער בלייבט דאָס רוב דער סוף־ע, למשל, סאָפע, סוויטע, ראַטע, מאַסקע א. אַז. וו. מאַנכע באַגעגענען זיך אין טאָפּלטע פאָרמען, למשל, סיסטעם און סיסטעמע, טעלעגראַם און טעלעגראַמע, פאַבריק און פאַבריקע, דעפּעש און דעפּעשע, גאַזעט און גאַזעטע.

**170.** דערביי שפּילט אָפט אַ ראָלע, פון וועלכער סלאַווישער שפּראַך דאָס פּרעמדוואָרט איז אַריבערגעקומען אין יידיש — פון פּויליש, צי פון רוסיש. דערמיט דערקלערן זיך אַזעלכע טאָפּלטע פאָרמען, ווי פּאַראַדע און פּאַראַד, קאָמאָדע און קאָמאָד, קלאַסע און קלאַס, לימאָנאַדע און לימאָנאַד א. אַנד. די פּוילישע פאָרמען זיינען די עלטערע, וואָרים אונטער דער השפּעה פון רוסיש איז די יידישע שפּראַך ערשט געקומען גאָר אין דער לעצטער צייט; אַ ראיה דערצו האָבן מיר, למשל, אין די פאָלקסטימלעכע אויסדרוקן „מאַכן די פּאַראַדע", „לעבן ווי אַ מאָנאַרכע"; ביי ממ"ס געפינען מיר קלאַסע אָנשטאָט קלאַס, ביי ליפשיצן — האַרמאַטע אָנשטאָט האַרמאַט, קאָמאָדע אָנשטאָט קאָמאָד א. אַז. וו.

אויב אַלזאָ אין ווערטער, וואָס קומען פון דייטש, איז די פאָרם אָן ע יידישער, איז אָבער מיט פּרעמדווערטער דער פאַל דווקא פאַרקערט און אַזעלכע פאָרמען, ווי ראָלע, איניציאַטיווע, אַטמאָספערע א. אַז. וו., דאַרפן האָבן די בכורה לגבי די פאַרקירצטע — ראָל, איניציאַטיוו, אַטמאָספער א. אַז. וו.

נאָר אין בייע פּרעמדווערטער, אַריינגעקומענע דורך דער פאַרמיטלונג פון רוסיש, איז די פאָרם אָן ע בילכער לגבי דעם דייטשמערישן נוסח מיט ע, למשל, פלאָט, אַנאַליז, סינטעז, ניט פלאָטע, אַנאַליזע, סינטעזע א. אַז. וו.

**171.** דיאַלעקטיש האָבן מיר אַ סוף־ע אין דעם בינדוואָרט אויבע (אָנשטאָט אויב — ווילנער פּראָווינציאַליזם), און אין די צאָלווערטער איינסע, זיבענע, צוועלפע א. אַז. וו. ביים באַצייכענען די שעה (וואַרשעווער נוסח).

**172.** אין די נעמען פון ווייבלעכע פּערזאָנען איז אויך געבליבן פעסט דער סוף־ע, למשל, ליבע, גוטע, פרומע, טויבע, זיסע, פייגע, רויזע, שיינע, קרוינע, פריידע.

## דער סוואַראַבהאַקטי־וואָקאַל.

**173.** אַלס אַ פאַרקערטע ערשיינונג צו דער פאַרשווינדונג פון ע האָבן מיר אין דער יידישער פאָנעטיק די נייגונג אַריינצושטעלן אַ מחיצה־וואָקאַל, דעם אַזויגערופענעם **סוואַראַבהאַקטי**־וואָקאַל, צווישן צוויי ניט טראָפּבילדנדיקע קאָנסאָנאַנטן.

אַלס מחיצה־וואָקאַל צווישן אַ קאָנסאָנאַנט און נ ווערט אַריינגעשטעלט אַ אומבאַטאָנטער ע, למשל, האָפענונג, אָרדענונג, באַדערפעניש, רעכענען, צייכענען, וואָרענען (אָנשטאָט האָפנונג, אָרדנונג, באַדערפניש, רעכנען, צייכנען, וואָרנען);

אַלס מחיצה־וואָקאַל צווישן ר און ם דינט אַ אומבאַטאָנטער י, למשל, אָרים, שטורים, טורים, וואָרים, געדערים — על־פּי גזרה־שווה פון די ווערטער מיט דער העברעאישער ענדונג ים (ווי קברים, חדרים).

די פאָלקסעטימאָלאָגישע השפּעה פון דער דאָזיקער ענדונג ים האָבן מיר אויך אין אַזעלכע ווערטער, ווי בעזים, בוזים, בוידים, פאָדים, איידים לגבי די דייטשע Eidam, Faden, Boden, Busen, Besen. נאָר אין אָטעם און פּיזעם האָבן מיר אַ אומבאַטאָנטן ע אָנשטאָט י.

**174.** דער סוואַראַבהאַקטי=וואָקאַל איז אין דרומדיקן יידיש און בפרט אין פּוילישן אויך דאָ צווישן דעם פּלייציקן ל און דעם ־כ=קלאַנג, למשל, מיילעכל, הילעכן, אַזעלעכער, מילעך (אָנשטאָט מיילכל, הילכן, אַזעלכער, מילך).

די נייגונג צו דעם מחיצה=וואָקאַל ווייזט זיך אין פּוילישן יידיש אַרויס אויך אין דער אויסשפּראַך פון אַזעלכע ווערטער, ווי לאַרענען, דאַווענען, מאַרעך, דאָרעך, קאָרעץ, פינעף א. אַז. וו. (אָנשטאָט לערנען, דאַוונען, מאַרך, דורך, קורץ, פינף א. אַז. וו).

## דער וואָקאַליזם פון די העברעאיש-אַראַמעאישע עלעמענטן.

מיר האָבן שוין געהאַט אָנגעוויזן, אַז די געזעצן פון יידישן וואָקאַליזם זיינען חל אויף אַלע אַלטגעזעסענע עלעמענטן פון דער יידישער שפּראַך, קיין נפקא=מינה ניט פון וואַנען די דאָזיקע עלעמענטן שטאַמען. איצט ווערן מיר זעען, ווי אַזוי אונטער די געזעצן פון דעם יידישן וואָקאַליזם זיינען אַרונטערגעפירט געוואָרן די העברעאיש=אַראַמעאישע עלעמענטן, וואָס גייען אַריין אין יידיש.

כדי גרינגלעכער צו פאַרשטיין דעם דאָזיקן קאָמפּלעקס ערשיינונגען, מוז מען האָבן אין אַכט, אַז ביי דער אַנטוויקלונג פון דעם יידישן וואָקאַליזם אויס דעם דייטשן האָבן די הויפּט=ראָלע געשפּילט די קוואַנטיטעט פון די וואָקאַלן, ד. ה. די לאַנגקייט אָדער קורצקייט זייערע, און דאַן די באַטאָנטקייט זייערע אָדער אומבאַטאָנטקייט.

## קורצע און לאַנגע וואָקאַלן אין יידיש.

**175.** די וואָקאַלן אַ, אָ, ו, י, ע קענען אויסגערעדט ווערן אויף צווייערליי אופנים: קירצער, געשווינטער, אָפּגעכאַפּטער און לענגער, אויסגעצויגענער. קוואַנטיטאַטיוו האָבן מיר דאָ אַלזאָ צו טאָן מיט צוויי גרופּעס וואָקאַלן: קורצע און לאַנגע. אין ליטווישן יידיש איז דער אונטערשייד ביי דער אויסשפּראַך פון קורצע און לאַנגע וואָקאַלן זייער אַ שוואַכער, קוים צו באַמערקן. סיידן אין שטאַרק באַטאָנטע אויסרופן ציט אויך דער ליטוואַק אויס די וואָקאַלן, פאַרשטאַרקנדיק זייער קוואַנטיטעט, אויסריידנדיק זיי לאַנג, למשל, אין אַזעלכע אויסרופן, ווי נאַר!, גוואַלד!, מיין גאָט!, אָך, מיטן שענסטן כבוד!, שפּירט אויך דאָס ליטווישע אויער, אַז דער אַ און אָ ווערן דאָ אויסגערעדט לאַנג. אַקעגן=זשע, אין די אַנדערע יידישע דיאַלעקטן, בפרט אָבער אין פּוילישן יידיש, איז די נפקא=מינה צווישן קורצע און לאַנגע וואָקאַלן אַ גאַנץ היבשע.

**176.** די אויסגעצויגנקייט פון די לאַנגע וואָקאַלן קען טיילמאָל גיין אַזוי ווייט, אַז זיי ווערן דיפטאָנגירט, ווי מיר האָבן עס געזעען ביי דעם לאַנגן ע (§ 75). אין פּוילישן יידיש ווערן אויך דיפטאָנגירט די לאַנגע וואָקאַלן אָ און י, נאָך וועלכע עס הערט זיך אַ טונקעלער ע=קלאַנג, למשל, וואָס—וואוּ״ס, מאָל—מוּעל, יאָר—יוּער, ביר—בּיער, אינטערעסירן—אינטערעסי״רן, שיך—שי״ך, בוך—בּיעך א. אַז. וו.

**177.** אַנאַליזירנדיק גענעטיש די יידישע וואָקאַלן און דיפטאָנגען, האָבן מיר געזעען, אַז די לאַנגע וואָקאַלן פון די מקור=שפראַכן האָבן אין יידיש זיך פאַרענדערט קוואַליטאַטיוו, אין זייער קלאַנגפאַרב: פון לאַנגן a איז געוואָרן אָ, פון לאַנגן o איז געוואָרן וי, פון לאַנגן e איז געוואָרן עי; אַקעגנזשע, די קורצע זיינען געבליבן אומפאַרענדערט. ווידער האָבן מיר געזעען, אַז בשעת ווען די אויסשפראַך פון די געענדערטע וואָקאַלן (ווי אויך פון די דיפטאָנגען) איז דיפערענצירט אין גבול פון דער יידישער שפראַך גופא לויט אירע הויפט=דיאַלעקטן, ווערן די ניטגעענדערטע וואָקאַלן אויסגערעדט אַלצאיינס אין אַלע יידישע דיאַלעקטן, אָוועקגעקוקט פון געוויסע אָפּווייכונגען.

## די אויסשפראַך פון די העבראַישע וואָקאַלן אין יידיש.

**178.** די אייגענע געזעצן גילטן אויך אין דעם וואָקאַליזם פון די העבראַישע ווערטער, וואָס גייען אַריין אין יידיש. די העבראַישע גראַמאַטיק בעמט אָן פאַר דער קדמונישער העבראַישער אויסשפראַך די אַזויגערופענע ספרדישע הברה, וועלכע הערשט נאָך עד=היום ביי קליינע גרופעס יידן אין אָריענט. אַקעגנזשע, די אויסשפראַך פון דעם רוב מנין ורוב בנין פון דעם יידישן פאָלק, די אַזויגערופענע אשכנזישע הברה, ווערט באַטראַכט פאַר אַ פאַרגרייזונג פון דער אַלטער העבראַישער אויסשפראַך. הגם די לעצטע צייט איז די טעאָריע וועגן פאַרגרייזונג פון דער קדמונישער העבראַישער אויסשפראַך ביי די אשכנזישע יידן אפילו געשטעלט געוואָרן אין ספק, וועלן מיר דאָך ביים באַהאַנדלען דעם וואָקאַליזם פון די העבראַישע ווערטער אין יידיש דאָך אַרויסגיין פון די כללים פון דעם אָנגענומענעם העבראַישן דיקדוק.

**179.** דער פתח, וואָס איז, לויט דער העבראַישער גראַמאַטיק, אַ קורצער a, ווערט אויסגערעדט אַ אין אַלע יידישע דיאַלעקטן (לויטן כלל פון § 63), למשל, גַלח, דַלות, מַזל, נַחת, שַבת א. אַז. וו.

די אָפּווייכנדיקע אויסשפראַך פון אַ אין געוויסע דיאַלעקטן (פּאַראַג. 64) גילט אויך פאַר דעם העבראַישן פתח, וועלכער ווערט אויסגערעדט ווי אַ וועלאַרער אַ, באָענט צו אָ, למשל, גָלח, דלות, שָבת א. אַז. וו.

**180.** דער קמץ=גדול באַצייכנט לויט דער העבראַישער גראַמאַטיק דעם לאַנגן a, דעריבער איז ער אין יידיש (בהסכם מיט דעם כלל פון פּאַראַג. 68) אַריבער אין אָ, אויסגערעדט o אין ליטווישן יידיש און u אין פויליש=דרומדיקן, למשל, בָּרוך — Baruch — באָרוך (ליטוויש) — בוריך (פויליש=דרומדיק), צדָקה — zdaka — צדאָקע (ליטוויש) — צדוקע (פויליש=דרומדיק) א. אַז. וו.

**181.** נאָר אין אַ געוויסער צאָל ווערטער ריידן מיר אויס דעם קמץ=גדול ווי אַ, הגם אָן זיין אַמאָליקער לאַנגקייט, למשל, בדקען, גנב, דחק, דם (באַדמען זיך), דן (לכף זכות זיין), דרש, חם, יד (מיד ליד), ים, כלל, כתב, לוויה, מיאש, מחק, מן, מסתמא, מקרב (זיין), נדן, נפשות, העוויה, פרט, פשט, שבט, שכר, שלל, שמד, שרפען, תם, וואו מיר האָבן אַ קורצן a אָנשטאָט דעם

קמץ־גדול אין העברעאיש, מיט דער דיאַלעקטישער אָפּווייכונג צו דער אויס־שפּראַך פון דעם וועלאַרן אַ.

(אַ פאַל פון איבערגאַנג פון לאַנגן o אין אַ האָבן מיר אין דעם וואָרט באָט (אין ליטע—אַ שיפל, הגם באַקאַנט ניט אומעטום פון דעם דייטשן (Boot).

**182.** דער קמץ־קטן, וואָס איז לויט דער העברעאישער גראַמאַטיק אַ קורצער o, איז אין יידיש געבליבן אומפאַרענדערט אין אַלע דיאַלעקטן (בהסכם מיטן כלל פון פּאַראַג. 68), למשל, קרבן, כל־בו.

**183.** דער חולם באַצייכנט לויט דער העברעאישער גראַמאַטיק דעם לאַנגן o, וועלכער איז אין יידיש, ווי יעדער אַנדער לאַנגער o, אַריבער אין ערשטן דיפטאָנג וי (פּאַראַג. 90). לייענענדיק העברעאיש לויט דער אשכנזישער הברה, זאָגן מיר דעריבער קול—קויל, בכור—בכויר, יום—יוים, שלמה—שלוימע, משה—מוישע א. אַז. וו. אָבער אין יידיש גופא מערקט זיך אַ דיפערענצירטע אויסשפּראַך פון דעם חולם אין אַזעלכע ווערטער, ווי, למשל, קול, סוד, סוחרים, און קולות, סודות, סוחר. די דאָזיקע פאַרשיידנקייט אין דער אויסשפּראַך פון חולם לאָזט זיך פאָרמולירן אין פאָלגנדיקן פעסטן כלל: איז דער טראַף אַ געשלאָסענער (מיט אַ קאָנסאָנאַנט־אויס), האָבן מיר אין יידיש אָנשטאָט דעם חולם אַ קורצן אָ (פאַר אַלע דיאַלעקטן), למשל, אורחים, דור, זול, טוב (מזל־טוב), יום (יום־טוב), יורשים, סוד, סוחרים, סוף, כוס, לומדים, עול, עוף, קול, רוב, שונאים (אויסגערעדט דאָר, זאָל, טאָוו א. אַז. וו.); איז דער טראַף אָפן (ענדיקט זיך מיט אַ וואָקאַל), האָבן מיר אין יידיש וי, מיט דער דיפערענצירטער אויסשפּראַך עי אין ליטווישן יידיש און אָי אין פּויליש־דרומדיקן לויטן כלל פון § 90 א), למשל, אורח, דורות, חולם, יורש, טובה, כוסע, כוסות, סוחר, סודות, סודען זיך, עופות, עופעלע, קולות, קונה, שונא (אויסגערעדט, עיראַך—אָיראַך, דעירעס—דאָירעס, חעילאָם—חאָילאָם, טעיווע—טאָיווע א. אַז. וו.).

די דערקלערונג פאַר דער דאָזיקער ערשיינונג איז אַ גאַנץ פּשוטע: אין געשלאָסענעם טראַף (הברה מרכבת) קומט דער וואָקאַל אָרויס קורץ, אָפּגע־האַקט, ווערט דער חולם אויסגערעדט אָ, אַקעגן־זשע אין אָפענעם טראַף (הברה פשוטה) איז דער וואָקאַל לאַנג, ווערט דער חולם דיפטאָנגירט אין וי.

**184.** די אייגענע ערשיינונג קענען מיר אויך באַמערקן ביי די איבעריקע וואָקאַלן אין די העברעאישע ווערטער, למשל, אין צדקה איז דער ערשטער טראַף אָפן, דעריבער ווערט דער וואָקאַל אין יידיש פאַרענדערט און דיפערענצירט לויט די דיאַלעקטן, אין קרבן איז ער געשלאָסן, דעריבער אומפאַרענדערט און אַלצאַיינס אין אַלע דיאַלעקטן; אין טבע איז דער ערשטער טראַף אָפן, דע־ריבער די אויסשפּראַך דיפערענצירט לויט די דיאַלעקטן (טעיווע אין פּויליש־דרומדיקן יידיש און טעווע אין ליטווישן, אַנאַלאָגיש מיט פעדער—פעידער,

לויט § 75); אָבער אין אתרוג איז דער ערשטער טראַף געשלאָסן, דעריבער אין אַלע דיאַלעקטן אויסגערעדט ווי אַ קורצער ע (אַזוי ווי, למשל, וועלט).

**185.** דער צירה, וואָס איז לויט דער העברעאישער גראַמאַטיק אַ לאַנגער e, האָט זיך אין יידיש דיפטאָנגירט אין ײַ (אַנאַלאָגיש מיט דעם לאַנגען e פון פּאַראַג. 78) מיט דער אויסשפּראַך עי אין ליטווישן און דרומדיקן יידיש און אַי אין פּוילישן, למשל, ספר—סעיפער און סאַיפער, מתים—מעיסים און מאַיסים, מילא—מעילע און מאַילע.

**186.** נאָר אין געשלאָסענעם טראַף איז די אויסשפּראַך פון צירה אין יידיש געבליבן e, למשל, בן, גט, גר, הן, חטא, הית, טית, לב, לץ, מים, נס, שד, שם, תל (אויסגערעדט בען, געט, גער, הען א. אַז. וו.), ווי אויך אין דער צונויפזעצונג בית-דין (אויסגערעדט בעז-דין).

נאָר אין חן ווערט דער צירה אויסגערעדט ווי אין אָפענעם טראַף ײַ, וועלכער ווערט אין דער פאָרם חנעוודיק קאָנטראַהירט אין אַ קורצן e: חענעוודיק (פאַרגלייך מיט קליין—קלענער).

**187.** דער סגול איז לויט דער העברעאישער גראַמאַטיק אַ קורצער e, און ער דעריבער געבליבן אומפאַרענדערט אין יידיש, אויסגערעדט אַלזאָ אַלצאַיינס אין אַלע יידישע דיאַלעקטן, למשל, בגד, שרץ, דרך א. אַז. וו., הגם אין אָפענעם טראַף האָט ער זיך אין געוויסע ווערטער דיפטאָנגירט אין ײַ (לויט פּאַראַג. 78), למשל, חדר, כלי, כפל, מלך, נדר, פגר, פסח, פרק, צלם, קבר (אויסגערעדט ניט חעדער, נאָר חעידער—חאַידער א. אַז. וו.).

**188.** צי די געבראַכטע אָפּווייכונגען אין דער אויסשפּראַך פון די העברעאישע וואָקאַלן אין יידיש זיינען רעשטן פון דער פאַרצייטיקער העברעאישער אויסשפּראַך, וועלכע לעבט נאָך עד-היום אין דער ספרדישער הברה (אָנגענומען, אַז די ספרדישע אויסשפּראַך שטימט מיט דער אַלטער העברעאישער), אָדער זיי זיינען אַ רעזולטאַט פון ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אויפן באָדן פון דער יידישער שפּראַך גופא, דאָס דאַרף נאָך די יידישע גראַמאַטיק פעסטשטעלן. ביי אייניקע שינויים אין דער וואָקאַליזאַציע פון די העברעאישע עלעמענטן אין יידיש האָט אויך געקענט מיטווירקן די השפעה פון די פאַרשיידענע פאָרמען פון העברעאישן דיקדוק. אַזוי, למשל, קען דער פּתח, וואָס מיר האָבן אין יידיש אויפן אָרט פון קמץ-גדול אָדער דער סגול אויפן אָרט פון צירה, אין אַזעלכע ווערטער ווי יַד, כֵּן א. אַז. וו., זיין אַריינגעגאַנגען אין יידיש אַלס נסמכים. פון אַזעלכע פאָרמען ווי למשל, יד-אלהים, בן-עיר א. אַז. וו. די ווירקונג פון נסמך קענען מיר אויך זעען אין דער פאַרשיידענער אויסשפּראַך פון אַזעלכע ווערטער, ווי שָׁלָל (רויב) און שְׁלַל (אַ גוזמא), שֶׁבַח און שְׁבַח, סֶמֶך און סמך. אנדערע אָפּווייכונגען קענען זיין פאָרגעקומען אונטער דער השפעה פון דער פאָרם אין רבים, למשל, כְּלִי אָנשטאָט כֶּלִי, פְּרִי אָנשטאָט פֶּרִי פון רבים כֵּלים און פֵּרות.

**189.** בנוגע דער אויסשפּראַך פון דעם העבּרעאישן u-קלאַנג (באַצייכנט דורך שורוק און קובוץ) האָבן מיר די זעלביקע פאָנעטישע ערשיינונגען, וואָס מערקן זיך אין דער אויסשפּראַך פון דעם ו אין ניט העבּרעאישע ווערטער (§ 93); אין אַלע יידישע דיאַלעקטן, אַחוץ דעם ליטווישן, ווערט ער, אַלזאָ אויסגערעדט ווייך — אויב דאָס איז אין העבּרעאיש אַ לאַנגער u און האַרט באַענט צו ы, אויב אַ קורצער, למשל, צורה, סעודה, ירושה — צירע, סידע, ירישע; משומד, מותּר, לולב — משומד, מטער, לולעוו.

**190.** די השפּעה פון דעם געגאָרגלטן ר אויף רעם אַפריערדיקן וואָקאַל זעען מיר אין חרפה אָנשטאָט חֶרפה (אַזוי ווי מיר האָבן עס אין ניט העבּרעאישע ווערטער, ווי למשל, שטאַרבּן, האַרץ, פאַרשוין אָנשטאָט Herz, sterben, Person), און בֶּריה אָנשטאָט בּריה, און תֶּירוץ אָנשטאָט תּירוץ (אַזוי ווי טערקיי אָנשטאָט טירקיי, בּערנע אָנשטאָט Birne).

דער פּוילישער דיאַלעקט גייט דאָ נאָך ווייטער, אַרויסרייידנדיק תּרוץ אָנשטאָט תֶּרוץ (אַזוי ווי וואַרגן אָנשטאָט ווערגן).

די ווירקונג פון געגאָרגלטן קלאַנג גיט זיך איבּער אפילו דורך אַ מחיצה פון אַ קאָנסאָנאַנט אין די ווערטער סֶדרה אָנשטאָט סדרה, מֶדרש אָנשטאָט מדרש, בּית־מֶדרש אָנשטאָט בּית־המדרש, מֶקח אָנשטאָט מקח.

**191.** דעם וואָקאַלישן איבּערבּייט האָבּן מיר אין די העבּרעאישע ווערטער בּיי דער בּילדונג פון פּאַרקלענערווערטער, למשל, רַב — רֶבל, קול — קעלכל, פּנים — פֶּנימל, כּתב — כּתֶבל, בּאַלעבּאָס — בּאַלעבּעסל, בּיים רבים פון פּנים — פּנימער, און דיאַלעקטיש — פון שָעה — שֶעה, און בּיים פאַרגלייך־גראַד פון חָשוב — חֶשֶבער. דעם וואָקאַלישן אומבּייט (אַפּלויט) האָבּן מיר אין שעכטן — געשאָכטן־שחטן — געשָחטן (אַנאַלאָגיע מיט פלעכטן — געפלאָכטן).

**192.** אַחוץ די פולע וואָקאַלן (קמץ, פּתח, שורוק, קובוץ, חיריק, צירה און סגול) האָט נאָך העבּרעאיש האַלבּע אָדער געמורמלטע וואָקאַלן: ש ו ו א און די ח ט ף־וו אָ ק אַ ל ן — ח ט ף־פּ ת ח, ח ט ף־ק מ ץ און ח ט ף־ס ג ו ל. די דאָזיקע געמורמלטע וואָקאַלן זיינען אַ רעשט פון פאַרצייטיקע פולע, דאָס רוב ק ו ר צ ע וואָקאַלן אין אָפענעם טראַף.

**193.** טראַף־אויס און אין לייכטע קאָמבּינאַציעס אויך טראַף־איין ווערט דער שוואַ אין יידיש לגמרי ניט אויסגערעדט, למשל, גַזלן, גְזלה, תּפילה, אין שווערע קאָמבּינאַציעס (דערהויפּט אין פאַרבּינדונג מיט די קאָנסאָנאַנטן י, ל, מ, נ) ווערט עס אויסגערעדט ווי אַ קורצער ע (אַזוי ווי, למשל, אין גערים), למשל, ירושה — יערושע, יְתומה — יעסוימע, לְבנה — לעוואָנע, מְשומד — מעשומעד, נְדבה — נעדאָווע א. אַז. וו.

אַ אָנוואָקאַלישן שוואַ אין יידיש אָנשטאָט אַ וואָקאַל אין העבּרעאיש האָבּן מיר אין מְהות (אָנשטאָט מַהות).

**194.** טיילמאָל ווערט דער שוואַ־וואָקאַל אין ערשטן טראַף פאַרטונקלט אין אַ פּתח (לויטן כּלל פון § 156), למשל, ירִיד — יאַריד, יהודי — יאַהודי,

מ'מד—מאַלאַמעד, בחרם—באַחיירים, מכשפה—מאַכאַשייפע: די דאָזיקע פאַר־טונקלונג איז נאָר אַ דיאַלעקטישע און אין געוויסע קאַנטן (פון דער ליטע, למשל), קומט זי אפילו פאָר ביי לייכטע קלאַנגען־קאָמבינאַציעס מיט אַ שווא, למשל, גנבה—גאַנייווע, שבֿועות—שַבועות, ברוגז—באַרויגעז (אפשר האָט דאָ מיטגעווירקט די פֿאָלקס־עטימאָלאָגיע מיטן פּרעפיקס באַ?).

די דאָזיקע פאַרטונקלונג אין אַ האָבן מיר אויך אין חולאים—אויס־געריעדט חאַלאים, און אפּיקורס (אָנשטאָט אֶפּיקוּרוס).

**195.** פאַרקערט האָבן מיר אין ערשטן באַטאָנטן טראַף גאַנץ אָפט דעם אי־בערגאַנג פון פּתח אין אַ סגול, למשל, הֶספּד, הֶפקר, הֶקדש, הֶסכם, הכשר, המשך, הפסק, התּר, וואָס אין העברעאיש האָבן זיי אַלע ביים ה אַ פּתח, הגם די פאָרם מיט אַ סגל קען געמאָלט זיין אויך אין העברעאיש (אָבער מוסר־השכל).

אַ סגול אין יידיש אָנשטאָט דעם פּתח אין העברעאיש האָבן מיר אויך אין רֶבּי (אָנשטאָט רַבּי).

**196.** די חטף־וואָקאַלן קומען בדרך־כלל נאָר אונטער די ל א ר י נ ג א ל ע, געכאָרכלטע קאָנסאָנאַנטן אהחע. ווען דער חטף־וואָקאַל טראָגט אויף זיך דעם טראָפּ, פאַרלירט ער דעם חטף און ווערט אויסגערעדט ווי דער וואָקאַל, מיט וועלכן ער איז פאַרבונדן, למשל, חֲזיר—חַזיר, אֱמֶת—אֶמת, חֲתונה—חַתונה א. אַז. וו.

אומבאַטאָנטערהייט אָדער טראַף־אויס ווערט דער חטף אויסגערעדט ווי אַ שווא, למשל, חֲליצה—חְליצה, אַחֲרי־מות—אַחְרי־מות, הַחְלטה—הַחְלטה, רַחֲמים—רַחְמים, סוחֲרים—סוחְרים א. אַז. וו.

אין געוויסע קלאַנגענקאָמבינאַציעס ווערט אָבער דער חטף אפילו אומ־באַטאָנטערהייט אויסגערעדט ווי דער וואָקאַל, מיט וועלכן ער איז פאַרבונדן, למשל, חֲלשות—חַלשות, הֲלָכה—הַלָכה, הֲנאה—הַנאה, עֲבודה—עַבודה, אֱלהים—אֶלהים א. אַז. וו.

ווען דער חטף־פּתח אונטער א אָדער ע קומט נאָך אַ פּתח, גיבן זיי צו־זאַמען דעם דיפטאָנג יי, למשל, מַאֲכל—מייכל, מַעֲלה—מיילע, בַּאֲשר—ביישער (אין דער ליטע אויסגערעדט בייסער), מַעֲריב—מייריוו א. אַז. וו.

אין פוילישן דיאַלעקט ווערט דער דאָזיקער יי־דיפטאָנג אויסגערעדט ווי אַ לאַנגער a, נאַזאַלירט אין די ווערטער מעשה, דאגה—מאַנסע, דאַנגע.

## די באַטאָנונג פון די העברעאישע ווערטער אין יידיש.

**197.** די אַקצענטירונג פון די העברעאישע ווערטער אין יידיש האָט זיך צוגעפּאַסט צו די כּללים פון דער יידישער באַטאָנונג; די העברעאישע ווערטער ווערן אין יידיש באַטאָנט ניט אויף דעם לעצטן טראַף, ווי דאָס איז דאָס רוב דער פאַל אין העברעאיש (נגינה מלרע), נאָר אויף דעם פאַרלעצטן (נגינה מלעיל), למשל, צדָ'קה, ניט צדָקָ'ה, תּלמי'דים, ניט תּלמידיים, תּו'רה ניט תּורָ'ה.

אַזוי ווי דאָס רוב זיינען העברעאישע ווערטער צווייטראַפּיק, איז דער פּאַרלעצטער טראַף דער ערשטער אין וואָרט, קומט שוין אויס לויטן כּלל פון דער באַטאָנונג אין יידיש — טראָפּ אויף דעם ערשטן טראַף. פאַר דרייטראַ-פּיקע ווערטער גילט דער דאָזיקער כּלל נאָר זעלטן, למשל, חתונה, חנוכּה. דאָס רוב אָבער ווערן זיי באַטאָנט אויפן מיטלסטן טראַף, למשל, אלמנה.

די נגינה מלרע האָבן מיר אין יידיש נאָר אַלס יוצא־מן־הכּלל אין איינ-יקע ווייניק פאָלקסטימלעכע ווערטער, ווי המוין, היות, הלוואי.

**198.** ביים רבים אויף ים אָדער ות ווערט דער טראָפּ אַריבערגערוקט אויפן טראַף, וואָס פאַר דער ענדונג, למשל, תלמיד—תלמידים, שבת—שבתים, חתן—חתנים, חודש—חדשים, חלום—חלומות, גזלן—גזלנים, משומד—משומדים, שלימזל—שלימזלים, רבי—רביים, צדיק—צדיקים א. אַז. וו. ווען די צאָל וואָקאַלן ווערט אָבער דורך דער ענדונג ניט פאַר-גרעסערט, בלייבט דער טראָפּ ווי אין יחיד, למשל, חתונה—חתונות, נשמה—נשמות א. אַז. וו.

**199.** די אַריבעררוקונג פון טראָפּ ביי די העברעאישע ווערטער אין יידיש לגבי זייער נגינה אין מקור ברענגט אויך מיט די ענדערונג פון די וואָקאַלן; דער אומבאַטאָנטער העברעאישער פּתח, באַקומענדיק דעם טראָפּ, גייט אין יידיש איבער אין אַ לאַנגען אָ אין די ווערטער עמוד, חלום, חצי, חסר־דעה, אדר, וועלכע האָבן אין העברעאיש אָדער אַ פּתח אָדער אַ חטף־פּתח (עמוד, חלום, חצי, חסר־דעה, אדר).

(אַנאַלאָגישע ערשיינונג האָבן מיר, למשל, אין טאָטער אָנשטאָט טאַטאַר).

**200.** יעדער העברעאישער וואָקאַל פון לעצטן טראַף, בלייבנדיק אין יידיש אומבאַטאָנט, גייט אַריבער אין אַ ע, למשל, צדקה—צדאָקע, נחת—נאַכעס, שבת—שאַבעס, דלות—דאַלעס, קדיש—קאַדעש, ווידוי—ווידע, אוודאי—אַוואַ-דע, אפילו—אַפּילע, חתונות—כאַסענעס, אוצר—אויצער, הספד—העספּעד, חמץ—כאָמעץ א. אַז. וו. (פּרגל. § 183).

בלויז די ענדונג ים היט אויף איר אומבאַטאָנטן חיריק, למשל, שבתים, עמודים, רבנים א. אַז. וו.

על־פּי אַנאַלאָגיע מיט דער דאָזיקער ענדונג האָבן מיר אַ חיריק אָנ-שטאָט ע פאַר אַ ם אין אומבאַטאָנטן טראַף, למשל, חלום—כאָלים, שלום—שאָלים, יתום—יאָסים א. אַז. וו. דאָך האָט זיך אין אייניקע ווערטער אויפגע-היט דער וואָקאַל פון מקור, למשל, גולם, חולם, עולם.

**201.** אַנאַלאָגיש מיט דער יידישער ענדונג יק ווערן אַזעלכע ווערטער, ווי למשל, עסק, ספק, חילוק א. ד. ג. אויסגערעדט מיט אַ חיריק אין לעצטן טראַף: אייסיק, סאָפּיק, חיליק.

**202.** פאַר דעם געגאָרגלטן כ־קלאַנג אין לעצטן אומבאַטאָנטן טראַף ווערט יעדער וואָקאַל אויסגערעדט ווי אַ פּתח, למשל, גלח, אורח, מזרח, מלאך, מלך,

שייך, שידוך, מהלך, דרך, מיט די דיאַלעקטישע אונטערשיידן אין דער אויס־שפּראַך, וואָס מיר האָבן אין ניט העברעאישע ווערטער (§ 161).

**203.** צוויי וואָקאַלן ווערן אין יידיש אָפט צוזאַמענגעצויגן אין איין וואָקאַל, למשל, צער—צאַר, כעס—קאַס, התלהבות—היסלאַוועס, בעל־הבית—באַלעבאָס, הערכה—האַראָכע, העוויה—האַוואַיע, הֶעָזה—האָזע, פעולה—פּולע, סעודה—סודע, נעילה—נילע א. אַז. וו.

אין תַּענית האָט דער פּתח מיטן חטף־פּתח צוזאַמען געגעבן א אָ — טאָנעס; ענלעך אין להכעיס אין פאַרבינדונג מיט צו: צולאָכעס.

## דער יידישער קאָנסאָנאַנטיזם.

**204.** ווי ס'איז שוין דערמאָנט געוועזן (§ 60), שטימט די יידישע שפּראַך אין איר קאָנסאָנאַנטיזם, בדרך־כלל, מיט דעם קאָנסאָנאַנטיזם פון דער ניי־הויכדייטשער שפּראַך. דאָך האָבן מיר אין דער ספערע פון דעם יידישן קאָנסאָנאַנטיזם אַ גאַנצע ריי ערשיינונגען, וואָס דיפערענצירן דעם יידישן קאָנסאָנאַנטיזם פון דעם נייהויכדייטשן. פאַרשיידענע סיבות, פיזיאָלאָגישע, אַקוסטישע, די השפּעה פון אַנדערע שפּראַכן, וואָס אונטער זייער ווירקונג איז געגאַנגען די אַנטוויקלונג פון דער יידישער שפּראַך, האָבן גורם געווען פאַרשיידענע פאַרענדערונגען, וואָס מיר מערקן אין דעם יידישן קאָנסאָנאַנטיזם לגבי דעם קאָנסאָנאַנטיזם פון נייהויכדייטש.

די אונטערשיידן אין דער ספערע פון דעם יידישן קאָנסאָנאַנטיזם לגבי דעם נייהויכדייטשן טראָגן דאָס רוב אַ ספּאָראַדישן כאַראַקטער און באַגעגענען זיך דערהויפּט אין איזאָלירטע ווערטער אָדער נאָר אין דעם אָדער יענעם דיאַלעקט. דאָס זיינען צום גרעסטן טייל אַקוסטישע פאַרענדערונגען, וואָס האָבן זייער שורש אין דער אַקוסטישער ענלעכקייט פון די אָדער יענע קאָנסאָנאַנטן. די דאָזיקע ענלעכקייט שטייט נאַטירלעך אויך אין אַ געוויסן צוזאַמענהאַנג מיט דער אַנאַטאָמיש־פיזיאָלאָגישער טבע פון די געגעבענע קאָנסאָנאַנטן. דערצו קומט נאָך טיילמאָל צו די ווירקונג פון דער פאָלקס־עטימאָלאָגיע (§ 41).

## פאַרענדערונגען פון קאָנסאָנאַנטן.

**205.** די פאַרענדערונגען אין דער ספערע פון די קאָנסאָנאַנטן, סיי די פיזיאָלאָגישע סיי די אַקוסטישע, האָבן דאָס רוב זייער שורש אין די ערשיינונגען פון דער אַזויגערופענער אַ ק אָ מ אָ ד אַ צ י ע (פון לאַטייניש וואָרט commodus—באַקוועם), ד. ה. אין דער שטרעבונג פון די צום אויסריידן ניט גאָר באַקוועמע קאָנסאָנאַנטישע קאָמבינאַציעס צו פאַרענדערן זיך אין דער ריכטונג פון אַ לייכטערער, באַקוועמערער אויסשפּראַך. די באַזונדערע פאַלן פון אַקאָמאָדאַציע זיינען: אַסימילאַציע און דיסימילאַציע פון קאָנסאָנאַנטן, פאַר־ביטונג, אַרויספאַל, צוזעצונג, איבערשטעלונג אָדער טראַנספּאָזיציע.

## אַסימילאַציע פון קאָנסאָנאַנטן.

**206.** אונטער אַסימילאַציע פאַרשטייט מען אין דער פאָנעטיק דעם פּראָצעס, וועלכער ברענגט דערצו, אַז פאַרשיידען קלינגנדיקע לעבן אַנאַנד שטייענדיקע קאָנסאָנאַנטן דערנעענטערן זיך איינער צו דעם אַנדערן אין דער אויסשפּראַך, אַ ס י מ י ל י ר ן זיך איינער מיט דעם אַנדערן.

**207.** יעדער הילכיקער קאָנסאָנאַנט ווערט פאַרדומפּט, ווען ער שטייט אין שכנות מיט אַ דומפּן, למשל, אין היבש, קעבסווייב, אויבס, ווערט דער הילכיקער ב אַ דומפּער פּ, אונטער דער ווירקונג פון די נאָכקומענדיקע דומפּע קלאַנגען ש און ס; דאָסגלייכן—אין לעבט, פּרובט, שניידט, לאָזט, ברענגט גייען די הילכיקע קלאַנגען ב, וו, ד, ז, ג אַריבער אין זייערע דומפּע זווגים אונטער דער ווירקונג פון דעם נאָכקומענדיקן דומפּן ט: לעפּט, פּרופּט, שנייטט, לאָסט, ברענקט; אין לעבסט, פּרובסט, שניידסט א. אַז. וו. איז די אַסימילאַציע גורם דער דומפּער ס: לעפּסט, פּרופּסט א. אַז. וו. אין ביזקל—ווערט דער הילכיקער ז אַסימילירט אין דומפּן ס אונטער דער ווירקונג פון דומפּן ק.

**208.** די דאָזיקע אַסימילאַציע קומט אויך פאָר, ווען דער דומפּער אַסימילירנדיקער קאָנסאָנאַנט געהערט צו אַ באַזונדער וואָרט, וואָס קומט גלייך נאָך דעם הילכיקן קאָנסאָנאַנט, למשל, אין שלאָג זיך ווערט דער הילכיקער ג פון שלאָג ניט אַסימילירט, ווייל ער שטייט פאַר דעם הילכיקן ז פון זיך, אָבער אין שלאָג שוין ווערט דער ג אַסימילירט אין דומפּן ק צוליב דעם דומפּן ש פון שוין. דאָסגלייכן אין שלאָג קאָפּ אָן וואַנט ווערט דער ג אַסימילירט צוליב דעם דומפּן ק פון קאָפּ, און ביידע קאָנסאָנאַנטן, דער פאַרדומפּטער ג פון שלאָג און דער דומפּער ק פון קאָפּ, ווערן אויסגערעדט צוזאַמען, ווי איין קלאַנג: שלאָ׳קאָפּ אָן וואַנט. אין אַזעלכע קאָמבינאַציעס, ווי למשל, ווייסט דו, וואָס מאַכט דאָס אויס, עס פּאַסט דאָך ניט, האָט זיך דער הילכיקער ד פון דו, דאָס, דאָך—זיך פאַרדומפּט צוליב דער שכנות פון דעם אַפריערדיקן דומפּן ט פון ווייסט, מאַכט, פּאַסט און האָט זיך צונויפגעגאָסן אין דער אויסשפּראַך—ווייס׳טו, וואָס מאַכ׳טאָס אויס, עס פּאַס׳טאָך ניט. אין דאַכט זיך, שרייט זי א. ד. ג. האָט זיך דער הילכיקער ז אַסימילירט אין ס צוליב דער שכנות מיטן דומפּן ט און ס׳האָט זיך באַקומען די אויסשפּראַך — דאַכצאַך (דאַכט סאַך), שרייצי (שרייט סי).

**209.** מיט אַסימילאַציע דערקלערט זיך די עטימאָלאָגיע פון אַזעלכע ווערטער, ווי, למשל, ענטפער, בראַנפן, קינפּעט, אַכפערן, פּרוכפערן, אַנטפּלעקן פון אַנטוואָרט, בראַנטוויין, קינדבעט, אַכטבאַר, פּרוכטבאַר, ענטבלעקן: די הילכיקע קאָנסאָנאַנטן וו און ב האָבן זיך דאָ אַסימילירט אין פ און פּ צוליב דער שכנות מיט דעם דומפּן ט, וועלכער איז אינגאַנצן אַרויסגעפאַלן (אַחוץ אין ענטפער, הגם אין פויליש-דרומדיקן דיאַלעקט האָבן מיר אויך די פאָרם ענפער, און אין אַנטפּלעקן).

**210.** די אַלע אויסגערעכנטע פאַלן פון אַסימילאַציע קומען פאָר ביי אַ דירעקטער באַרירונג פון הילכיקע און דומפּע קאָנסאָנאַנטן. די ווירקונג פון

דער אַסימילאַציע ווייזט זיך אָבער טיילמאָל אַרויס אויך בײַ מחיצות, ווען די קאָנסאָנאַנטן געהערן צו פאַרשיידענע טראַפן און זײַנען פונאַנדערגעטיילט דורך וואָקאַלן, למשל, אין דער אויסשפּראַך בעשמעדרעש (בית־המדרש) האָט דער ש וואָרט־אויס אַסימילירט דעם ס (ת) פון דעם ערשטן טראַף, אין דאַלעד (דלת) האָט דער ד וואָרט־איין אַסימילירט דעם ט (ת) פון סוף וואָרט.

**210.** די אַסימילאַציע הייסט רעגרעסיווע, ווען זי גייט אויף צוריק, ד. ה. ווען דער ווייטערער קלאַנג ווירקט אויף דעם פריערדיקן (ווי, למשל, קעבסווייב, לעבט, חשבון (כעזשבן), בית־מדרש, עקבער (עגבער), עקדיש (עג־דיש), הקדש (העגדעש), עקזאַמען (עגזאַמען), און פּראָגרעסיווע, ווען, פאַרקערט, דער פריערדיקער קלאַנג ווירקט אויף דעם ווייטערדיקן, ווי, למשל, אין פאַלק (פאָלג), דלת, ענטפער.

**211.** אַ פאַרקערטע ערשײַנונג פון אַסימילאַציע איז די דיסימילאַציע, ווען קלאַנגען שטרעבן אויפצוהערן צו זײַן ענלעך, למשל, שאַמעס (שמש—דיסימילאַציע פון צווייטן ש אין ס צוליב דעם ש וואָרט־איין), מעשלעס (מעת־לעת—דרום־רוסישע אויסשפּראַך, וועלכע דיסימילירט דעם ערשטן ת צוליב דעם ת וואָרט־אויס), טירקלטויב (Turteltaub, וואו דער ערשטער t האָט זיך דיסימילירט אין ק צוליב דעם ט פון טויב), און דערהויפּט די דיסימילאַציע פון ר אין ל צוליב דעם צווייטן ר, קאָלידאָר (קאָרידאָר), רודלען זיך (רודערן זיך), מירמלשטיין (מאַרמאָרשטיין) א. אַנד.

## פאַרבייטונג פון קאָנסאָנאַנטן.

**212.** די פאַרבייטונג פון קאָנסאָנאַנטן קומט דערהויפּט פאָר מיט האָמאָרגאַנע קלאַנגען, ד. ה. מיט קלאַנגען, וואָס ווערן אַרויסגעבראַכט פון איין אָרגאַן, צוממייסטן פון די הילכיקע קאָנסאָנאַנטן מיט זייערע דומפּע זיווגים, דהיינו:

**213.** דעם דומפּן לאַביאַל פּ אָנשטאָט זײַן הילכיקן בן־זיווג ב האָבן מיר אין די פאָלגנדיקע ווערטער:

וואָרט־איין: פּאַלמעסן (אָנגענומען, אַז עס איז אַנטשטאַנען פון באַלזאַמירן), פּוטער (Butter), פּויער (Bauer), פּוישן (bauschen, פון לשון בויך), פּיזעם (Bisam, פון העבר. בשם), פּימסנהאָלץ (פרגל. Bimsstein; בײַ ימ״ל—פּימס = пемза), פּיצל (bitzeln), פּלעצל (Bretzel, דער r אַסימילירט אין ל).

דיאַלעקטיש: פּאַנייר (אין אייניקע ערטער פון מאָהליעווער גוב.—אַ פאָן אויף שמחת־תורה—Bannier), פּופּלאָקס (בײַ ימ״ל—אָנשטאָט בופּלאָקס).

וואָרט־אין פאַרן זילבישן ל און ן: גאָפּל (Gabel), נאָפּל (Nabel), נעפּל (אין דער ליטעראַרישער שפּראַך אויך נעבל, אַרײַנגעבראַכט פון ליט־ווישע שריפטשטעלער, וועלכע קאָנען דאָס וואָרט נאָר פון דייטש; די ליטווישע פאָלקסשפּראַך באַנוצט אָנשטאָט דעם—טומאַן), זיפּן און זיפּ (Siebe)—

קלעפּן (אָבער אין פּויליש=וואָליניעריש—קלעבן, פּונקט פאַרקערט ווי מיט אויסוועבן זיך, וואָס האָט אין פּויליש=וואָליניעריש אַ פּ—אויסוועפּן זיך).

וואָרט=אויס: אָפּ. אַראָפּ לגבי די דייטשמערישע אָב, אַראָב.

**214.** דעם הילכיקן פּאַלאַטאַל ק אָנשטאָט זיין דומפּן בן=זיווג ג האָבן מיר אין פּאָלגנדיקע ווערטער:

וואָרט=אַיין: קוקן (gucken), קיין (אַלס פּרעפּאָזיציע אויף דער פראַגע וואוהין?—ביי געאָגראַפישע אייגננעמען—gen), קעגן, אַנטקעגן, אַקעגן, קעגנ=איבער, דערקעגן (אָבער געגנוואַרט און געגנשטאַנד), קוואַטער (gevatter), גרייזלען, גרייזעלע, געגרויזט און קרייזלען, קרייזעלע, געקרויזט (אָבער—קרײַזעלע—דער באַלאָג פון אַ קלייד).

וואָרט=אין און וואָרט=אויס: בענקען (באַנג און באַנק), לייקענען (leugnen), געפּענקעניש (און געפּענגעניש), וואַרג (אַלס סופיקס פון קאָלעקטיווע שם=עצמס: רויכוואַרג—פון ווערק), ציקלען, ציקלען זיך (און ציגעלע, ציגלען זיך), אָנקערן זיך און קערן (אָנגעהערן זיך, געהערן: ער קער מיר זיך אָן אַ לייב=לעכער ברודער, ער קער קומען = ער געהער קומען, ער דאַרף קומען), אַוועק (פון וועג), דער סופיקס יק, וועלכער ווערט נאָך אָבער דאָס רוב גע=שריבן—יג, צ״ב, לעבעדיק, טרויעריק, חמצדיק (הגם געשריבןווערט נאָך דאָס רוב לעבעדיג, טרויעריג, חמצדיג א. אַז. וו.) און על=פּי גזרה=שווה: זונטיק, מיטיק, ווייטיק (אָנשטאָט זונטאָג, מיטאָג, ווייטאָג).

אַ פאַרקערטן פאַל, אונטער דער ווירקונג פון דער פאָלקס=עטימאָלאָגיע, האָבן מיר אין פרישטאָג (פאָלקס=עטימאָלאָגיע פון פרישטיק—אויפן שטייגער פון מיטאָג).

**215.** דעם דומפּן דענטאַל ט אָנשטאָט זיין הילכיקן בן=זיווג ד האָבן מיר אין פּאָלגנדיקע ווערטער:

וואָרט=איין: טאָפּלט (doppel), טויז (Daus), טונקל (dunkel), טוץ (Dutzend), טייטן, באַטייטן און דייטשמעריש: באַדייטן, טייטש און דייטש, טרומייט (Dromette), טוקן (ducken).

וואָרט=אין: צונטער (Zunder), סיידן (אין אייניקע געגנטן, למשל, אין מינסק, אויסגערעדט—סייטן), געפּילדער (אָנגענומען, אַז עס שטאַמט פון poltern).

וואָרט=אויס, באַזונדערס נאָך נ: האַנט, הונט, וואַנט, ווינט (אָבער ווינד און וויי, פון וואונד און וויי) געזונט, געוואַנט, פיינט (פּרעדיקאַטיווער ביי=וואָרט—פיינט האָבן, אָבער אַלס שם=עצם—דער פיינד און דאָס נייע ביוואָרט פיינדלעך; אַקעגן=זשע דער אָפּגעצווייגטער שם=עצם—פיינטשאַפט, דורך דער ווירקונג פון נאָכקומענדיקן ש), געשווינט, געזינט, געזינטל (אין ווילנער קאַנט, לגבי דער פאַרשפּרייטערער פאָרם—געזינד, געזינדל), אָוונט, יוגנט, געגנט, טויזנט, עלנט.

ד איז פאַרבליבן אין לאַנד, באַנד, שאַנד, בעהענד (אַלט=יידיש—שנעל), קינד, לינד, בלינד, בלאָנד, וואונד, פריינד און וואַק'דיק אין גרונד—גרונט (פאַרגלייך גרינדן, גרונטיק).

נאָך ל: געלט, האַלט.

אין איינצלנע אַנדערע פאַלן: קרייט, טויט (Tod, Kreide), לעמפערט (לעאָפּאַרד). אַקעגן=זשע האָבן מיר אַ ד אָנשטאָט ט אין: דול (toll), פאַנד, באָרד, שווערד, גוואַלד, גוואַלדיק (מיט די פּאַראַלעלע נייע, אין דער באַדייטונג ניואַנסירטע פאָרמען געוואַלט, געוואַלטיק און מיט דער אַלטער פאָרם געוועלטיקן), העלפאַנד און אין דער דיאַלעקטישער פאָרם פערדער אָנשטאָט פערטער.

**216.** דעם הילכיקן לאַביאָ=דענטאַל וו אָנשטאָט זיין דומפן בן=זיווג פ האָבן מיר: א) צווישן אַ וואָקאַל און אַ זילבישן ל: וואָלוול (wohlfeil), וועלוול (אַלס פאַרצוויגענער נאָמען פון וואָלף; אָבער דער וואָלף—דאָס וועלפל, דאָס וועלפעלע), טאָוול (אין דער באַדייטונג פון אַ טאָוול צום שרייבן—טאַפל, אָבער ניט אומעטום), טייוול (Teufel), שטיוול (Stiefel); ב) צווישן אַ וואָקאַל און אַ זילבישן ן: אויוון (ofen), הייוון (Hefe), פּרובן (prüfen), בריוונשטעלער, בריוו (און ניט בריף, והראיה—בריוועלע; פרגל. דאָס לאַטייַנישע brevus).

איינצלנע פאַלן: באָרוועס (באָרפוס), קוואַטער (gevatter), ליווערן (ליפערן), גאַווערן (גייפערן).

אַקעגן=זשע האָבן מיר די פאַרבייַטונג פון די מאָמענטאַלע לאַביאַלן ב—פּ און די דויערהאַפטיקע לאַביאָ=דענטאַלן וו—פ אין פאָלגנדיקע פאַלן: אָוונט (Abend), שרויפן (schrauben), שטיפן (אָנגענומען, אַז עס שטאַמט פון דייטשן וואָרט stieben), דער פויליש=וואָלינערישער פּראָווינציאַליזם אויוון (אָנשטאָט דעם אָנגענומענעם ליטווישן נוסח אויבן—oben), שוועבל (Schwefel), לייב (Löwe), אייביג (ewig), שופלאָד (Schublade), אינגבער (Ingwer), אַרבל (פרגל. מיטן דיאַלעקטישן Arfel).

**217.** די פלייציקע ל און ר זיינען זייער ענלעך צווישן זיך און ווערן אָפט פאַרביטן איינער מיטן אַנדערן, דערהויפּט אין אומבאַטאָנטן טראַף, צום אָפטסטן—כדי אויסצומיידן די איבערחזרונג פון ר אין צוויי טראַפן פון דעם זעלביקן וואָרט (דיסימילאַציע), למשל, אַלמער—armoir, רודערן—רודלען (עס רודערט—עס רודלט זיך), מאַרמאָר—מירמלשטיין, מאָזלען—Masern, און דיאַלעקטיש קאָרידאָר—קאָלידאָר, מאַרשרוט—מאַרשלוט, רייסטער—לייסטער. אין אויסלינקען לגבי דעם דייטשן ausrenken איז דער איבערגאַנג פון ר און ל באַגינסטיקט געוואָרן, ווייזט אויס, דורך דער השפּעה פון דער פאָלקס=עטימאָלאָגיע מיט לינק.

**218.** די פאַרבייטונג פון די דענטאַלן ל און נ האָבן מיר אין: שליפּס—שניפּס, לעבן אָנשטאָט נעבן און אין דער דיאַלעקטישער פאָרם נאָמיר אָנשטאָט לאָמיר.

דער דענטאַל ד איז אַריבער אין דעם דענטאַל ל אין דעם פויליש=יידישן וואָרט שפּיליטער (אָנגענומען, אַז עס שטאַמט פון Spediteur).

די פאַרבייטונג פון נ אויף ר האָבן מיר אין ליטווישן פּראָווינציאַליזם זײַר=דערן, אָרדערונג אָנשטאָט אָרדענען, אָרדענונג.

**219.** די פאַרבייטונג פון די נאָזקלאַנגען נ און מ האָבן מיר דערהויפּט אין צונויפגעזעצטע ווערטער פאַר די לאַביאַלן ב, פּ, למשל, באַשיימפּערלעך — באַשיינפּערלעך, ווײַמפּערל—ווייַנפּערל, בראָמפּן—בראָנפּן (אַסימילאַציע פון נ). אַ פיזיאָלאָגיש=קאָמבינאַטאָרישע פאַרענדערונג איז דער איבערגאַנג פון דער ענ=דונג נ אין מ נאָך די לאַביאַלן ב און פּ, למשל, שרייבן—שרייבם, ליפּן—ליפּם.

**220.** דער איבערגאַנג פון נ אין מ אין אײַנרוימען (אַ סוד—פון raunen), צוימען (אַ מחיצה שטעלן—פון zaunen) קען דערקלערט ווערן אָדער דורך דער פאָלקס=עטימאָלאָגיע מיט רוימען—ראַמען, צוים (Zaum—אַ טייל פון פערד=געשפּאַן), אָדער מיט דער ווירקונג פון דיסימילאַציע—אויסצומיידן די קאָמבינאַציע נען. די דיסימילאַציע פון נ אין מ האָבן מיר בדרך=כּלל אין דער ענדונג ן פון בייווערטער אויף נ, למשל, שיין—שיינעם, זיין—זיינעם א. אַז. וו. אין מילגרוים (פון שפּאַנישן melegrona) האָט, ווייזט אויס, מיטגעווירקט די אַנאַלאָגיע מיט אַזעלכע ווערטער, ווי גרוים, פלוים א. אַנד.

אין דעם פאַרנייַנענדיקן פּרעפיקס אום איז דער מ אָנשטאָט דעם נ (un) ווייזט אויס אַ רעזולטאַט פון דער צונויפמישונג מיט דעם פּרעפיקס אום (um); פאַרגל., למשל, אומחן, אומכּבוד, אומגליק, אומגעגעסן און אומגיין, אום=בייטן א. אַז. וו. אין זאַמד איז די פאַרבייטונג (Sand), ווייזט אויס, אַקוסטיש.

אין דער אַלטער, מיטלהויכדייטשער ענדונג ים איז געבליבן אין יידיש דער אַלטער מ אָנשטאָט דעם נייַהויכדייטשן n צוליב דער אַנאַלאָגיע מיט דער העברעאישער ענדונג ים, למשל, בוידים—באָדן

אין דעם אַקוזאַטיוו דעם, אים (אָנשטאָט den, ihn) קען מען זעען אַ צוגלייכונג צו די פאָרמען פון דאַטיוו (dem, ihm); שיים אָנשטאָט שיין איז בלויז אַ ליטווישער פּראָווינציאַליזם.

**221.** אַ נ אָנשטאָט מ האָבן מיר אין יאָנטעף אָנשטאָט יום=טוב, אין יאָנ=קיפּער אָנשטאָט יום=כּיפּור, אין דעם פויליש=דרומדיקן בינדוואָרט וואָרן אָנשטאָט דעם ליטווישן וואָרים (מיטן טראָפּ אויפן ערשטן טראַף, אויסגעלייגט דייטשמע=ריש—וואָרום); אין הייבין אָנשטאָט הייבאַם האָט, ווייזט אויס, מיטגעווירקט די אַנאַלאָגיע מיט דער ענדונג ין פון די ווייבלעכע פערזאָנען=נעמען.

**222.** אין דער פאָלקסשפּראַך האָבן מיר אָפט די צונויפמישונג אויך פון אַנדערע קאָנסאָנאַנטן, דאָס רוב נאָענטע לויט זייער אַרטיקולאַציע, למשל, גראַפּען אָנשטאָט דראַפּען, צימרינד אָנשטאָט צימרינג. די צונויפמישונג פון די דומפּע אויפרייס=קאָנסאָנאַנטן פּ—ט—ק האָבן מיר אין לאָקשן (אָנגענומען, אַז עס שטאַמט פון лапша), לאַטכענען (לקחענען), באַלטן (באַלקן), און אין די פּראָווינציאַליזמען ציינטנמאַשטש (ציינקנמאַשטש), אַנקלאָפּן (אַנטלאָפן), (פּרגל. בריסק מיט ברעסט).

דיאַלעקטיש איז אויך דער דומפּער וועלאַר כ אָנשטאָט דעם אַפּריקאַט צ=

אין דעם ליטווישן קריק, קאַריק אָנשטאָט צוריק (פרגל. אָקעאַן מיט Ozean, קיסר מיט צעזאַר א. אַנד).

אין דעם אַלט־יידישן וואָרט הויערן האָבן מיר אַ ה אָנשטאָט דעם נייהויכדייטשן k (kauern). אין מאַרך, קאַלך האָבן מיר אַ כ אָנשטאָט k אין נייהויכדייטש (Kalk ,Mark), אין יערן (אָדער יוירן) אַ י אָנשטאָט g (gähren).

## גראַמאַטישער איבערבייט.

**223.** דער גראַמאַטישער איבערבייט פון קאָנסאָנאַנטן באַשטייט אין דעם, וואָס די קאָנסאָנאַנטן בייטן זיך ביי דער וואָרט־בילדונג, דהיינו:

ד גייט אַריבער אין ט, למשל, ליידן—געליטן, מיידן—געמיטן, זידן—געזאָטן (הגם אָפּטער—געזאָדן), שניידן—געשניטן, גאָלד—געלט, אָפּגילטן, ביידן—בינטל; פ אין פּ, למשל, זאַפּט—(איינ)זאַפּן, טריפן—טראָפּן, זויפן—זופּן; ב אין פּ, שרייבן—שריפט, געבן—גיפט, שיבער (אין דרומדיקן יידיש—שופּריגל, פּאַרריקער)—שופּלאָד; ג אין כ, ברענגען—געבראַכט, טראָגן—טראַכט (טראַכט אין יידיש—דאָס מוטערלייב, וואו עס ווערט אויסגעטראָגן דאָס קינד, אין באַלטישן יידיש—אַן עמער; די דייטשע באַטייטונג—מלבושים—פּעלט אין יידיש), מעגן—מאַכט, שלאָגן—שלאַכט; ג אין ק, למשל, בייגן—בוקן, געצויגן—צוקן, ליגן—לייקענען, שפּרינגען—שפּרענקלען; כ אין ק, למשל, הויכן—הוקן, ווייך—ווייקן, מילך—מעלקן; ק אין כ, למשל, געדענקען—געדעכעניש, געדאַכט; פּט אין כט, למשל, זאַנפּט—זאַכט; ס אין צ, למשל, פליסן—פלייצן, שמייסן—שמיץ, נאַס—נעץ, הייס—היץ, שווייס—שוויצן, ריס—ריץ, sprossen—שפּראָצן, האַסן—העצן; ר אין ס, למשל, פרירן—פראָסט, מער—מייסט; ר אין נ, למשל, מער—מיין; ז אין ס, למשל, סיי ווי סיי (זאָ ווי זאָ), אויסגעלאַסן (אויסגעלאָזן); ט אין צ, למשל, שניטער—שניצער, שניצן.

**224.** דער אַלטער, איצט אין דער אויסשפּראַך פאַרשוואונדענער ה איז אַריבער אין ג און כ, למשל, ציהען—געצויגן, פליהען—געפלויגן, שוועהער—שוויגער, צעהען—צוואַנציג (פאַרווייכט אין ק—צוואַנציק); זעהען—געזיכט (אין אַלט־יידישן זאַך—געזועען), געשעהען—געשיכטע (אין אַלט־יידיש געשאַך—געשעען), ציהען—ציכטיק. דאָס איז אָבער נאָך ניט קיין גרונד איבערצולאָזן דעם ה אפילו אין אַזעלכע ווערטער, ווי ציען, פליען, ווייל דאַן וואָלט מען אים אויך געדאַרפט איינפירן אפילו דאָרט, וואו ער איז קיינמאָל ניט געווען, למשל, שפּייען—געשפּיגן, שרייען—געשריגן.

## אַרויספאַל און צוזעצונג פון קאָנסאָנאַנטן.

**225.** דער ב איז אַרויסגעפאַלן אין די פאָרמען האָסט, האָט, געהאַט, גיסט, גיט (פון האָבן און געבן); דער ד צווישן ל, ר און נ אין אָרנטלעך, זעלנער, ווערן, געוואָרן (geworden ,werden ,Söldner ,ordentlich);

דער נ אין צענדליק (צענדלינג), ניכטער (הגם אין פּויליש־דרומדיקן

יידיש פאַראַן אויך די פאָרם ניכטערן; ביי ימ״ל—ניכטער און ניכטערנער־
הייט), לאַמטער (נאָר אין פוילישן יידיש, זיסט—לאַמטערן);

דער ק אין פינטל (פונקט) און וואַרשטאַט (ווערקשטאַט); דער ר—אין
מאַטערן (אָבער מאַרטירער), פאָדערן (vordern) און דיאַלעקטיש אין קוואַטיר,
קוואַטירל, פאַטרעט (אָנשטאָט קוואַרטיר, קוואַרטירל, פאָרטרעט).

**226.** באַזונדערס אָפט איז דער אַרויספאַל פון ד נאָך נ, וואָס מיר האָבן
אין: און (und), פאַרהאַן און פאַרהאַנען (אָנשטאָט פאַרהאַנדן), געשטאַנען,
פאַרשטאַנען (אָבער שטאַנד, שטענדיק, שטענדער, פאַרשטאַנד, פאַרשטענדלעך),
מינער, מינערן (אָנשטאָט מינדער, מינדערן, אָבער מינדסטער), אינווייניק, אויס־
ווייניק (auswendig, inwendig), געפינען (פרגל. מיטן ניי־איינגעפירטן דייטש־
מערישן ערפינדן—אָנשטאָט אויסגעפינען), מאָנקאַלב (ביי ליפשיצן—פאַרזעעניש;
אין אַלט־יידיש די מאָן—אָנשטאָט דער מאָנד־לבנה). אין גאַליצישן יידיש האָבן
מיר אויך די פאָרם געבונען אָנשטאָט געבונדען (אַנאַלאָגיש געגאַנען—אָנשטאָט
געגאַנגען).

**227.** די דאָזיקע פאַרשווינדונג פון ד נאָך נ האָבן מיר שוין אין די עלט־
סטע יידישע ווערק; דערפון נעמט זיך אויך די עלטערע שרייבונג אונ׳ און די
שפּעטערדיקע אונ.

**228.** צוגעזעצט ווערט דער ד צוליב וואוילקלאַנג (אייפאָנישער ד) צווישן
נ און דעם פאַרקלענער־סופיקס ל, למשל, פענדל, שטיינדל, חנדל, צווישן
נ און ל אין צענדליק, צווישן דיפטאָנג יי און פאַרקלענער־סופיקס ל אין
דריידל, צווישן דיפטאָנג יי און סופיקס ער אין איידער (פאַרגל. איי, אייער־
נעכטן), און פאַר דער ענדונג יק (יג), דערהויפט נאָך נ און ר, למשל, וואָלקנדיק,
מאָרגנדיק, וואַסערדיק, פייערדיק, טרויערדיק (אָנשטאָט וואַסעריק, פייעריק,
טרויעריק).

דיאַלעקטיש האָבן מיר אַ צוגעזעצטן ד וואָרט־אויס נאָך אַ נ אין רי־
מענד, אַייזנבאַנד (ביי ל. און ימ״ל—אָנשטאָט רימען, אַייזנבאַן).

**229.** דעם אַרויספאַל פון ט האָבן מיר דערהויפט אין צונויפזעצונגען
צווישן אַ נאָז־קלאַנג און פ אָדער פּ: בראַנפן, ענפער (אין דער פויליש־דרומדיקער
אויסשפּראַך—אָנשטאָט ענטפער), אַכפערן, פּרוכפערן, קימפעט (ז. § 209).
בלויז דיאַלעקטיש איז דער אַרויספאַל פון ט אין דעם צושטעל אַנט ביי די
ווערטער אַנטשלאָפן, אַנטדרעמלט, אַנטשוויגן, אַנטשטומען (אויסגערעדט, למשל,
אין מינסקער גוב.—אַנשלאָפן, אַנדרעמלט, אַנשוויגן, אַנשטומען). (ר׳ אַנשל.
שרייבט אַפילו אַנפלעקן אָנשטאָט אַנטפלעקן).

לגבי דייטש פעלט אויך דער ט אין איז (ist), מאַרק (Markt), אויבס
(Obst), געווינס, געשפּינס (Gespinnst, Gewinnst).

**230.** די צוזעצונג פון אַ ט האָבן מיר דערהויפט וואָרט־אויס נאָך ל, נ, ר
אין: טאָפּלט, אַנומאָלט (אָנגענומען, אַז עס שטאַמט פון איינמאָל, אַזוי ווי
אַנוסטן זאָל זיך האָבן אַנטוויקלט פון (einsten), דאַמאָלסט (damals), פאָרנט

(vorn), פון דאַנען, פון וואַנענט (מיט אַרויסגעפאַלענעם נ — פון דאַנעט, פון וואַנעט), אַצינדערט (אַצינדער), זענעפט (Senf); באַזונדערס אָפט איז די צוזעצונג פון אַ ט אין פוילישן יידיש, למשל, אַליינט (אַליין), ליגנט (ליגן), אין די פאָרמען געגליכנט, געלאָדנט (אָנשטאָט געגליכן, געלאָדן) א. אַז. וו.

231. די פּרעפיקסן אָן, איין, אַריין, אויס, אַרויס, אָפּ, אַראָפּ, אויף, אַרויף, אום, אַרום, דורך, אַוועק, ווען זיי שטייען נאָך זייער פּעל, באַקומען אין דער פאָלקסשפּראַך אָפט צוגעזעצט דעם טראַף עט: אָנעט, איינעט, אַריינעט, אויסעט, אַרויסעט, אָפּעט, אַראָפּעט, אויפעט, אַרויפעט, אומעט, אַרומעט, דורכעט, אַוועקעט, למשל, נעם אָנעט, עס אָפּעט, לויף אַרומעט א. אַז. וו. ענלעך האָט דאָס בינדוואָרט אויך די פאָרם אויכעט.

232. וואָרט=אין ווערט טיילמאָל אַריינגעזעצט אַ אייפאָנישער ט צווישן נ פון די בייווערטער און זייער ענדונג לעך: אייגנ—ט—לעך, אָרנ—ט—לעך, עפנ—ט—לעך, נאָמענ—ט—לעך, וועכנ—ט—לעך: און אין דעם אַלטגעזעסענעם יידישן אומשטאַנדוואָרט געוויינ—ט—לעך לגבי דעם נייערן בייוואָרט געווייַנלעך (מיט דיפערענצירטער באַטייטונג: געוויינטלעך — נאַטירלעך, פאַרשטייט זיך, אוודאי; געוויינלעך — אין אייגנטלעכן זין פון דעם וואָרט).

233. צווישן צוויי גלידער פון אַ צונויפגעזעצטן וואָרט האָבן מיר אַ אייפאָנישן ט אין מיינ—ט—וועגן, דיינ—ט—וועגן, א. אַז. וו. וועמעס—ט—וועגן, פונדעס—ט—וועגן, דענס—ט—מאָל. אין אָנדערטהאַלבן (לגבי דעם ליטווישן נוסח אָנדערהאַלבן) איז דער ט אַריינגעזעצט על=פּי אַנאַלאָגיע מיט אַזעלכע פאָרמען, ווי דריטהאַלבן, פערטהאַלבן א. אַז. וו. (פרגל. אויך די פּראָווינציאַליזמען פונדעסטהאַלבן, פלוצטהאַלבן).

234. אין די צייטווערטער מעסטן, פאַסטן (אָנשטאָט messen, פאַסן) דערקלערט זיך דער ט מיט דער צוריקבילדונג אויס די פאָרמען פון דער דריטער פערזאָן: ער מעסט, ער פאַסט, וואו די פאָלקס=עטימאָלאָגיע האָט אָנגענומען דעם ט ניט פאַר דער ענדונג פון דער דריטער פערזאָן, נאָר פאַר אַ קלאַנג פון שטאַם, אַנאַלאָגיש מיט די פּעלים אויף ט, ווי, למשל, ער פאַסט (פאַסטן).

אַ פאַרקערטן פאַל האָבן מיר אין אָנגורן אָנשטאָט אָנגורטן, וואו די פאָלקס=עטימאָלאָגיע האָט פאַררעכנט דעם ט פון דער פאָרם אָנגעגורט ניט צום שורש, נאָר אַלס ענדונג פון מיטלוואָרט.

235. אַחוץ דעם אייפאָנישן ד (§ 228) און דעם אייפאָנישן ט, האָבן מיר אין יידיש דעם אייפאָנישן כ ביים בילדן פאַרקלענערווערטער פון שטאַמען אויף ל, למשל, פעלכל, מיילכל א. אַז. וו.

ביים בילדן פאַרקלענערווערטער מיטן סופיקס לעך פון בייווערטער אויף ל קען דער דאָזיקער אייפאָנישער כ שוין ניט דינען; למשל, פון געל קענען מיר ניט בילדן אַ בייוואָרט מיט לעך צוליב דעם צונויפטרעף פון צוויי ל — קלאַנגען (געללעך); ווען מיר זאָלן זיך באַנוצן מיטן אייפאָנישן כ, וואָלטן מיר

באַקומען די פאָרם געלכלעך, וואָס האָט שוין איר באַטייטונג (דער רבים פון געלכל). דאָ האָט די יידישע שפּראַך אויסגעניצט די פּאַראַלעלע, ווייניקער פאָלקסטימלעכע פאָרם פון געל—געלב און, צוזעצנדיק צו איר דעם סופיקס לעך, באַקומען דאָס פאַרקלענערבייוואָרט געלבלעך. אַזוי אַרום האָט זיך געבילדעט אַ ספּעציעלער אייפּאָנישער ב פאַר דער בילדונג פון פאַרקלענערונ=גען ביי בייווערטער אויף ל, און ביי ל. און ימ״ל טרעפן מיר אַזעלכע פאָרמען, ווי העלבלעך, קילבלעך, פוילבלעך (פון העל, קיל, פויל).

236. אויסער די אייפּאָנישע קאָנסאָנאַנטן, וואָס ווערן אַריינגעזעצט, כּדי אויסצומיידן אומבאַקוועמע ק אָ נ ס אָ נ אַ נ ט י ש ע קאָמבינאַציעס, ווערן נאָך אָפט באַנוצט אייפּאָנישע קאָנסאָנאַנטן, כּדי צו פאַרמיידן דעם אַזויגערופענעם ה י אַ=ט ו ס, ד. ה. דעם צונויפטרעף פון צוויי וואָקאַלן. אַזוי, למשל, ווערט צווישן דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל אַ און אַ וואָרט, וואָס הייבט זיך אָן מיט אַ וואָקאַל, אַריינגעזעצט אַ אייפּאָנישער נ, למשל, אַן עפּל, אַן אויג, אַן אומגליק (אַ עפּל, אַ אויג, אַ אומגליק). דעם דאָזיקן אייפּאָנישן נ האָבן מיר אויך צווישן אַזאַ און אַ וואָרט מיט אַ וואָקאַל=אײַן, למשל, אַזאַן אומגליק, אַזאַן אופן, אַזאַן אוצר.

237. דער פוילִיש=דרומדיקער יידיש באַנוצט אַ אייפּאָנישן נ נאָך די פאַר=ווערטער צו און ביי, ווען זיי שטייען פאַר אַ וואָרט מיט אַ וואָקאַל=אײַן, למשל, צון אייך, צון אים, ביין אייך, ביין אים. אָנשטאָט דעם אייפּאָנישן נ קומט נאָך אויך אַ אייפּאָנישער ר, למשל, ביי ר׳אייך, ביי ר׳אים.

238. אין מאַנכע ווערטער האָט די פאָלקסשפּראַך און דערהויפּט די קינ=דערשפּראַך פאַרשמאָלצן דעם אייפּאָנישן נ פון דעם אומבאַשטימטן אַרטיקל מיט דעם שם=עצם, און ס׳האָבן זיך באַקומען אַזעלכע פאָרמען פון דער פאָלקס=עטימאָלאָגיע, ווי אַ נאָל, אַ נאַם, אַ נאָוונט א. אַז. וו. (אָנשטאָט אַן אָל, אַן אַם, אַן אָוונט; אגב קען אין נאָוונט דער צוגעזעצטער נ קומען פון דער פאַרבינ=דונג גוטן=אָוונט=גוט נאָוונט).

אַ פאַרקערטע ערשיינונג פון דער פאָלקס=עטימאָלאָגיע איז—צו באַטראַכטן דעם נ פון שורש וואָרט=אײַן אַלס אייפּאָנישן, למשל, אַן אַקן, אַן עסט (אָנ=שטאָט אַ נאַקן, אַ נעסט).

## וועגן די צישקלאַנגען.

239. די דענטאַלן ז. ס. ש. זש, צ. טש (זיי הייסן אויך צ י ש=ק ל אַ נ=ג ע ן) זיינען פיזיאָלאָגיש זייער נאָענט צווישן זיך און ווערן אָפט פאַרביטן איי=נער אויפן אַנדערן. אָט וואָס עס לאָזט זיך זאָגן וועגן די דאָזיקע קאָנסאָנאַנטן אין יידיש:

240. דער פאָדערשטער דענטאַלער ספּיראַנט ווערט וואָרט=אײַן פאַר אַ וואָקאַל אויסגערעדט הילכיק (ווייך)—ז, למשל, זאַלץ, זעלנער, זון. זיין דומפּן (האַרטן) בן=זיווג ס אין אָנהייב וואָרט און פאַר אַ וואָקאַל האָבן מיר נאָר אין

העברעאישע, סלאַווישע און פרעמדע ווערטער, למשל, סוף, סדר, סוחר, סאָד, סיים, סערפּ, סאַנדאַל, סעליטרע, סומע, סאָלדאַט.

**241.** אַ ריי ווערטער קומען פאַר אין טאָפּעלטע פאָרמען, מיט ז און מיט ס, אַ סימן, אַז זיי זײַנען אַרײַן אין יידיש אי דירעקט פון דייטש אי דורך דער פאַרמיטלונג פון אַ סלאַווישער שפּראַך, למשל, זאָדע און סאָדע, זאָפּע און סאָפּע, זאָרט און סאָרט, זאַק און סאַקוואָיאַזש, זופּ און סופּ, זאַל און סאַליע (פּרגל. אויך סאַלאָן), זעלצער־וואַסער און סעלצער־וואַסער. די בכורה אין יידיש געהערט ביי אַלטגעזעסענע ווערטער דער פאָרם מיט ז, ביי נייע און פרעמדע — דער פאָרם מיט ס, למשל, זופּ, ניט סופּ, אָבער סאָרט, סאָפּע.

**242.** טראַף־איין פאַר אַ קאָנסאָנאַנט האָבן מיר אַ פאָדערשטן דענטאַלן ספּיראַנט, אַ ז אָדער אַ ס — נאָר אין העברעאישע און סלאַווישע ווערטער, למשל, זמן, זנות, זריעה, זכות, זכיה (דער ז אַסימילירט אין דומפּן ס מחמת דער שכנות פון דומפּן כ: סכוס, סכיע), זלידנע, זנאַכער; סגולה, סחורה, סתירה, סלופּ, ספּאָדעק, סטאַדע, סווישטשען, סקריפּען.

**243.** אָבער אין גערמאַנישע ווערטער האָט זיך דער פאָדערשטער דענטאַלער ספּיראַנט וואָרט־איין פאַר אַ קאָנסאָנאַנט אומעטום פאַרווייכט אין הינטערשטן דענטאַלן ספּיראַנט ש, למשל, שוואַך, שטאָל, שלעכט, שמעקן, שנור, שפּייז, שרעק א. אַז. וו.

דער דאָזיקער כּלל איז אויך גילטיק פאַר אַלטגעזעסענע פרעמדע ווערטער, למשל, שמאַראַגד (Smaragd), שטודירן, שפּאַקולן, שפּאַקטיוו, שפּאַניע, שפּעציאַל (ביי ימ"ל — אַ געשמאַקער מאכל), שקלאַף, שקראָפּל, שקאַרמיץ א. אַז. וו.

**244.** נאָר אין די נייע פרעמדווערטער, וואָס זײַנען צו אונז געקומען איבער די סלאַווישע שפּראַכן, האָבן מיר אַ ס, און אפילו פאַר די קאָנסאָנאַנטן ק, פּ, ט, וואָס בכלל באַגינסטיקן זיי דעם איבערגאַנג פון ס אין ש, למשל, סקאַנדאַל, סטיל, סטאַציע, ספּעקטאַקל, ספּאָרט, ספּעציאַליסט.

אין אייניקע ווערטער קעמפט דער נייער ס מיט דעם אַלטן ש, למשל, ספּעקולירן און שפּעקולירן, ספּירט און שפּירעט, סקאַרלאַטין און שקאַרלאַטינע א. אַנד.

**245.** די זעלביקע פאַרווייכונג פון ס אין ש האָבן מיר אויך אינמיטן און סוף וואָרט נאָך דעם ר־קלאַנג, למשל, ערשטער, אייבערשטער, פאָדערשטער (ניט ערסטער, אייבערסטער, פאָדערסטער), דאָנערשטאָג (אָבער דינסטאָג), אַנדערש (אָנשטאָט אַנדערס), וואורשט, דאָרשט, אָקאָרשט, באַרשט, פירשט (ניט וואורסט, פירסט א. אַז. וו. ווי עס ווערט געפאָדערט לויט דער רייַנער נייהויכדייטשער אויסשפּראַך), ווי אויך אין אייניקע אַנדערע פאַלן, למשל, רעשט, עקדיש, קושן, קישן (ניט קוסן, קיסן), מעש און די ענדונג ניש (ניט נעס, לויט נוסח ליטע: למשל, אײַלעניש, ניט אייַלענעס).

קריסטאָל האָט אויך אַ פאָלקסטימלעכע פאָרם קרישטאָל.

פון די סלאַווישע ווערטער האָבן פאַסען און קאָסען פאַרווייכט זייער ס אין ש: פאַשען, קאָשען; אויך שטרייק האָט די בכורה לגבי דער אַמעריקאַניזירטער פאָרם סטרייק.

**246.** אין מאַנכע געגנטן פון דער ליטע, למשל, אין ווילנע, איז אַ די־אַלעקטאָלאָגישער פעלער צונויפמישן די קלאַנגען ס און ש (פרגל. די מעשה מיט שבולת, אין שופטים), און עס מוז שטאַרק געוואָרנט זיין דערפאַר.

**247.** וואָרט־אויס קענען מיר האָבן סיי דעם הילכיקן ז, סיי דעם דומפן ס, למשל, גאַז און גאַס, גוז און גוס, רייז און רייס, וויז און ווייס, גרייז און גרויס א. אַז. וו. אַזוי ווי די יידישע אויסשפּראַך מישט בכלל ניט צונויף די הילכיקע קאָנסאָנאַנטן מיט זייערע דומפּע זווגים סוף וואָרט (למשל, גאָב און קאָפּ, פליג און פליק, באָד און באָט, ווינד און ווינט, שווערד און ער שווערט, בריוו און שטיף א. אַז. וו.), אַזוי ווערן אויך ניט צונויפגעמישט דער ז מיטן ס (אויסגענומען געוויינטלעך די פאַלן פון דער קלאַנגען־אַסימילאַציע, לויט § 207). נאָר בלויז באַגעגנט זיך ביי די פויליש־יידישע שריפטשטעלער (למשל, ביי פ. ביי אַש) אין דער פאָרם בלויס, און פּאַרגלייזט (די אויגן) שרייבט פּרץ אויך פּאַרגלייסט. די טאָפּעלטע פאָרמען מאַטראָז און מאַטראָס שטאַמען פון צווייערליי מקורים — פון דייטשן Matrose און פון רוסישן матросъ. דער דאָזיקער איז געבילדעט פאַרצייטנס פון daz, אין דער צייט וואָס דאָסיק איז געוויס אַ נייערע בילדונג פון דאָס.

**248.** דער ז־קלאַנג נאָך די קאָנסאָנאַנטן ל, נ באַקומט אין דער אויס־שפּראַך אַ צומישונג פון ד־קלאַנג, בילדנדיק דעם אַפריקאַט דז. וועלכער ווערט אין יידיש דאָס רוב ניט פיקסירט אין דער אויסלייגונג, למשל, האַלז, אונז, גאַנז, לינז, פראַנז ווערן אויסגערעדט האַלדז, אונדז, גאַנדז, לינדז, פראַנדז; שוואַכער איז די צומישונג פון ד־קלאַנג אין נייערע אָדער זעלטן געברויכטע ווערטער, ווי, למשל, פעלז, צינז, אינזל (הגם ביי ימ״ל דווקא אינדזל), בראָנז.

אין מאַנסביל האָט דער הילכיקער ב אַסימילירט דער דומפן ס אין אַ הילכיקן ז, — מאַנזביל, דער ז האָט נאָך דעם נ באַקומען אַ צומישונג פון ד-קלאַנג — מאַנדזביל; אָבער פון דעם הילכיקן אַפריקאַט דז איז שוין זייער נאָענט צו זיין דומפן בן־זיווג צ און אַזוי אַרום האָט זיך באַקומען די פאָרם מאַנצביל (למשל, ביי נ״ב).

**249.** דער ש־קלאַנג נאָך נ ווערט פאַלאַטאַליזירט אין טש, למשל, מענטש (פון מענש), בענטשן (פון בענשן), ווינטשן (פון ווינשן). אַנאַלאָגיש האָבן מיר אויך אין דער פאָלק־שפּראַך די פאָרם פאַלטש אָנשטאָט פאַלש; ביי ימ״ל אַ וועלטשן ניסל — אַ וועליש ניסל (פון וועלש — welsch, וואַלאַכיש).

**250.** דער ס־קלאַנג צווישן נ און ט באַקומט אין דער אויסשפּראַך אַ צומישונג פון ט־קלאַנג, בילדנדיק דעם אַפריקאַט צ (ט מיט ס), למשל, פענ־סטער, פינסטער — ווערן אויסגערעדט פענצטער, פינצטער. אין דער פאָלקס־שפּראַך (למשל, ביי נ״ב, ימ״ל) באַגעגענען מיר אויך די פאָרם ערנצט אָנשטאָט

ערנכט. אין קונסט, קינסטלער, קינסטלעך, גינסטיק, דענסטמאָל איז דער קלאַנגענקאָמפּלעקס סט נאָך נ אַריבער אין צ, בילדנדיק די פֿאָרמען קונץ, קינצלער, קינצלעך, גינציק, דענצמאָל.

**251**. דעם איבערגאַנג פֿון ם אין צ נאָך נ האָבן מיר אויך אין יענץ (יענס), ביי ימ״ל—סענץ (אָנשטאָט סענס), באַלאַנץ (אָנשטאָט באַלאַנס), פּאַיאַנץ (אָנשטאָט פּאַיאַנס), געזימץ (אָנשטאָט געזימס). דעם איבערגאַנג פֿון ס אין צ נאָך ל האָבן מיר אינאַלץ (אַלעס).

**252**. דעם איבערגאַנג פֿון ס אין צ צווישן נ און ק האָבן מיר אין די ליטווישע פּראָווינציאַליזמען מינצק, פּינצק (אָנשטאָט מינסק, פּינסק).

אין טאַץ האָבן מיר אַ צ=קלאַנג אָנשטאָט דעם רוסישן з (тазъ).

**253**. אין פּרעמדווערטער האָבן מיר אין יידיש נאָך ל, נ, ר אַ ס=קלאַנג, למשל, ווילסאָן (ניט ווילזאָן), קאָנסול (ניט קאָנזול), קאָנסאָנאַנט (ניט קאָנזאָנאַנט), אינסעקט (ריכטיגער ווי אינזעקט), אוניווערסיטעט, אוניווערסאַל, אוניווערסום (ריכטיקער ווי אוניווערזיטעט, אוניווערזאַל, אוניווערזום).

## פּאַלאַטאַליזירטע קאָנסאָנאַנטן.

**254**. אין דער יידישער שפּראַך זיינען צוזאַמען מיט ווערטער פֿון די סלאַווישע שפּראַכן אַריין אויך די אין סלאַוויש גאַנץ געוויינלעכע פּאַלאַטאַליזירטע אָדער פּאַרווייכטע קאָנסאָנאַנטן. באַזונדערס אָפֿט טרעפֿן זיך אין יידיש דער פּאַלאַטאַליזירטער ל׳, למשל, ליאַק, שליאַך, ליעזשאַנקע, ליולקע, ליאַלקע א. אַז. וו. און דער פּאַלאַטאַליזירטער נ׳, למשל, ניאַנטשען, פּאָניע, האָרעוואַניע א. אַז. וו.

**255**. די פּאַלאַטאַליזאַציע פֿון די קאָנסאָנאַנטן האָבן מיר אין יידיש אפילו אין פֿרעמדווערטער, אויב זיי זיינען אַריבער צו אונז דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון דער רוסישער שפּראַך, למשל, פּלאַנעט, זשענעווע, טעאַטער ווערן אויסגערעדט אָפֿט פּלאַניעט, זשעניעווע, טיעאַטער, ווייל אין רוסיש פּאַלאַטאַליזירט דער e=קלאַנג די אויסשפּראַך פֿון דעם קאָנסאָנאַנט. די דאָזיקע רוסיפֿיצירטע אויסשפּראַך פֿון אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער איז אָבער ניט צו רעקאָמענדירן.

**256**. די סלאַווישע ענדונג ינקע פּאַלאַטאַליזירט דעם קאָנסאָנאַנט פֿון דעם וואָרט, צו וועלכן זי ווערט צוגעזעצט, למשל, זיסינקע, קורצינקע, אויסגערעדט כמעט ווי זישינקע, קורטשינקע א. אַז. וו.

## די השפּעה פֿון קאָנסאָנאַנטן אויף וואָקאַלן.

**257**. ביים באַהאַנדלען דעם וואָקאַליזם האָבן מיר שוין געזען, אַז מאַנכע קאָנסאָנאַנטן זיינען משפּיע אויף די וואָקאַלן, מיט וועלכע זיי זיינען פֿאַרבונדן, ענדערנדיק זייער קלאַנג=פֿאַרב (זע, למשל, די § 67, 74, 79 לעצטע, אָפּזאַץ, 161 א. אַנד.). דערהויפּט ווירקן אויף דער אויסשפּראַך פֿון די וואָקאַלן די קאָנסאָנאַנטן ר, כ און די קאָנסאָנאַנטישע פֿאַרבינדונגען נג און נק.

**258.** דער ר-קלאַנג האָט אַ טבע צו פאַרלענגערן דעם וואָקאַל וואָס פאַר אים. אַזוי, למשל, איז יעדער טראַף, וואָס איז געשלאָסן מיט צוויי קאָנסאָנאַנטן, קורץ און ענדערט זיך אַלזאָ אין יידיש ניט, למשל, schlaff — שלאַף, ווייל געשלאָסן מיט צוויי f-קלאַנגען, אָבער schlaf — שלאָף, ווייל געשלאָסן מיט איין f א. אַז. וו. איז אָבער דער ערשטער קאָנסאָנאַנט פון די צוויי אַ ר-קלאַנג, ווערט דער וואָקאַל פאַר אים אָפט פאַרלענגערט און געענדערט אין יידיש, למשל, קאָרט (Karte), גאָרטן (Garten), באָרד (Bart). דער ר-קלאַנג האָט אויך דיפטאָנגירט דעם אָ אין וי אין אַזוינע ווערטער, ווי געבאָרן, געפראָרן, געשוואָרן, געשאָרן, פאַרלאָרן, אָנגעוואָרן, וועלכע האָבן אַלזאָ די פאַראַלעלע פאָרמען — געבוירן, געפרוירן, געשוואוירן, געשוירן, פאַרלוירן, אָנגעוואוירן, געוואויר ווערן.

**259.** סוף וואָרט ווערט צווישן דיפטאָנג און ר אַריינגעשטעלט אַ סוואַראַבהאַקטי-ע, למשל, זייער (sehr), אויער (Ohr), בויערן (bohren), טויער (Tor); די שטאָט טאָרן הייסט אויף יידיש טויערן. דער פוילישער דיאַלעקט גייט אין דעם נאָך ווייטער און שטעלט אַריין אַ ע אין קאַפויר — קאַפויער, געוואויער — געוואויר (ווערן), און אפילו דער פּרעפיקס פאָר קלינגט שוין דאָרט אויך פויר און פויער (פרגל. מיט § 174).

**260.** אין די פּוילישע דיאַלעקטן ווערט דער ר-קלאַנג נאָך אַ וואָקאַל זייער אָפט כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן אין דער אויסשפּראַך, דערהויפּט אין דעם וואַרשעווער ריידעניש, למשל, קאָרטן — קוטן (לאַנגער ו), פּאָטער — פּוטאָ, ברודער — ברידאָ א. אַז. וו.

אין ליטווישן יידיש האָבן מיר אַזאַ רעדוצירטן ר-קלאַנג אין דאַרפן (אויסגערעדט דאַפן) און אין דעם פּרעפיקס דער (אויסגערעדט דאַ, למשל, דערלאַנגען — דאַלאַנגען).

**261.** ווען נאָכן ר-קלאַנג שטייט נאָך אַ קאָנסאָנאַנט, ווערט דער וואָקאַל פאַרן ר אין יידיש געענדערט אין זיין קלאַנגפאַרב אויף אַזאַ אופן:

er = אַר, למשל, אַרבן (erben), אַרבעס (Erbse), באַרג (Berg), באַרדיטשעוו, גאַרבן, גאַרבער, דאַרבן, האַר (Herr), האַרב (שווער — herb), האַרבעריג (אכסניא — Herberg), האַרץ (ניט הערץ), וואַרג (פון ווערק, למשל, האַנטוואַרג — האַנטווערק), סאַרווער (פון סערווירן), פאַר (פער), פאַרטיק (ניט פערטיק), פאַרמעט (פון פערגאַמענט), פאַרשוין (פון פערזאָן), קאַרב (Kerbe), שאַרבן (Schurbe), שטאַרבן (sterben), שמאַרץ (שמערץ — אַ נייַ וואָרט מיט בויאַנסירטער באַטייטונג: שמאַרץ, שמאַרצונג — מער פיזישער, בייסנדיקער ווייטאָג, שמערץ — מער גייסטיקער פיין), שפאַרבער (Sperber), שפאַרן (sperren).

אויף דעם סמך איז האַרבסט יידישער ווי הערבסט; אין קורלאַנד, וואו דאָס וואָרט ווערט געברויכט טאַקע אין דער פאָלקסשפּראַך, זאָגט מען טאַקע האַרבסט.

אַנאַלאָגיש איז דאָס דייטשע Lerche פאַריידישט אין לאַרך.

**262.** אויסנאַמען זיינען ערד, פערד, שווערד, גערשט, ווייל דער ע איז דאָ לאַנג, הגם געשלאָסן מיט צוויי קאָנסאָנאַנטן (אין וואַרשעווער נוסח קלינגען די דאָזיקע ווערטער: עיאָרד, פעיאָרד, שוועיאָרד א. אַז. וו.)

**263.** ür, ir = ער, למשל, בערנע (אין ווילנע, פון Birne, אין וואַרשע—באַרנע, אין דרום און אין ליטע—באַר; פאַרהאַן אויך אַ פאָרם בערע: סלוצקער בערעס—אַ באַזונדער סאָרט באַרן), בערדע (ביי ימ״ל—העלם, ער האָט אַ בערדע—ער האָט פאַרשפּילט, מסתמא פון Bürde, הגם אין באַטייטונג דעקט זיך עס ניט), ווערדע (פון ווירדע, דעריבער: מערקווערדיק, אומווערדיק, דענקווערדיקייט—ריכטיקער ווי מערקווירדיק, אומווירדיק, דענקווירדיקייט), ווערגן (würgen), ווערפל (אין באַלטישן יידיש, למשל, אין שאַוול—אַ דריידל, פון Würfel), ערגעץ (פון אירגענד), פערטל, פערצן, פערציק (פון פיר, ווייל עס קומט צו נאָכן ר אַ קאָנסאָנאַנט; די באַלטישע פאָרם פירטער איז אַ דייטשמערישער פּראָווינציאַליזם).

**264.** די פּוילישע און דרומדיקע אויסשפּראַך קען אין דעם פּרט כמעט קיין אויסנאַמען ניט. אַזוי, למשל, געפינען מיר ביי ימ״ל אַזעלכע פאָרמען, כאַראַקטעריסטישע פאַר דעם פּויליש-דרומדיקן יידיש: הערצן (אירצן), הערש (אין דער ליטע קומט פאָר נאָר אַלס אייגננאָמען, בכלל אָבער הירש), געווערץ (געווירץ), טערקלטויב (טירקלטויב), מערמלשטיין (מירמלשטיין), מערביק (אין דער ליטווישער פאָלקסשפּראַך—מירביק, ד. ה. צעשיטעוודיק, למשל, דער קוגל איז מירביק), פערשט (פירשט), צערקל (צירקל), קערזשנער (קירזשנער) א. אַנד. ביי נ״ב באַגעגענען מיר די פאָרם פאַרערט = פאַרבלאָנדזשעט (verirrt). אין פּוילישן דיאַלעקט קלינגט אויך דאָס וואָרט שירים—שערים, באַשירימען—באַשערימען א. ד. גל.

**265.** אין טייל פאַלן האָט זיך אָבער ür (ir) געענדערט גלייך אויף אַר, למשל, באַרשט (Bürste), גאַרטל (Gürtel), וואַרגן (אין ליטווישן יידיש—ווערגן, לויטן כלל), צאַרנען (zürnen, אָבער אויך—דערצערענען), קאַרש (Kirsche), פאַרשאַרצן (נאָר אין פּוילישן יידיש = פאַרקאַשערן, פון schürzen, אָבער שערץ פון שירץ—לויטן כלל).

בהסכם דערמיט האָט זשיטאָמירסקי פאַריידישט דאָס דייטשע Wirbel אין וואַרבל (קנאָפּביינדל, חוליה).

**266.** די פּוילישע, בפרט די וואַרשעווער אויסשפּראַך רעדט בכלל אָפּט אַרויס דעם ע פאַרן ר אַ, למשל, לערנען—לאַרענען, פערטל—פאַרטל, באַשירימען—באַשאַרימען, תּירוץ—טאַרוץ א. אַנד. הגם ביי פּ. געפינען מיר דווקא די פאָרם פערפל לגבי דעם ליטווישן נוסח פאַרפל (זאָל דאָס שטאַמען פון Würfel—דורך אַסימילאַציע פון וו וואָרט-איין אין פ צוליב דעם פ אין צווייטן טראַף?).

**267.** ur=אָר, למשל, גאָרגל (Gurgel), דאָרשט (ניט דורשט), וואָרצל (ניט וואורצל), וואָרים (ניט וואורים), פאָרכט (ניט פורכט; ביי אַנשלען האָבן

מיר שוין וואָרכטן), נאָר (ניט נור), מוילוואָרף (ניט מוילוואורף); דיאַלעקטיש האָבן מיר שטאָרים=ווינט (אָנשטאָט שטורימווינט — ביי נ״ב), צעמאָרשטן (אין פוילישן יידיש, אויך ביי פּ. — אָנשטאָט צעמורשטן), חָרבן (אין פּוילישן יידיש — אָנשטאָט חורבן, הגם אויך אין העברעאיש איז דאָ די פאָרם חָרבן) און אפילו דאָרך, קאָרץ (אָנשטאָט דורך, קורץ — וואַרשעווער נוסח). אָבער אין וואורשט איז ור ניט געענדערט אין אָר (וואָרשט), ווייל מסתמא אַ ביי וואָרט. אין פּורים (דערהויפּט אין ליטווישן יידיש) איז געבליבן דער אַלטער ור לגבי דעם בייעם אָר אין פאָרם. אין אַלט=יידיש איז אויך געווען די פאָרם אָרזאַך אָנשטאָט אורזאַך.

**268.** דער וואָלינער דיאַלעקט האָט דעם ור אין דאָס רוב פאַלן, דערהויפּט אין סלאַווישע ווערטער, געענדערט אין ער; אַזוי, למשל, געפינען מיר ביי ימ״ל אַזעלכע פאָרמען: בעריק (בוריק), בערע (בורע), בערשטין (בּורשטין), דערך (דורך), טערמע (טורמע), מערעשקע (מוראַשקע), סערדוט (סורדוט), קערטקע (קורטקע), קערץ (קורץ), שטערכען (שטורכען), שטערים (שטורים), שנערעווען (שנורעווען), א. אז. וו.

די דאָזיקע פאָרמען דאַרף מען דערקלערן אַזוי: דער ן פאַר דעם ר=קלאַנג איז לכתּחילה אַריבער אין י (לויטן כלל פון § 82) און יר איז אַלזאָ אַריבער אין ער (לויט § 260).

אַנאַלאָגיש איז אין פּוילישן יידיש געענדערט דער נאָמען פון דער שטאָט גורא אין גער.

**269.** אין אַ אויסגאַבע פון רבּ נחמן בּראַסלאַווערס מעשהלעך האָב איך געפונען אַ כאַראַקטעריסטישע אויסלייגונג פון א יי ר אָנשטאָט אַ ר: איירן, דיירן, ביירן, שפּיירן (אַרן, דאַרן, נאַרן, שפּאַרן). וואָס פאַר אַ פאָנעטישע ערשיינונג פון וואָלינער יידיש ליגט הינטער דער דאָזיקער אויסלייגונג, איז מיר אומבאַקאַנט.

**270.** די ווירקונג פון כ אויפן וואָקאַל וואָס פאַר אים ווייזט זיך אין ליטווישן יידיש אַרויס נאָר אין דער אומבאַטאָנטער ענדונג, וואו יעדער וואָקאַל פאַרן כ גייט אַריבער אין אַ (ז. § 161). אין באַטאָנטן טראַף אָבער בלייבט דאָס ליטווישע יידיש ביי דעם לכתּחילהדיקן וואָקאַל, למשל, איך, קיך, ליכט, ציכטיק, שלעכט א. אז. וו., אין דער צייט וואָס דער דרומדיקער דיאַלעקט ענדערט אים אין ע, למשל, עך, קעך, לעכט, צעכטיק א. אז. וו. און דער פּוילישער דערגייט ביזן פּתח, למשל, יאַך (וואַרשעווער נוסח), קאַך, לאַכט, שלאַכט, שאַכטן (שעכטן) א. אז. וו.

באַזונדערס איז די פאָלקס=שפּראַך פון דרום אויסגעהאַלטן אין דעם פּרט און אפילו אין זעלטן געבּרויכטע אָדער אין סלאַווישע ווערטער איז דאָרט דער וואָקאַל פאַר כ אַריבער אין ע, למשל, שעכטע (שיכט), פּרעכפּערן זיך (פּרוכפּערן זיך), פּעך (פּוך), דעכען (דיכען), גֶעכֶנֶע (נכנע) א. אַז. וו.

**271.** די ווירקונג פון נג און נק באַשטייט אין דעם, וואָס זיי דיפטאָנגירן דעם פריערדיקן וואָקאַל, למשל, לענגער ווערט אויסגערעדט לעינגער, ענג=

לאַנד—עינגלאַנד, ברענגען—ברעינגען, דענקען—דעינקען, שענקען—שעינקען, א. אַז. וו. אין מאַנכע געגנטן פון דער ליטע: לאַנג—לאַינג, פאַנגען—פאַינגען, געהאַנגען—געהאַינגען, קראַנק—קראַינק, געדאַנק—געדאַינק א. אַז. וו. געהאָנגען—געהאָינגען, געשאָנקען—געשאָינקען.

272. די צווייטע טבע פון דעם קלאַנגענקאָמפּלעקס נג. אָדער נק באַשטייט אין דעם, וואָס נאָך זיי פּאַרלירט דער נ זיין סאָנאַנטישקייט און מוז צום בילדן אַ טראַף האָבן דעם וואָקאַל ע, למשל, קרי—גן, אָבער זינ—גען, לע—קן, אָבער דענ—קען א. אַז. וו. (גענויער וועגן דעם ביים באַהאַנדלען די טראַפּבילדנדיקע קאָנסאָנאַנטן).

## די איבערשטעלונג פון די קלאַנגען.

273. די איבערשטעלונג פון די קלאַנגען (טראַנספּאָזיציע) באַגעגנט זיך אין גבול פון דער יידישער שפּראַך נאָר אין די פּראָווינציעלע ריידענישן פון דער פאָלקסשפּראַך, למשל, קערניצע אָנשטאָט קרעניצע, באָדנער (ביי ימ״ל— אָנשטאָט באָנדער), בורשטין אָנשטאָט ברושטין. מיט איבערשטעלונג קען אפשר אויך דערקלערט ווערן די עטימאָלאָגיע פון וואָרט פּאַלמעסן—פון באַלזאַמירן.

די איבערשטעלונג פון וואָקאַלן האָבן מיר אין דער פאָלקסשפּראַך אין אַזעלכע ווערטער, ווי בורליאַנט אָנשטאָט בריליאַנט, בורלאָקל (ביי ימ״ל— אָנשטאָט ברעלאָקל) א. אַנד.

דער יידישער קלעזמער־זשאַרגאָן ניצט אויס די דאָזיקע איבערשטעלונג אַלס מיטל פאַר דער וואָרטבילדונג, למשל, רעפּטעלע—פּערטעלע (אַ מטבע פון 25 קאָפּיקעס).

274. דיאַלעקטיש איז אויך דער איבערגאַנג פון וואָקאַלן אין קאָנסאָ־נאַנטן און פאַרקערט, למשל, אויער—עווער, רויע—רעווע, טעות—טאָוועס, דווקא—דייקע, באַדויערן—באַדאָווערן, פאַרטרויען—פאַרטראָווען, פּאָרצעליי— porzelan (דאָס לעצטע וואָרט אַלגעמיין־יידיש).

## קאַפּיטל צוויי.

# אָרטאָגראַפיע.

### די שריפט.

1. די קלאַנגען פון דער שפּראַך, וואָס דער אויער הערט, איבערגעבן אין אָנזיכטיקע סימנים פאַרן אויג, הייסט שרייבן. ניט גלייך איז דער מענטש געקומען צום שכל צו פאַרצייכענען דורך באַזונדערע שרייבצייכנס—אותיות— די קלאַנגען, אויף וועלכע דאָס וואָרט ווערט צעלייגט. לכתחילה איז די קונסט פון שרייבן באַשטאַנען אין דעם, וואָס מ׳פלעגט איבערגעבן ניט די באַזונדערע קלאַנגען פון די ווערטער, נאָר די פאָרשטעלונגען גופא, וואָס די ווערטער דריקן אויס; די פרימיטיווע שריפט איז געווען אַ בילדערשריפט (פּיקטאָגראַפיע), וועלכע פלעגט פּשוט אויסמאָלן די זאַכן, וועגן וועלכע עס האָט זיך געהאַנדלט. מוסטערן פון פיקטאָגראַפיע געפינען מיר נאָך ביי די הייבטיקע ווילדע פעלקער. מיט אייניקע פיקטאָגראַפישע צייכנס באַנוצן מיר זיך אפילו ביי אונזער מאָדערנער שרייב־סיסטעם; אַזוי, למשל, געהערן צו דער פיקטאָגראַפיע דער צייכן, מיט וועלכן מיר פאַרבייטן אין דער געאָמעטריע דאָס וואָרט דרייעק, דאָס בילד פון אַ האַנט מיט אַן אויסגעשטרעקטן פינגער, וואָס דאַרף ציען די אויפמערזאַמקייט אָדער אָנווייזן די ריכטונג, די בילדער פון אַ האַק, אַן עמער, אַ לייטער אויף די הייזלעך אין די רוסישע דערפער אויף אָנצוווייזן, מיט וואָס דער באַלעבאָס דאַרף קומען צו אַ שרפה א. אַז. וו.

2. אַ העכערע מדרגה האָט דער שכל פון שרייבן דערגרייכט אין דער אידעאָגראַפיע, וואָס פאַרצייכנט נאָך אַלץ ניט די באַזונדערע קלאַנגען, אָבער די געגנשטאַנדן מאָלט זי ניט אין בילדער, נאָר זי גיט זיי איבער גראַפיש דורך אָפּגעמאַכטע צייכנס, דורך סימבאָלן. די אידעאָגראַפישע שרייב־סיסטעם האָט געהערשט ביי די מצרים (היעראָגליפן) און איז נאָך איצט דאָ ביי די כינעזער. די מעלה פון אידעאָגראַפישער שריפט איז, וואָס מ׳קאָן זי ביז אַ געוויסן גראַד לייענען, אפילו ניט קענענדיק די שפּראַך פון דעם שרייבער; אַזוי, למשל, ווערן די כינעזישע שרייבצייכנס געלייענט סיי פון די יאַפּאַניער סיי פון די קאָרעער אויף זייער לשון. אָבער די אידעאָגראַפיע מיט איר

טויזנטער צייכנס איז אומגעהייער שווער אויסצולערנען און זי האט געמוזט אפטרעטן איר ארט דער באקוועמערער סיסטעם — צו פארצייכענען די קלאנגען, הגם עד־היום באנוצן מיר זיך נאך אויך מיט אידעאגראפישע צייכנס, ווי למשל, די ציפער, דער צייכן פון גלייך =, דער צייכן פון כפל ×, דער צייכן פון פארשטריכלונג " א. אז. וו.

**3.** גאר ניט צו פארגלייכן אין לייכטקייט איז אונזער שרייב־סיסטעם לגבי דער פיקטאגראפיע אדער אידעאגראפיע. אנשטאט גראפיש אויסצודריקן דעם געגנשטאנד גופא, פארצייכנט זי נאר זיין נאמען, איבערגעבנדיק דורך אותיות די קלאנגען, פון וועלכע דער דאזיקער נאמען באשטייט. שווער איז געווען צו דערגיין צו אזא סיסטעם, ווייל אפריער האט מען געדארפט באמערקן, אז די ווערטער ווערן צעגלידערט אויף טראפן און קלאנגען. אבער הארב איז מען דערצו געקומען, האט מען עס זיך שוין לייכט געקענט אויסלערנען, ווארים מ׳האט געדארפט געדענקען נאר א קליינע צאל צייכנס.

## די שריפט ביי די יידן.

**4.** ווען און אין וועלכער פארם די שריפט איז בכלל געקומען צו די יידן, לאזט זיך ניט דערוויזן. די בארימטע בריוו, וואס מ׳האט געפונען אין אמארנא, ווי אויך די בריוו, וואס מ׳האט געפונען אין תענך, וויזן, אז בשעת דעם 3־טן און 2־טן יארטויזנט פאר קריסטוס איז אין פאלעסטינע געווען פארשפרייט די בבלער פלעקל־שריפט. די יידן האבן אלזא אין אנהייב, ווייזט אויס, זיך אויך באניצט מיט דער דאזיקער שריפט. אבער אין פאלעסטינע האט מען שוין גאנץ פרי געברויכט אויך די נייע שרייב־סיסטעם, די אותיות־שריפט אדער די קאנסאנאנטן־שריפט, די עלטסטע מאנומענטן פון דער דאזיקער שריפט, ווי, למשל, דער שטיין פון מישע מלך מואב (840), דער לייבנזיגל פון מגידו (פון דער צייט פון ירבעם דעם 1־טן אדער דעם 2־טן), די קאנאל־אויפשריפט אין דעם שילוח־טונעל ביי ירושלים פון יחזקיהוס צייט א. אנד. ווייזן אין דער פולקומקייט פון די צייכנס, אז זי איז שוין געווען געברויכט נאך א לאנגע צייט פריער. צי די דאזיקע שריפט, וואס איז שוין געבויט אויף דעם קלאנגענפרינציפ, האבן אויסגעטראכט די צידונים, ווי מ׳האט עס געהאלטן ביזאהער, אדער זי שטאמט פון דער עגעאישער זילבנשריפט צי פון דעם אלט־גרעקישן אלף־בית און די פלשתים האבן זי פון דאנען אריבערגעבראכט קיין כנען, אלנפאלס האט זי זיך אויסגעבילדעט ערשט אויפן סעמיטישן באדן און פון דאנען זיך איינגעבירגערט אין דער גאנצער גריכיש־רוימישער קולטור־וועלט, קודם־כל דורך דער פארמיטלונג פון די פעניקיער, פון וועמען די גריכן האבן זי איבערגענומען און געמאכט צום אויסגאנגס־פונקט פון אלע אייראפעאישע שרייב־אופנים.

**5.** די דאזיקע עלטסטע העבראישע שריפט האט געהערשט ביי די יידן

אַן ערך ביז נחמיהן, הגם אויף די מטבעות באַגעגנט זי זיך אויך אַ סך שפּע־טער, אפילו אונטער די רוימער. אַבער נאָך גלות בבל האָבן די יידן אָנגענו־מען אַ נייע שריפט, די אַראַמעאישע, וואָס, לויט דער יידישער מסורה, האָט זי עזרא מיטגעבראַכט פון בבל, און זי הייסט דעריבער כּתב אשורי, אַ שורישע שריפט. די דאָזיקע שריפט האָט זיך אין משך פון דער צייט אויסגעבילדעט און פאַרפיינערט, ביז זי האָט באַקומען די פאָרם, אין וועלכער מיר קענען זי איצט, די אַזויגערופענע קוואַדראַט־שריפט אָדער כּתב מרובע (דאָס רוב אותיות האָבן אַ גלייכע הייך און ברייט).

**6.** די דאָזיקע שריפט האָבן די יידן פאַרווענדט אויך פאַר די אַנדערע לשונות, מיט וועלכע זיי האָבן זיך באַנוצט זינט דער אַראַמעאישער תקופה. פאַר דער יידישער שפּראַך איז באַנוצט געוואָרן אַ וואַריאַציע פון דער דאָזיקער שריפט, די אַזויגערופענע ווייבערטייטש־שריפט אָדער משקט, נאָענט צו רש״י־כּתב. נאָר אין אויסנאַם־פאַלן האָבן זיך יידישע ספרים געדרוקט אין קוואַדראַט־שריפט, ווי, למשל, דער ספר פון אהרן בר׳ שמואל מהערגרשליתה „ליבליכה תפלה אודר גרעפטיגה אַרטצנייא פאַר גוף און נשמה" (1709), וואו דער מחבר טרעט בכלל אויף אַלס רעוואָלוציאָנער, פאָדערנדיק, מ׳זאָל אפילו דאַווענען אין יידיש. ערשט פון דער חסידישער עפּאָכע, אין אָנהייב פון XIX יאָרהונדערט, ווערן די יידישע ספרים אַלץ מער געדרוקט אין דער קוואַדראַט־שריפט, וועלכע האָט שוין איצט כּמעט אינגאַנצן אַרויסגעשטויסן די אַלטע ווייבערטייטש־שריפט אפילו פון רומל־אויסגאַבן.

## דער העברעאישער אלף־בית.

**7.** אַזוי ווי אַלע סעמיטישע אַלפאַבעטן, באַשטייט אויך דער העברעאישער אלף־בית פון לויטער קאָנסאָנאַנטן און נאָר אייניקע פון זיי האָבן אין זיך אַ מין פּאָטענץ פון וואָקאַלן. די דאָזיקע ערשיינונג שטימט אייגנטלעך מיט דער עצם נאַטור פון די וואָקאַלן און קאָנסאָנאַנטן. מיר האָבן שוין געזעען, אַז אויך אין דער יידישער שפּראַך זיינען די וואָקאַלן אַ גאַנץ באַוועגלעכער עלעמענט. נאָך באַוועגלעכער זיינען זיי, ווייזט אויס, געווען אין די סעמיטישע שפּראַכן, אַזוי אַז ס׳איז געווען שווער גענוי אויפצוכאַפּן זייער מיטן אויער. דערמיט דערקלערט זיך אויך, וואָס דער וואָרצל־באַגריף, דער שורש פון וואָרט ליגט דערהויפּט אין די קאָנסאָנאַנטן; בפרט איז דאָס כּלל אין דער העברעאישער שפּראַך, וואו כּמעט אַלע שרשים באַ־שטייען פון דריי קאָנסאָנאַנטן, אין וועלכע עס שטעקט דער הויפּט־באַטייט פון דעם וואָרט, בשעת ווען די זיך בייטנדיקע וואָקאַלן דינען נאָר צום אויסדריקן די פאַרשיידענע מאָדיפיקאַציעס פון דעם הויפּט־באַגריף.

**8.** כּל־זמן העברעאיש איז געווען אַ לעבעדיקע פאָלקסשפּראַך, האָט מען גאַנץ לייכט געקענט אויסקומען אָן אַ גראַפישער באַצייכענונג פון די וואָקאַלן; דער לעזער האָט אַלעמאָל לייכט זיך געקענט אָנשטויסן, מיט וועלכער קלאַנג־פאַרב צו לייענען דעם אָדער יענעם קאָנסאָנאַנט. דאָך האָבן זיך שוין דאַמאָלסט

אָנגעהויבן אויסצובילדן צייכנס פאַר וואָקאַלן: די קאָנסאָנאַנטן **א, ו, י, ה** האָט מען ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו פאַרווענדן אַלס וואָקאַל-אותיות, הגם ניט גאָר סיסטעמאַטיש און אויסגעהאַלטן.

**9.** אַז די העברעאישע שפּראַך איז אָבער געוואָרן אויס אומגאַנגשפּראַך און ס'איז אַלץ שווערער געוואָרן צו לייענען די ריין קאָנסאָנאַנטישע שריפט, אַזוי אַז מ'האָט אָנגעהויבן מורא צו האָבן סוף-כל-סוף צו פאַרלירן די אמתע אויסשפּראַך, האָט מען ממציא געווען ספּעציעלע וואָקאַל-צייכנס—נ ק ו ד ו ת. וועגן דער אַנטשטייאונג פון די נקודות פעלן דירעקטע ידיעות, אָבער אויפן גרונד פון פאַרשיידענע אַנדערע היסטאָרישע פאַקטן לאָזט זיך דרינגען, אַז די וואָקאַליזאַציע פון העברעאיש איז דורכגעפירט געוואָרן אַרום VI, VII יר"ה.

**10.** די אותיות פון דעם העברעאישן אלף-בית זיינען 22 אין צאָל און גייען אין אַזאַ סדר:

א, ב, ג, ד, ה, ו, ז, ח, ט, י, כ, ל, מ, נ, ס, ע, פ,
צ, ק, ר, שׁ—שׂ, ת.

אַז דער דאָזיקער סדר פון די אותיות אין אלף-בית איז שוין זייער אַלט, האָבן מיר אַ ראיה אין די פאַרשיידענע אַקראָסטיכישע קאַפּיטלען פון תנך, וואו די פסוקים גייען נאָכן אלף-בית (למשל, די קאַפּיטלען תהילים כה, לד, לז, קיא, קיב, קיט, קמה, די קאַפּיטלען איכה א—ד, דער שיר פון משלי „אשת חיל"). אויך אין דעם אוראַלטן „אורים ותומים" האָבן מיר אַ סימן, אַז נאָך גאָר פאַרצייטנס זיינען א און ת געווען דער אָנהייב און דער סוף פון דעם אלף-בית.

**11.** וועגן די נעמען פון די אותיות אין העברעאיש זיינען פאַראַן אַ סך שכלדיקע סברות; מיט די דאָזיקע נעמען הייסן זיי נאַטירלעך אויך אין יידיש, הגם אויסגערעדט לויט דער יידישער פאָנעטיק. אות יֻד הייסט אין יידיש יוד, ווייזט אויס, אַ פאָלקס-עטימאָלאָגיע מיט יוד (יהודי, ייד; פרגל. דעם אויסדרוק „דאָס פּינטעלע ייד"); דער אות צדי הייסט אין יידיש צדיק, משמעות, על-פּי אַנאַלאָגיע מיט דעם וואָרט צדיק (פרגל. דעם אויסדרוק „אַ צדיק אין פעלץ").

**12.** פינף פון די אותיות, פאַרבונדן פון די העברעאישע מדקדקים אין דעם געדענק-וואָרט כַּמְנַפֶּץ, האָבן סוף וואָרט אַן אַנדער געשטאַלט און הייסן אין יידיש אַזוי: ך—לאַנגע כף, ם—שלאָס-מים (געשלאָסענער מים), ן—לאַנגע (אָדער גלייכע) נון, ף—לאַנגע פֶא, ץ—לאַנגע צדיק. אין ווילנע הייסן זיי פשוט ע נ ד ע-אותיות: ענדע-כף, ענדע-נון, א. אַז. וו. אין אַלט-יידיש האָבן זיי געהאַט אַזעלכע נעמען (לויט וואַגנזייל און זעליג): של'כטער-כף, געשלאָסען מים און שלאָסע-מים, שלעכטע נון, אופע אָדער אָפּע (ף), שלעכטע צדיק.

לגבי דעם הייסן די דאָזיקע אותיות אין זייער געווייינלעכער געשטאַלט מיט דעם תואר קרומע: קרומע כ, קרומע נ, קרומע פ, קרומע צ; מ הייסט לויט וואַגנזייל אָפן-מעם, לויט זעליג—אָפע-מעם.

**13.** צוליב דעם פעלן פון באַזונדערע ציפערס האָט מען די אותיות פון דעם העברעאישן אלף-בית באַנוצט אויך אַלס צ אָ ל צ יי כ נ ס. די עלטסטע שפּורן

פון דעם דאָזיקן געברויך זיינען אונז פאַרבליבן אויף די מטבעות פון דער חשמונאישער עפּאָכע. שפּעטער האָט מען די צאָל־אותיות פאַרווענדט דערהויפּט צו באַצייכענען די קאַפּיטלען און פּסוקים פון תּנך. די איינציקע ווערן באַצייכנט דורך די אותיות א—ט, די צענדליקע—דורך י—צ, 100—400 דורך ק—ת, די צאָלן פון 500 ביז 900 דורך ת (400), צולייגנדיק די איבעריקע הונדערטער, למשל, תר (600). ביי צונויפגעזעצטע צאָלן שטייט די גרעסערע אַפריער, למשל, יא=11, קכא=121. 15 און 16 ווערן אויסגעדריקט דורך טו (9+6) און טז (9+7) אויס יראת־הכבוד צו די באַצייכענונגען יה און יו, וועלכע זיינען טיילן פון גאָטס נאָמען.

## די געשיכטע פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע.

**14.** די היינטיקע יידישע אָרטאָגראַפיע, ד. ה. די סיסטעם [אונזערע אויסצולייגן, פיקסירן אין שריפט די קלאַנגען פון דער יידישער שפּראַך, איז אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגער הונדערטער־יעריקער אַנטוויקלונג, און די גע־שיכטע פון דער דאָזיקער אַנטוויקלונג איז נאָך ניט אויסגעפאָרשט און ניט פעסטגעשטעלט אין אַלע אירע מאָמענטן און פּרטים. פאַר דער דאָזיקער גע־שיכטע פעלן נאָך אפילו די נייטיקע פאָראַרבעטן, אַוועקגעקוקט פון די ווייני־קע פאָרשונגען אין דעם ענין פון גידעמאַן, אלעזר שולמאַן, אַלפרעד לאַנדוי, נח פּרילוצקי, מ. ווייגנער א. אַנד. ס'איז דעריבער אַ גאַנץ שווערע אויפגאַבע צו געבן אַ געַנויג גרינדלעכן איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע מיט די אַלע חידושים, שינויים און תּיקונים, מיט די אַלע ניטאויסגעהאַלטנקייטן, אומפּינקטלעכקייטן און גרייזן, וואָס זיינען אין פאַר־שיידענע צייטן אין איר איינגעפירט געוואָרן.

**15.** דער וויכטיקסטער מאָמענט אין דער געשיכטע פון דער יידישער אָר־טאָגראַפיע איז דער ערשטער פאַקט אירער—וואָס זי איז אויפגעבויט געוואָרן אויף דעם העברעאישן אַלף־בית, אַלזאָ אויף אַ אַלפאַבעט, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן גאָר פאַר אַן אַנדער מין שפּראַך מיט אַן אַנדער קלאַנגענסיסטעם. צו־פאַסן דעם אַלף־בית פון דעם אַלטן סעמיטישן העברעאיש פאַר דער נייער יידיש־דייטשער שפּראַך איז געווען ניט קיין לייכטע אויפגאַבע, און דערמיט האָבן די אַלטע יידישע גראַמאַטיקער אָפּגעטאָן איינע פון די גרעסטע זאַכן. קודם־כּל האָט מען געמוזט געפינען מיטלען אויף איבערצוגעבן די פאַרשיידענע וואָקאַלן פון דער ניי־איבערגענומענער שפּראַך. אין דעם העברעאישן אַלף־בית זיינען, ווי גע־זאָגט, געווען נאָר שוואַכע סימנים פון וואָקאַלן, אין די אַזוי־גערופענע אמות־הקריאה א, ו, י, ה.

**16.** פאַרווענדנדיק דעם העברעאישן אַלף־בית פאַר דער ניי־איבערגע־נומענער דייטשער שפּראַך, האָבן די אַלטע יידישע גראַמאַטיקער פון אָנהייב אָן געשטרעבט אויפצובויען די יידישע שרייב־סיסטעם אויף דעם יסוד פון דער

אייראָפּעאישער טראַנסקריפּציע, באַצייכענענדיק דורך באַזונדערע אותיות ניט נאָר די קאָנסאָנאַנטן, נאָר אויך די וואָקאַלן. דאָס איז געווען אַ גרויסער אויפטו, וואָס האָט געשאַפן דעם אויסגאַנג־פּונקט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע. אמת, גאָר קיין חידוש איז עס ניט געווען פון די אַלטע יידישע גראַמאַטיקער, וואָרים אין דעם פּרט האָבן זיי שוין געהאַט פאַר זיך אַ גאַנץ לאַנגע טראַדיציע. נאָך דער תּלמוד, וואָס איז בכלל ניט וואָקאַליזירט, האָט פאַר די פרעמדע ווערטער, די גריכישע און לאַטיינישע, וועלכע קומען אין אים פאָר אין אַ גאַנץ גרויסער צאָל, באַנוצט די העברעאישע אמות־הקריאה אַלס צייכנס פאַר די וואָקאַלן, פּיקסירנדיק דעם a דורך א, למשל, פּרוקוראַטור (פּראָקוראַטאָר), און וואָרט־אויס אויך דורך ה, למשל, מוניטא און מוניטה (מאָנעטאַ), מטרונא און מטרונה (מאַטראָנאַ), אָדער דורך דער קאָמבינאַציע פון א און ה, למשל, אלכסנדריאה (אַלעקסאַנדריאַ); דעם o — דורך ו, למשל, פּורמא (פאָרמאַ), פּילוסופוס (פילאָסאָפאָס), פּודגרא (פאָדאַגראַ), אנטונינוס (אַנטאָנינוס), אוקינוס (אָקעאַנאָס), און זעלטענער, וואָרט־איין — דורך א, למשל, ארקלין (oraculum), דעם u — דורך ו, למשל, טריבונוס, דעם i — דורך י, למשל, אגנינה, (agninus), דעם e — דורך י, למשל, איפרכיא (עפּאַרכיאַ) א. אַז. וו. הגם די דאָזיקע סיסטעם צו טראַנסקריבירן די וואָקאַלן איז אין תּלמוד דורכגעפירט אויף אַ העכסט אומקאָנסעקווענטן אופן און אָפט בלייבן דאָרט די וואָקאַלן, אפילו פון פרעמדע ווערטער, אינגאַנצן אומבאַצייכנט, איז זי דאָך געבליבן דער יסוד אויך פאַר דער טראַנסקריפּציע פון שפּאַניש און פראַנצויזיש אין העברעאישער שריפט, דינענדיק פאַר אַ מוסטער אויך די שאַפער פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע.

**17.** אָבער די אותיות א, ו, י, ה האָבן ניט געקענט קלעקן צו באַצייכענען אַלע וואָקאַלן און דיפטאָנגען פון דער ניי־אַריבערגענומענער דייטשער שפּראַך, בפרט אַז מיט די דאָזיקע אותיות האָט מען נאָך געדאַרפט אויך פיקסירן קאָנסאָנאַנטן. דער ה אַלס סימן פאַר אַ וואָקאַל איז פון די עלטסטע יידישע גראַמאַטיקער בכלל ניט אָנגענומען געוואָרן, הגם אין אַ שפּעטערדיקער עפּאָכע, אָנגעהויבן פון XVII יר"ה, האָט ער אָפט געדינט צו פאַרבייטן דעם אומבאַטאָנטן ע דערהויפּט אין דער ענדונג פון די בייוואָרטער פון לשון־נקבה אָדער פון רבים, ווי, למשל, גוטה, ליבה, איינה, מיינה, דיינה, קיינה (אָנשטאָט גוטע, ליבע, איינע, מיינע, דיינע).

דערמיט דערקלערט זיך, וואָס די יידישע אָרטאָגראַפיע האָט איין און דעמזעלביקן אות געמוזט פאַרווענדן פאַר פאַרשיידענע וואָקאַלן, וואָס האָט, נאַטירלעך, געפירט צו אַ געוויסער צווייידייטיקייט אין דער אויסלייגונג; מאַנכע וואָקאַלן, בפרט די קורצע און אומבאַטאָנטע, דינען בכלל געבליבן אומבאַצייכנט, לויט דעם מוסטער פון דער העברעאישער שרייב־סיסטעם, און פאַר דער פיקסאַציע פון די דיפטאָנגען, וואָס זיינען בכלל געווען פרעמד דער העברעאישער שפּראַך, האָט מען געזוכט צו קאָמבינירן צוויי און אפילו דריי אותיות

צוזאַמען. און אויב די אַלטע יידישע גראַמאַטיקער האָבן ווייניק־וואָס מחדש געווען, פאַרוועגדנדיק דעם א פאַר אַ פּתח אָדער אַ קמץ, דעם ו—פאַר אַ קמץ אָדער אַ מלאפום, דעם י—פאַר אַ חיריק אָדער אַ סגול, געהערט זיי אָבער איינגאַנצן דער פאַרדינסט פון שאַפן באַצייכענונגען פאַר די דיפטאָנגען au, ei און eu.

**19.** נאָך גרעסער איז אָבער געווען דער אויפטו זייערער איינצופירן אַ בייע באַצייכענונג פאַר דעם קלאַנג e דורך דעם אות ע. פאַרווענדן דעם ע אַלס וואָקאַל־אות איז באמת געווען אַ חידוש פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע, וואָרים אין העברעאישן אַלף־בית האָט דער ע באַצייכנט בלויז אַ קאָנסאָנאַנט, אַ ספּעציפישן גאָרגל־קלאַנג, און איז קיינמאָל, ניט אין תּנך, ניט אין תּלמוד, ניט שפּעטער אין שפּאַניאָליש, ניט פאַרווענדט געווען אַלס אַ „לייענמוטער" אַזוי ווי אמות הקריאה א, ו, י, ה.

**20.** דעם ע אַלס צייכן פאַר אַ וואָקאַל טרעפט מען שוין אין דער סיסטעם פון דער יידישער אויסלייגונג אין XIII יר"ה. די פראַגע, ווי אַזוי די אַלטע יידישע אָרטאָגראַפן זיינען געקומען צו דעם דאָזיקן אויפטו, האָט שטאַרק פאַרנומען די פאָרשער פון דער יידישער שפּראַך. אַוועלאַלעמאַן גיט אָפּ גאַנצע צוויי זייטן פון זיין גרויסער אַרבעט איבער יידיש דער דאָזיקער פראַגע. אָבער זיינע, אפילו זייער שכלדיקע, דערקלערונגען האָבן ניט קיין שום גרונד. לויט גייגער איז דער ע מיט דער דאָזיקער פונקציע זייגער אויפגעקומען ביי די דייטשע יידן ערשט אין די לעצטע יאָרהונדערטער, און אָט פאַרוואָס: די לייענמוטער י, וואָס באַצייכנט אויך דעם צירה אַלס e־קלאַנג, איז געווען גאַנץ נאַטירלעך צו געברויכן אַלס סימן פון דעם וואָקאַל e אין דער מוטערשפּראַך פון די יידן, וואָס ריידן אויס די וואָקאַלן לויט דער ספרדישער הברה (וואָרים לויט דער ספרדישע אויסשפּראַך באַטייט דאָך דער צירה דעם וואָקאַל e); אָבער פאַר די דייטשע יידן, וועלכע ריידן אַרויס דעם צירה ווי אַ דיפטאָנג (ei), איז דער י ניט געווען קיין e־קלאַנג, זיינען זיי געווען געצוואונגען אָנצונעמען פאַר e אַן אַנדער אות. קעגן דער דאָזיקער סברא גייגערס טרעט אַרויס שטיינשניידער, וועלכער וויל האָבן, אַז די אויסשפּראַך פון צירה ווי ei איז ניט אַ דייטשע, נאָר אַ פּוילישע, העכסטנס—אַ סלאַווישׂ־צפון־דייטשע, און ס'איז, לויט זיין מיינונג, נאָך אַ גרויסע שאלה, צי די דאָזיקע אויסשפּראַך איז עלטער פאַר דעם געברויך פון ע אַלס סימן פאַרן וואָקאַל e (וועלכן מיר טרעפן שוין, ווי געזאָגט, אין XIII יר"ה). שטיינשניידער האַלט, אַז אין יידיש האָט דער ע לכתחילה באַצייכנט אַ מיטקלאַנג צווישן a און e אָנשטאָט א. אינטערעסאַנט איז, אַז דעם ע פאַר דעם e־קלאַנג האָבן מיר אויך אין מ אַ נ ד ע אי ש, ד. ה. אין דעם אַראַמעאישן לשון (נאָענט צו דעם לשון פון תּלמוד בבלי) פון דער יידיש־קריסטלעך־געצנדינערישער סעקטע מ אַ נ ד ע ע ר און בבל. גידעמאַן וויל דערקלערן די פאַרווענדונג פון ע פאַר דעם וואָקאַל e דורך דער ענלעכקייט פון דעם העברעאישן אות מיט דעם דייטשן.

**21.** ווי די מעשה איז, דער ע אַלס וואָקאַל־צייכן איז געווען אַ גרויסער

אויפטו פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע, און אַדאַנק דעם איז פון דעם י, וועלכער איז פון קדמונים אָן געווען דער טרעגער פון וואָקאַל i און וועלכער האָט אין דער יידישער שרייב=סיסטעם געהאַט נאָך אַנדערע פונקציעס, אַראָפּגענומען געוואָרן די עובדא צו באַצייכענען דעם סגול, דורך וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרן מער איינפאַכקייט און קלאָרקייט אין אויסלייגן יידיש, הגם דער י אַלס סימן פאַר e האָט אין דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע נאָך לאַנג קאָנקורירט מיט דעם ע.

**22.** איינפירנדיק דעם ע אַלס סימן פאַר דעם וואָקאַל e, האָבן די יידישע אָרטאָגראַפן אים פון אָנהייב אָן באַהאַנדלט ניט ווי די וואָקאַל=צייכנס ו און י אָדער זייערע קאָמבינאַציעס (וי, יי), פאַרוועגדנדיק אים אָן דעם פּראָסטע=טישן א, ד. ה. אָן דעם פאָר=אַלף, וואָס ווערט געשטעלט פאַר ו און י (אָדער ייערע קאָמבינאַציעס), ווען זיי הייבן אָן אַ וואָרט אָדער אַ נייעם טראַף (למשל, און, אין, אויס, איין—אָנשטאָט ון, ין, ויס, יין). דער פּראָסטעטישער א איז אַ דירעקטע השפעה פון דער העברעאישער שרייב=סיסטעם, וואו קיין שום טראַף הייבט זיך ניט אָן מיט אַ בלויזן וואָקאַל. דער געברויך פון דעם ע אָן דעם פּראָסטעסטישן א (למשל, עפל, ניט אעפל) דערקלערט זיך גאַנץ פשוט דערמיט, וואָס סיי אין העברעאיש סיי אין תלמוד ווערט דער ע אָפט געברויכט אָנשטאָט דעם פּראָסטעטישן אַלף, צום אָנהייבן דעם טראַף, למשל, עקדה, עושר, עיקר, עדות, ערך, עצם א. אַז. וו. און אפשר דאַרף מען טאַקע אין דער אַנאַלאָגיע פון אַזעלכע ווערטער, ווי ערך, עצם, זוכן די דערקלערונג, ווי אַזוי מ׳איז אין יידיש געקומען צו דער המצאה פון ע אַלס וואָקאַל=אות פאַר e, הגם פון די געבראַכטע ביישפּילן איז שוין קענטיק, אַז דער ע האָט קיין אייגענע קלאַנגפאַרב ניט געהאַט און האָט זיך געקענט פאַרבינדן מיט די פאַרשיידנסטע נקודות; און ווען מ׳געפינט אַפילו אין תלמוד דעם ע אין אַזאַ וואָרט ווי עכידנא, הייסט עס נאָך ניט, אַז ער איז שוין דאַן געווען פאַרווענדט אַלס e, ווי עס ווייזן אונז אַזעלכע ווערטער, ווי עקילוס (אַקילוס), עסיא (אסיא—אַזיע) א. אַנד.

## די סיסטעם פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע אין עברי=טייטש.

**23.** ווי געזאָגט, איז אונזער היינטיקע אויסלייגונג אַ רעזולטאַט פון אַ לאַנגער אַנטוויקלונג אין משך פון הונדערטער יאָרן; אין אירע הויפט=יסודות איז זי אַ דירעקטער המשך פון דער אויסלייגונג, וואָס מיר געפינען שוין אין די עלטסטע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור. די כללים פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע זיינען צוערשט פאָרמולירט און סיסטעמאַטיזירט געוואָרן פון דעם אומבאַקאַנטן מחבר פון דעם יידיש=דייטשן „ספר המדות״, איינעם פון די ערשטע געדרוקטע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור (איזנא, 1542). צום סוף פון דעם דאָזיקן מערקווערדיקן מוסר=ספר געפינען מיר אַ ריי באַמערקונגען, ווי אַזוי צו שרייבן יידיש. מיר ברענגען איניקע פון זיי, ליידער, פון דער צווייטער

האַנט — פון גידעמאַנס „געשיכטע דעס ערציעהונגסוועזענס", וואו זיי ווערן טראַנס־קריבירט אין דייטשער שריפט.

**24. „ערשטליכן איז צו ווישן, דש איין יוד ברינגט איין חיריק אוני איין צירה".**

דער יוד אַלס צייכן פון חיריק איז אויך געבליבן אין אונזער היינטיקער שרייב־סיסטעם. אַקעגן־זשע האָט דער יוד אַלס צירה, ווי, למשל, גין (גיין), זיל (זייל, זעלע), איר (ערע), מין (מיין), דערצילן (דערציילן), א. אַז. וו. ביס־לעכווייז אַלץ מער און מער אָפּגעטראָטן דעם אָרט פאַר ע און יי, איינהאַלטנ־דיק זיך ביז גאָר דער לעצטער צייט נאָר אַלס סימן פון דעם אומבאַטאָנטן ע, למשל, גיוועזן, גיזאַנג, ליבי (ליבע), רייכיר (רייכער) א. אַז. וו.

אין דעם געברויך פון י אַלס סימן פון צירה זעט גידעמאַן אַ זכר פון גאָר אַלטע צייטן, ווען אָנשטאָט דעם e־קלאַנג האָבן די דייטשע ווערטער נאָך געהאַט דעם גאָטישן i, למשל, liban, lisan, פון וועלכע עס איז געוואָרן leben, lesen א. אַז. וו.

**25. „אוני איין אלף ברינגט איין קמץ אוני איין פתח".**

דער דאָזיקער כלל גילט עד־היום אין דער יידישער אויסלייגונג. אָבער אין דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע איז ער דורכגעפירט געוואָרן העכסט אומסיסטעמאַטיש. קודם־כל איז דער אַ אַלס פתח זייער אָפט אויסגעלאָזן גע־וואָרן, למשל, דרפשט=דאַרפסט, מכן=מאַכן, הערשפט=הערשאַפט, שלקהפטיק= שאַלקהאַפטיק א. אַז. וו. וואָס איז שייך דעם קמץ, איז ער אין דער אַלטער אָרטאָגראַ־פיע אַ סך אָפטער באַצייכנט געוואָרן דורך ו, למשל, זול, נוך, דוך, הוט, גוב, מוס, הופן, אודר, אוקז (אָנשטאָט זאָל, נאָך, האָט, גאָב, מאָס, דאָך, האָפן, אָדער, אָקס) א. אַז. וו.

די דאָזיקע באַצייכענונג פון קמץ דורך ו איז איינע פון די כאַראַקטעריסטיש־סטע אין דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע און זי האָט זיך געהאַלטן זייער אַ לאַנג. אין אַ קליינער בראָשור „כללים פון אויש לייגין", וואָס איז געדרוקט, ווייזט אויס, ערשט אין דער צווייטער העלפט פון XIX יר"ה (אין מיין עק־זעמפּלאַר פעלט ליידער דאָס שער־בלאַט מיט דער דאַטע און דעם נאָמען פון מחבר), געפינט זיך אַזאַ כלל: „איין ו איז אַמאָל איין חולם דהיינו אַז מען דאַרף שרייבן בוֹדֶם קומין שרייבט מען אַיין ואו אונ אמאל איז איין ואו אַמי־לופן דהיינו אַז מען דאַרף שרייבן אונטר גינומין אונ אַמאָל איז אַיין ואו אַיין שאַרפּר (ד. ה. קורצער) קמץ, למשל, אַז מען דאַרף שרייבן אודר, אורט".

די פאַרווענדונג פון דעם ו פאַר אַ קמץ דערקלערט זיך מיט דער נעמלע־כער פונקציע זיינער אין דער טראַנסקריפּציע פון די פרעמדווערטער אין תלמוד, פון פראַנצויזיש, פון שפּאַניש. אין שפּאַניאָליש איז דער ו עד־היום דער וואָקאַל־צייכן פאַר דעם קלאַנג o. אויך די יידישע אויסשפּראַך פון אַזעלכע ווערטער, ווי סוד, קול, בכור א. אַז. וו. האָט אפשר מיטגעווירקט, אַז דער ו זאָל אײַן

יידיש איבערגעבן דעם קמץ. דאָך האָט זיך אין משך פון דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע אַלץ מער באַפעסטיקט דער א אַלס סימן פאַרן קמץ, ביז דער ו האָט אינגאַנצן פאַרלוירן די דאָזיקע פונקציע זיינע.

לויט די כללים פון דעם דייטשן יידישיסט זעליג (1792) ווערט דער ו אַלס קמץ פאַרווענדט אָנשטאָט א דערהויפּט אין די ווערטער, וואו דער א קען זיין צווייטייטיק, למשל, וואורט (וואָרט) און ווארט (וואַרט), הגם אין אַנ־דער אָרט דערקלערט זעליג, אַז דער ו גיט איבער צוגלייך אי דעם o אי דעם u.

אין דער נייער צייט האָט פּרילוצקי פאַרגעלייגט אָנצוווענדן דעם ו אַלס צייכן פאַר דעם קורצן o (זע פאָנעטיק § 69).

**26.** „אונ׳ איין וואו ברינגט איין מלאפום אונ׳ איין חולם״.

דער ו אַלס מלאפום איז איינער פון די פעסטסטע כללים אין אונזער אויסלייגונג, סיי דער עלטסטער, סיי דער נייסטער. אַקעגן־זשע, אַלס חולם קומט דער ו דאָס רוב אין פאַרבינדונג מיט אַ י (וי), למשל, ברויכן, שטרויכלן, ורויא (פרוי), גינויא, בויא א. אַז. וו. אויך דער דאָזיקער וי צום אויסדרוק פון דיפ־טאָנג au איז געבליבן כלל אין אונזער אָרטאָגראַפיע, הגם ס׳איז ניט גאַנץ קלאָר, ווי מ׳איז דערצו געקומען.

**27.** „אונ׳ איין עין ברינגט איין סגול״. אָבער אין דער אַלטער יידישער אָר־טאָגראַפיע ווערט דאָך אַלס סגול אָפט געברויכט אַ י, און אויך אין „ספר המדות״ איז ניט פעסטגעשטעלט דער אונטערשייד אין דעם געברויך פון ע און י פאַר דעם e־וואָקאַל. טראַף־איין איז אין דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע אָנשטאָט דעם ע זייער אָפט געברויכט געוואָרן אַן א, דערהויפּט אין דעם לעצטן טראַף ען אָדער ער, למשל, ורויאן (פרויען), פרייאן (פרייען), בויאן (בויען), פייאר (פייער), נייארט (נייערט) א. אַז. וו. פאַר דעם טראַפּבילדנדיקן נ האָט די אַלטע יידישע אָרטאָגראַפיע ניט פאַרווענדט קיין ע, למשל, גיזעגנט, מאַכן, ברויכן, גיזאַלצן א. אַז. וו. און נאָר זעלטן האָט זי דאָ געברויכט אַ י אַלס טרעגער פון טראַף, למשל, גוועזין, קומין. דער י אָנשטאָט ע אין אומבאַטאָנטן טראַף קומט בכלל זייער אָפט פאַר אין דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע, און אָפט איז אויך דער שטייגער אינגאַנצן אים צו לאָזן אומבאַצייכנט, למשל, פאָטר (פאָטער), זיינם (זיינעם), נעמן (נעמען), לייאנן (לייענען) א. אַז. וו.

**28.** „אונ׳ ווען צווייא יודן זיין, זוא איז דיא לעטר די דר פור שטיט אל מאל גפוינטלט מיט איינם פתח אונ׳ דש יוד מיט איינם שווא אונ׳ דש אנדר יוד מאַכט איין צייכן דש עש קיין חירק איז, גלייך אלש איין=ain, צווייא=zwai, דרייא=drai.

אין דעם דאָזיקן כלל זוכט דער מחבר צו דערקלערן, ווי אַזוי איבער־צוגעבן דעם דיפטאָנג ei (ai—לויט זיין אייבערדייטשער אויסשפּראַך): ווען צוויי

יודן שטייען, דאַרף דער אות (לעטער), וואָס פאַר זיי, געלייענט ווערן גלייך ווי=
ער וואָלט וואָקאַליזירט (געפּינטלט) געווען מיט אַ פּתח און דער ערשטער יוד
נאָך אים מיט אַ שווא, ד. ה. אַיְ; דער אַנדער יוד דינט נאָר אַלס סימן („מאַכט
איין צייכן"), אַז דער ערשטער יוד איז ניט קיין חיריק (וואָרים שרייבנדיק אַיִן
צוויא, דריא, וואָלט מען דאָך דעם יוד געקענט אָננעמען אַלס חיריק).

גידעמאַן איז ניט מסכּים מיט דער דאָזיקער דערקלערונג פון דעם גע=
ברויך פון יי פאַרן דיפטאָנג ei. לויט זיין מיינונג, האָבן די צוויי יודן לכתחילה
אַנטשפּראָכן דעם אַלטדייטשן לאַנגן i; באַצייכענענדיק דעם קורצן i דורך י, האָט
מען דעם לאַנגן i געטאָפּלט, בפרט אַז איין יוד האָט נאָך געהאַט צו באַ=
צייכענען דעם e. און ווען מ'האָט אָנגעהויבן דעם לאַנגן i אויסצוריידן ei, האָט
זיך אויך יי אין דער אויסשפּראַך פאַרוואַנדלט אין אַי; גידעמאַן זעט אַלזאָ אין
דער שרייבונג יי אַ זכר פון דעם אַלטדייטשן יידיש (ז. פאָנעטיק § 105).

ס'איז אָבער נאָך גאָר ניט געזאָגט, אַז גידעמאַנס סברא איז ריכטיקער
פאַר דער דערקלערונג פון דעם אָרטאָגראַף פון „ספר המדות", בפרט אַז דעם
יי אַלס צייכן פון דעם דיפטאָנג ai האָט די יידישע שרייב=סיסטעם געקענט אַי=
בערנעמען פון דער טראַנסקריפּציע פון פראַנצויזישן ai, וועלכער איז אין דער
העברעאישער שריפט איבערגעגעבן געוואָרן אויך דורך יי (טיילמאָל דורך איי
אָדער אַי). איי אָנשטאָט יי טרעפט מען אויך אין דער אַלטער יידישער אויס=
לייגונג, למשל, האיילִיגן = הייליגן, שאיידן = שיידן, האיישט = הייסט, בי=
ראייט = ביריִיט, וואייש = ווייס א. אַז. וו. אַזאַ מין שרייבונג געפינען מיר אויך
ביי אליהו בחור, למשל, קלאייד, בקלאיידט (אָנשטאָט קלייד, בקליידט) א. אַז.
וו. אין דעם דאָזיקן געברויך פון איי אָנשטאָט יי איז צו זעען אַ פּרוב צו די=
פערענצירן די טאָפּלטע אויסשפּראַך פון די דיפטאָנגען עי און אַי (זע פאָ=
נעטיק, § 105). קשה איז נאָר, וואָס דורך איי האָבן די אַלטע יידישע
אָרטאָגראַפן באַצייכנט דעם יי=דיפטאָנג, בשעת ווען דעם דיפטאָנג יַי האָבן זיי
איבערגעגעבן דורך יי (ווי, למשל, שרייבן, ווארהייט א. אַז. וו., ווי מיר לייגן
נאָך אויס עד=היום); וואָרים עס וואָלט דאָך געווען מער בהסכּם מיט דער אויס=
שפּראַך—צו פיקסירן די דאָזיקע דיפטאָנגען דווקא פאַרקערט: עי—דורך יי און
אַי—דורך איי. אַ שטיקל פאַרענטפערונג דערפאַר האָבן מיר אין דער היינטי=
קער אונגאַרישער אויספּראַך פון די יי-דיפטאָנגען (זע פאָנעטיק, § 105).
אגב מערקט זיך אויך אַ געוויסע ניט אויסגעהאַלטנקייט אין דער אַלטער שריי=
בונג איי און יי, למשל, אין „ספר המדות"—מיינט און מאיינט.

29. איי אַלס באַצייכענונג פאַר דעם דיפטאָנג ei האָט זיך אָבער ניט
לאַנג געהאַלטן, און אָנהייבנדיק פון XVII יר"ה טרעפן מיר עס שוין כּמעט
ניט אין דער יידישער אויסלייגונג (אויסגענומען נאַטירלעך די פאַלן טראַף=
אַיִן, וואו דער א איז אַ כאַראַקטעריסטישער, ווי, למשל, איין, אייביק א. אַז. וו.)
דערפאַר אָבער איז דער יי געבליבן אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע ביז דעם
היינטיקן טאָג, און אפילו די ווערק, וואָס זיינען געדרוקט אין אַ ריין דייטשער

שפּראַך, אָבער מיט יידישע אותיות, האָבן יי שטענדיק אויפן אָרט פון דעם דייטשן ei.
און באמת האָט די באַצייכענונג יי די מעלה פון אַ אוטראַקיסטישן צייכן,
וואָס ס׳איז זייער וויכטיק, נעמענדיק אין אַכט, ווי פאַרשיידן דער ei=דיפטאָנג
ווערט אויסגערעדט אין פאַרשיידענע יידישע דיאַלעקטן.

**30.** נאָר דער דייטשער מיסיאָנער אליהו שדי (עליאַס שאַדע), וועלכער
האָט אין זיין ווערק „Mysterien" (שטראַסבורג, **1592**) געפּרובט נאָכמאַכן די
דייטשע אָרטאָגראַפיע אין דער יידישער שריפט (אַיינפירנדיק, למשל, אַ גע=
טאָפּלטן ז פאַר דעם דייטשן ss, ווי וואזזער = Wasser, מעזזער = Messer,
א. אַז. וו.), האָט אָנשטאָט יי אויסגעלייגט עי, למשל, עינן, עיזן, עיער, צעיג=
ניס, וויטלעיפיג (איינען, אַייזן, אייער, צייגניש, וויטלייפיג) א. אַז. וו. (אַקעגן=
זשע, האָט שדי אָנשטאָט דעם ע פאַר דעם דייטשן e פאַרווענדט דעם י מיט
אַ צירה, למשל, ווילכעס, מינשליכעס אָנשטאָט וועלכעס, מענשליכעס—אויפן
שטייגער פון דער עלטסטער יידישער אויסלייגונג).

**31.** אין די איבעריקע באַמערקונגען דערקלערט דער אָרטאָגראַף פון
„ספר המדות", ווי אַזוי איבערצוגעבן דורך העברעאישע אותיות אויך די איבע=
ריקע דייטשע וואָקאַלן און דיפטאָנגען. און אין די דאָזיקע באַמיאונגען צו גע=
פינען אויסדרוק=מיטלען פאַר אַלע קלאַנגען פון דער נייער שפּראַך ווייזט זיך אַרויס
ניט נאָר דער פאַקט, וואָס די אויסשפּראַך ביי די מיטלאַלטערלעכע יידן איז געווען
פיין ניואַנסירט, נאָר עס קומט אויך צום אויסדרוק די כוונה אויפצובויען די
יידישע אָרטאָגראַפיע וואָס פּינקטלעכער. אַזוי האָבן מיר אין דער אַלטער יידי=
שער אויסלייגונג און ביי איר ערשטן באַגרינדער פון „ספר המדות" צייכנס
פאַר די קלאַנגען eu, ö און ü, וועלכע זיינען אין אונזער שפּעטערדיקער אָר=
טאָגראַפיע אויסגעדריקט געוואָרן דורך די אייגענע מיטלען, וואָס די קלאַנגען
ei, e און i.

**32.** די מעטאַפאָנישע קלאַנגען ö און ü ווערן אין דער עלטסטער יידישער
אָרטאָגראַפיע איבערגעגעבן דורך וְי, למשל, מוירדר (Mörder), מויגן (mögen),
בויז (böse); זוינד (Sünd), הויבש (hübsch), בויכר (Bücher) א. אַז. וו. ווי
אַזוי מ׳איז געקומען צו דעם דאָזיקן אויפטו, וועט אונז פאַרענטפערט ווערן, ווען
מיר וועלן זיך דערמאָנען, אַז איז דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע האָט ו
באַצייכנט אַ קמץ און אַ מלאפום און אַ י—אַ סגול; די פאַרבינדונג פון ו און
י האָט אַלזאָ אויך געקענט באַצייכענען די קלאַנגען ö (oe = וְי) און ü (ue = וְי).

**33.** די קאָמבינאַציע וְי האָט אין דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע
אַזוי אַרום איבערגעגעבן גאַנצע דריי קלאַנגען: au, ö און ü. אין אַ שפּעטע=
רער צייט האָט וְי טיילמאָל אפילו באַצייכנט דעם דיפטאָנג eu, למשל, לויט
= לייט (Leut לויט די כללים, וואָס ווערן געבראַכט ביי זאַגענווייל). בכלל אָבער
האָט מען פאַר דעם דאָזיקן דיפטאָנג אין דער אַלטער יידישער אויסלייגונג
פאַרווענדט די קאָמבינאַציע ויי און אים אַזוי אַרום דיפערענצירט פון דעם

דיפטאָנג ei, למשל, טױיטש, לױיט, טױערר, נאכטאױיל (teutsch, Leut, teuerer, Nachteu) א. אַז. וו. מיט דער צייט אָבער ווערט דער דאָזיקער ווײ אַלץ זעלטענער און אין XVIII יר״ה געפינט מען אים נאָר אַלס יוצא=מן=הכלל: eu ווערט דאַן איבערגעגעבן דורך יי, אַזוי ווי אין דער היינטיקער יידישער אויס=לייגונג, למשל, טייטש, לייט, טייערער, נאַכטאייל א. אַז. וו.

**34.** אָט אַזוי אַרום איז מיט דער הילף פון די אותיות **א, ו, י, ע** און טיילווייז ה געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע סיסטעם איבערצוגעבן די וואָקאַלן אין עברי=טייטש. באַזונדערס אַ סך פונקציעס האָבן געהאַט ‏[דערביי צו טראָגן די אותיות ו און י און דאָס מיינט דער אָרטאָגראַף פון „ספר המדות״, ווען ער זאָגט: „נון איז דש וואו אוני דש יוד די עיקרן פוינטל דא איינר ניט קאַן אויש קומן, דען זיא ווערדן אין ויל (פיל) פוינטל גברויכט, אלש איך מיט דער הילף גאָטש ב״ה אן צייגן וויל, זוא ער מיר צייט פר לייכט (Verleiht)״, ד. ה. ו און י זיינען די וויכטיקסטע וואָקאַלן („עיקרן פוינטל״), וואָס אָן זיי קען מען ניט אויסקומען, ווייל זיי גיבן איבער אַ סך וואָקאַלן, ווי ער האָפט עס צו ז ער ווייזן, אויב גאָט וועט אים לאָזן צייט. צי האָט אונזער אַלטער גראַמאַטי=ק ר אויסגעפירט זיין פּלאַן צו געבן אַ אויספירלעכערע אָפּהאַנדלונג איבער דער יירישער אָרטאָגראַפיע, איז ליידער אומבאַקאַנט.

**35.** שטרעבנדיק צו פיקסירן וואָס גענויער די פאַרשיידענע דייטשע קלאַנ=גען, האָט אָבער די אַלטע יידישע אָרטאָגראַפיע ניט איינגעפירט קיין גראַפישע באַצייכענונגען פאַר דער קירץ אָדער לענג פון די וואָקאַלן (אַוועקגעקוקט פון דעם שטייגער—די קורצע וואָקאַלן אין אומבאַטאָנטן טראַף אינגאַנצן טיילמאָל דורכצולאָזן. (ז. § **27**): אין דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע האָבן מיר ביט ניט קיין טאָפּלטע וואָקאַלן, למשל, האר (Haar), לאס (Loos), זיל (Seele), מער (Meer), ניט קיין שטומען ע אַלס צייכן פאַר דעם לאַנגן i, למשל, ליד (Lied), ווידר (Wieder), ניט קיין שטומען ה פאַר דעם דייטשן שפּרייט=h (Dehnungs-h), למשל, טאָן (thun), מוט (muth), איר (ihr), אים (ihm), שטין (stehn) א. אז. וו. (בלויז אַלס יוצא=מן=הכלל איז דער שטומער ה געשריבן געוואָרן נאָך אַ י אַלס סימן פון צירה, למשל, גיהן—גיין).

**36.** נאָר וואָרט=אויס נאָך אַ וואָקאַל איז עס געווען פון קדמונים אָן אַ מנהג אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע צו שרייבן אַ שטומען א, למשל, דיא, זיא, פריא, בייא, ורויא (די, זי, פרי, ביי, פרוי) א. אַז. וו. דער דאָזיקער שטומער א איז אָבער בשום אופן ניט קיין סימן, אַז דער וואָקאַל פאַר אים איז אַ לאַנ=גער (ווי ס׳איז דער פאַל מיטן שטומען e אָדער h, למשל, אין früh, sie, die א. אַז. וו.).

„אוני דש אלף זוא עש הינטן שטיט נוך איינם פוינטל, זוא טוט עש ניקש, דען עש מאַכט דער געשריפט איין צירונגא, גלייך אלש ד י א=די״.

* אין דעם שטומען אלף נאָך אַ וואָקאַל (פינטל) זעט אַלזאָ דער אָרטאָגראַף פון „ספר המדות״ שוין ניט מער ווי אַ צירונג. אין די עלטסטע יידישע שריפטן

קומט דער שטומער אלף אַפילו נאָך קאָנסאָנאַנטן, למשל, שווירא—שווער, קפא—קאָפּ, וויבא—ווייב. גידעמאַן זעט אין דעם איין די השפעה פון פראַנצוי־זיש מיט זיין שטומען e סוף וואָרט און איז זיך סומך אויף דעם, וואָס די דייטשע יידן ביים ריין (די געקומענע פון פראַנקרייך) האָבן געשריבן שְׂכָלָא (שׂכל), אֵיזְנָא (isen—אייזן), פונקט ווי זיי האָבן געשריבן, למשל, דאָס פראַנצויזישע וואָרט aimable—אימאַבְלָא.

**37.** אָבער שוין אין XVI יר״ה גייט דער שטומער א נאָך קאָנסאָנאַנטן ארויס פון געברויך; אַקעגן־זשע נאָך אַ וואָקאַל האָט זיך דער שטומער א איינ־געהאַלטן ביז גאָר דער לעצטער צייט און קומט נאָך עד־היום פאָר אין דער אויסלייגונג פון פאָלק (און אַלס אויסטערלישער איבערבלייב—אין דער אַמעריקאַ־נער פרעסע). נאָך אַן אַלס מלאפום איז ער אין דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַ־פיע גאַנץ זעלטן, למשל, צו (ניט צוא).

**38.** געבויט אויפן פרינציפּ פון באַזונדערע אותיות אַלס וואָקאַלצייכנס, האָט די יידישע שרייב־סיסטעם נאַטירלעך ניט געהאַט די נייטיקייט אין די נקודות. נאָר גאַנץ זעלטן, דערהויפּט אין די עלטסטע ווערק פון דער יידישער ליטעראַטור און בפרט אין די אַלטע כּתב־ידן, ווערן טייל ווערטער וואָקאַלי־זירט מיט נקודות. אַזוי, למשל, קומט אָפט אַ שווא אונטער די קאָנסאָנאַנטן, ווי, וויסְן, זוינְדְא (זינד), אֵינְן (איינען), אַ קובוץ אין פאַרבינדונג מיט אַן אויף איבערצוגעבן די מעטאַפאָנישע ö און ü, ווי, מֻונְך (Mönch), מֻונְץ (Münz), אַן עין מיט אַ שווא נאָך אַן אות, וואָס איז וואָקאַליזירט מיט אַ פּתח, ווי מַעְשְׂא (טאַש), אַ צירה־אלף אָנשטאָט אַן ע (לויט דער ספרדישער הברה), ווי, אֵיר (ער—Ehre), אֵירְץ (Erz), אויך אַ סגול אָנשטאָט אַן ע, ווי, הֶירשאַפט (הערשאַפט), הינְדֶרר (הינדערער), אַ פּתח אָנשטאָט אַן א, ווי, גַנץ (גאַנץ), לַנג (לאַנג) א. אַז. וו. ס׳איז אַפילו געווען אַ פּרוב צו געברויכן דעם חטף־קמץ ביים איבערגעבן דעם מעטאַפאָנישן ö, למשל, הֳויר (hör), אָבער שוין דער אָרטאָגראַף פון „ספר המדות״ ווייזט אָן, אַז אַזאַ באַצייכענונג וועט דער עולם ניט וויסן, ווי צו לייענען. און באמת קומט דער חטף־קמץ אין דער סיסטעם פון העברעאישן ניקוד קיינמאָל ניט פאָר אין אַזאַ פאַרווענדונג.

**39.** אַזאַ מין וואָקאַליזאַציע דורך נקודות שטאַמט נאָך פון יענער אַלטער תקופה, ווען די סיסטעם פון באַצייכענען וואָקאַלן דורך אותיות איז נאָך אין יידיש ניט געווען פעסטגעשטעלט. אין משך פון XVI—XVIII יר״ה קומען די נקודות אין יידישע ווערק פאָר נאָר אַלס יוצא־מן־הכלל. ערשט ווען מ׳האָט אָנגעהויבן צו דרוקן יידישע ספרים אין דער. קוואַדראַט־שריפט, האָט מען איינגעפירט ווידער די נקודות, אָבער שוין מער בהסכם מיט אונזער הייגטיקער אויסשפּראַך און איבערלאָזנדיק דערביי אויך די וואָקאַל־אותיות, למשל, האַנט, נָאך, נֶעמט, זִיך, גוּט, קלֵיין, ווַייבּער א. אַז. וו. די דאָזיקע סיסטעם פון וואָקאַליזאַציע האָט זיך נאָך איינגעהאַלטן עד־היום אין די רומל־אויסגאַבן און אין דער אַזויגערופע־נער שולהויף־ליטעראַטור.

**40.** ביים צופּאַסן דעם העברעאישן אלף=בית פאַר דער יידישער שפּראַך איז, ווי מיר האָבן געזען, אַלזאָ די הויפּט=שוועריקייט באַשטאַנען אין דעם מאַנגל פון וואָקאַל=אותיות. דערפאַר אָבער האָט די יידישע אָרטאָגראַפיע געהאַט אין דעם העברעאישן אלף=בית אַן איבערפלוס פון קאָנסאָנאַנטן. אַחוץ די 22 גרונד=אותיות פון אונזער אלף=בית, וועלכע האָבן אין העברעאיש באַצייכנט קאָנסאָנאַנטן, האָבן נאָך זעקס אותיות—בּ, ג, ד, כּ, פּ, ת (בְּגַדְכְּפַת)—געהאַט אַ טאָפּלטע אויסשפּראַך, אַ האַרטע אַלס עקספּלאָזיווע קלאַנגען און אַ ווייכע אַלס ספּיראַנטן. די האַרטע אויסשפּראַך, די עלטערע, ווערט דורך די פּונקטאַטאָרן באַצייכנט דורך אַ פּינטעלע אין די דאָזיקע אותיות—אַ ד ג ש: בּ, גּ, דּ, כּ, פּ, תּ. אין אונזער קלאַנגענסיסטעם איז די טאָפּלטע אויסשפּראַך פון ג און ד שוין פאַרשוואונדן.

**41.** אין אַלט=העברעאיש האָט דער ווייכער ג, אָן אַ דגש, איבערגעגעבן אַ מין קלאַנג ווי דער פּאַלאַטאַלער ר, דער ווייכער ד, אָן אַ דגש—אַ מין קלאַנג ענלעך אויף אונזער ז, אַזוי ווי, למשל, אין ענגליש bathe, the. דער דומפּער בן=זוג פון דעם ווייכן ד איז געווען דער ת, אָן אַ דגש, וועלכער פלעגט אויסגערעדט ווערן אַזוי ווי דער ענגלישער th, למשל, אין thank, thin, bath. מיר אָבער קענען שוין ניט די דאָזיקע קלאַנגען און ריידן אַרויס דעם ג און ד אַלעמאָל אַלצאיינס און דעם ת ווי אַ ס. דאָסגלייכן האָבן מיר אויך ניט איינגעהיט די אַלט=העברעאישע שטאַרק געכאָרכלטע אויסשפּראַך פון ע (למשל, אין עזה, עמורה, אין גריכיש איבערגעגעבן דורך G—Gasa, Gomorrah) און די דיפערענצירטע אויסשפּראַך פון ח (האַרטער) און כ (ווייכער).

**42.** רעכענענדיק באַזונדער די אותיות שׁ און שׂ און טאָפּלט—די אותיות ב, כ, פ, ת, באַקומען מיר 27 צייכנס, וואָס מ'האָט געקענט פאַרווענדן אויף אויסצודריקן די יידישע קאָנסאָנאַנטן. אָבער אין דער שטרעבונג צו איינפאַכקייט האָט די יידישע אָרטאָגראַפיע פון אָנהייב אָן זיך געשטעלט אויף דעם ראַציאָנעלן פּרינציפּ צו באַזייטיקן די איבעריקע צייכנס און האָט דעריבער אין ניט=העברעאישע ווערטער ניט פאַרווענדט ניט דעם ח, ניט דעם ת—תּ, ניט דעם כּ. ביי די אותיות ב, כ, פ האָט די אַלטע יידישע אָרטאָגראַפיע באַצייכנט ניט די האַרטע אויסשפּראַך—דורך אַ דגש, נאָר די ווייכע—דורך אַ רפה, ד. ה. אַ האָריזאָנטאַלן שטריכעלע איבער דעם אות, שרייבנדיק אַלזאָ ב, כ, פ (אָנשטאָט בּ, כּ, פּ) און בֿ, כֿ, פֿ (אָנשטאָט ב, כ, פ). דער רפה איבער דעם כ איז אייגנטלעך געווען איבעריק, וויבאַלד דער כּ איז אין ניט=העברעאישע ווערטער ניט געשריבן געוואָרן (נאָר אַלס יוצא=מן=הכלל האָט מען פאַרווענדט דעם כּ פאַר דעם דייטשן ch, אויסגערעדט k, למשל, כריסטן—Christen=קריסטן). איבעריקנס טרעפן מיר אין עלטערע יידישע ווערק אויך אַ רפה איבערן תֿ, וועלכער איז שטענדיק געברויכט געוואָרן אויסשליסלעך אין העברעאישע ווערטער.

ערשט, אַז מ'האָט אָנגעהויבן צו דרוקן יידישע ביכער אין קוואַדראַט=

שריפט און מיט נקודות, האָט מען געלאָזט אומבאַצייכנט די ווייכע אויסשפּראַך פון ב, כ, פ, ת און געפינטלט מיט אַ דגש די האַרטע—בּ, כּ, פּ, תּ. אין דער מאָדערנער יידישער שריפט קומען פאַר ביידע סיסטעמען צו דיפערענצירן די אויסשפּראַך פון די דאָזיקע אותיות.

**43.** אַזוי ווי אין העברעאיש קען סוף וואָרט קיינמאָל ניט קומען קיין האַרטער פּ, האָט די לאַנגע ף איבערגעגעבן נאָר דעם ווייכן פ-קלאַנג. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס אויך אין יידיש האָט די לאַנגע ף פאַרביטן נאָר דעם פ, און דעם פּ האָט מען געשריבן אפילו סוף וואָרט, הגם דער סוף-פּ איז אין די גאָר אַלטע יידישע ווערק זייער זעלטן: אָדער מיר האָבן דאָרט אַ שטומען א נאָכן פּ, למשל, קאַפּא, אָדער אַ קאָמבינירטן פּף, למשל, טרעפּף (אין דייטש דווקא treppe, ניט trepfe).

**44.** זייער זעלטן איז אין דער עלטסטער יידישער אָרטאָגראַפיע אויך דער ס. אין „ספר המדות", למשל, ווערט ער גאָרניט געברויכט און דער S-קלאַנג ווערט איבערגעגעבן אָדער דורך אַ ז אָדער דורך אַ ש, וואָס האָט נאַטירלעך געמוזט ברענגען צו אַ גרויסן פלאָנטער אין דער אויסלייגונג, למשל, דאז און דאש (דאָס), ווישן (וויסן), גרוישר (גרויסער), גאטש (גאָטס) א. אַז. וו. מיט דער צייט אָבער האָט דער ס אַלס צייכן פאַר s אַלץ מער אַרויסגעשטופּט די אַלטע ניט געניטע באַצייכענונג דורך ז אָדער ש.

**45.** אַ געוויסער פלאָנטער האָט אין דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע געהערשט אויך אין דעם געברויך פון די קאָנסאָנאַנטן בֿ, ו, וו און פֿ. אין דעם האָט זיך אַרויסגעוויזן די השפּעה פון דער דייטשער אויסלייגונג. דער דייטשער אַלפאַבעט האָט צוויי צייכנס פאַר דעם פ-קלאַנג—f און v; אין דער אַלטער דייטשער אָרטאָגראַפיע איז דער v געווען אַ סך אָפטער ווי איצט, און די יידישע אָרטאָגראַפן, איבערגעבנדיק דעם f דורך פֿ, האָבן אָנשטאָט דעם v פאַרווענדט דעם קאָנסאָנאַנט ו, למשל, וינדן (vinden=פינדן), ורויליך (vroelich), פרייליך), ויל (פיל) און פאַר די וואָקאַלן ו אָדער וי—אַ בֿ, למשל, בון (פון), בולק (פאָלק), בוינף (פינף), בוירט (פירט), בוירכטן (פירכטן). אָבער אויך אין אַ סך אַנדערע פאַלן געפינען מיר אין די עלטערע יידישע ווערק דעם קאָנסאָנאַנט בֿ אָנשטאָט פֿ, למשל, ברויינד (פריינד), בריב, קראַבט א. אַז. וו.

מיט דער צייט אָבער זיינען די קאָנסאָנאַנטן ו און בֿ אַלץ מער אַרויסגעשטופּט געוואָרן פון געברויך דורך דעם קאָנסאָנאַנט-אות פֿ.

**46.** באַצייכענענדיק דעם V דורך ו, האָט די אַלטע יידישע אָרטאָגראַפיע פאַר דעם קאָנסאָנאַנט W איינגעפירט דעם געטאָפּלטן וו, וועלכן מיר האָבן שוין אין דער תלמודישער אויסלייגונג און וועלכער איז געבליבן עד-היום אין אונזער שרייב-סיסטעם אַלס צייכן פאַר דעם W-קלאַנג, למשל, וואַנד, שוועדר, וויא, וואָרם א. אַז. וו. נאָר אין די עלטסטע יידישע ווערק, למשל,

אין „ספר של אנשל", טרעפן מיר דעם געטאָפּלטן וו טיילמאָל אויך אַלס צייכן פאַרן פ־קלאַנג, למשל, רעכט ווערטיקייט (אָבער אויך רעכט פערטיקייט), ענטוורן (ענטפערן) א. אַז. וו.

**47.** דעם שטומען א צווישן דעם געטאָפּלטן וו און דעם וואָקאַל ו (אָדער וי) אַלס מיטל אויסצומיידן דריי וואָוון נאָכאַנאַנאַנד געפינען מיר שוין אין די עלטסטע יידישע ווערק, למשל, וואו, שוואור, וואונדיר (וואונדער), וואונש, וואוכן (וואָכן), וואורט (וואָרט), וואונונג (וואוינונג), וואול (וואויל) א.אַז. וו.

**48.** די צונויפמישונג פון די דומפּע און הילכיקע קלאַנגען ב—פּ, ג—ק, ד—ט איז אין דער אַלט־יידישער אָרטאָגראַפיע געווען אַ גאַנץ אָפטע ערשיינונג, למשל, ביי ר' אַנשל, אויפּס (אויבס), געליפּט (געליבט), נאַכפּרין (נאַכבאַרן), אויף גַנק (אויפגאַנג), גינוק (גענוג), ערט (ערד), טויזנט, מארט (מאָרד), יוגנט, יאגהונט, בארט (באָרד), שווערט (שווערד), פיינט (פיינד).

אויך די ענדונג יג איז אָפט געשריבן געוואָרן דורך אַ ק, בהסכם אויך מיט אונזער איצטיקער אויסשפּראַך, למשל, לעבנדיק, קוועלנדיק, איילגדיק, עסיק, האָניק, א. אַז. וו.

**49.** פונקט אַזוי ווי העברעאיש, האָט די אַלטע יידישע אָרטאָגראַפיע ניט פאַרטאָפּלט קיין שום קאָנסאָנאַנטן, למשל, הופערטיקייט (Hoffertigkeit), פאַלן (fallen), שאַל (Schall), קומין (Kommen), זין (Sinn) א. אַז. וו. הגם די דייטשע אָרטאָגראַפיע פון יענער צייט איז ממש פאַרפלייצט געווען פון דופּלירונגען (מ'האָט, למשל, דאַן געשריבן אַפילו unnser, liebenn) א. אַז. וו.

בנוגע די צונויפגעזעצטע ווערטער, וואו דער ערשטער טייל ענדיקט זיך מיט דעם אייגענעם קאָנסאָנאַנט, מיט וועלכן דער צווייטער הייבט זיך אָן, לאָזט זיך עס ניט פעסטשטעלן, וואָרים לויט דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע האָבן זיך די צונויפגעזעצטע ווערטער געשריבן באַזונדער, למשל, פאשט טאג (פּאָסטטאָג), פאר שטעלט (פאַרשטעלט), צו זאַמין (צוזאַמען) א. אַז. וו.

**50.** דאָסגלייכן האָט די אַלטע יידישע אָרטאָגראַפיע ניט געקענט די שרייבונג טצ אָנשטאָט דעם דייטשן tz, למשל, פלאַץ, איצונד א. אַז. וו. נאָר אין די כּראָגער בריוו (1619) געפינען מיר די שרייבונג עטץ און אין די זכרונות פון מרת גליקל האַמיל (1719) זיינען אָפט אַזעלכע אויסלייגענישן, ווי גנטצי (גאַנצע), זיטצן א. אַז. וו.

**51.** די שטרעבונג פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע צו איינפאַכקייט ווייזט זיך אויך אַרויס אין אַזעלכע שרייבונגען, ווי, שטאָט (ניט שטאָדט), זעליקייט (ניט זעליגקייט), פערד (ניט פפערד), פלאַנצן (ניט פפלאַנצן), הגם דער דייטשער אַפריקאַט פּפ קומט אין די אַלטע יידישע ווערק פאָר גאַנץ אָפט, למשל, שימפפט, ביפפליקט, פפלעגט, קאָפּף א. אַז. וו.

## די פאַרדייטשונג פון דער יידישער אויסלייגונג.

**52.** ערשט מיטן אָנהייב פון דער בערלינער השכלה, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַמף קעגן יידיש אין נאָמען פון דער ריינער נייהויכדייטשער שפּראַך, האָט מען גענומען אויך שטרעבן וואָס טרייער איבערצוגעבן די נײַ־הויכדייטשע אָרטאָגראַפיע. און צוזאַמען מיט דער פאַרדייטשערונג פון דעם יידישן לשון איז אויך געגאַנגען די פאַרדייטשערונג פון דער יידישער אויס־לייגונג, וועלכע האָט באַקומען אַ גאַנץ נײַ פּנים דורך די נײַע פרעמדע אײַנ־פירונגען.

אַזוי אַרום הייבט זיך אין סוף XVIII יר״ה אָן אַ נײַע עפּאָכע אין דער געשיכטע פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע. אין דער אַלטער סיסטעם פון דער יידישער אויסלייגונג רייסן זיך אַריין אַזעלכע פרעמדע שרייב־אופנים, ווי דער שטומער ה און דער שטומער ע, למשל, יאָהר, פיערטעל (אַנשטאָט יאָר, פירטל), צווישען (אַנשטאָט צווישן), דער סגל־אלף אַנשטאָט דעם מעטאַפאָנישן ä אָדער ö, למשל, פלאֶכע, פאֶטער, גאֶטטער (Götter ,Väter ,Fläche), געטאָפּלטע וואָקאַלן, למשל, לאָאָס, מעער, געטאָפּלטע קאָנסאָנאַנטן, למשל, גלאָקקען, וואַססער, טצ אַנשטאָט דעם אײנפאַכן צ, למשל, פּלאַטץ, כס אַנשטאָט קס, למשל, זעכס (sechs) א. אַז. וו.

**53.** די דאָזיקע פאַרדייטשערונג פון דער אַלטער יידישער אויסלייגונג איז דורכגעפירט געוואָרן זייער ניט אויסגעהאַלטן און ניט סיסטעמאַטיש, און ס׳איז געגוג צו פאַרגלייכן, למשל, די פאַרשיידענע אויסגאַבן פון מענדלסאָנס תּנך־איבערזעצונג, צו איבערצייגן זיך אין דעם. דערבײַ זײַנען אויך געבליבן אַ גאַנ־צע ריי אייגנטימלעכקייטן פון דער אַלטער יידישער אויסלייגונג, ווי דער פּראָסטעטישער אלף, דער שטומער א נאָך אַ וואָקאַל סוף וואָרט, די באַצייכענונ־גען יי און וי פאַר די דייטשע דיפטאָנגען א. אַז. וו.

**54.** דער בערלינער השכלה האָבן מיר אַלזאָ אויך צו פאַרדאַנקען, וואָס די יידישע אָרטאָגראַפיע האָט זיך אַלץ מער און מער אָנגעהויבן צוצופּאַסן צו דער דייטשער שרייב־סיסטעם. דאָס האָט אויך געווירקט אויף דער אויסלייגונג פון די ווערק, וואָס זײַנען געשריבן געוואָרן פון די משכּילים אפילו אין אַ ריי־נעם, פאָלקסטימלעכן, ניט פאַרדייטשטן, יידיש.

אונזער היינטיקע דייטשמערישע אָרטאָגראַפיע האָט אַלזאָ איר שורש ניט אין דער אַלטער יידישער שרייב־סיסטעם, נאָר אין דער אויסלייגונג פון די משכּילים.

## די אָרטאָגראַפיע פון יהושע־מרדכי ליפשיץ.

**55.** ערנסט צוגעגאַנגען צו דער פראַגע פון דער יידישער אויסלייגונג איז דער אויסגעצייכנטער יידישער לעקסיקאָגראַף און באַוואוסטזיניקער יידישיסט

פון דער השכלה-עפּאָכע יהושע-מרדכי ליפשיץ. אין דער הקדמה צו זיין „רוסיש-יודישן ווערטער ביך" (זשיטאָמיר, 1869) שרייבט ער אגב:

„איך ווידער האָב געמיזט מאַכען אַ פּאָר נייע כללים, וואָרים אין מענ-דעלזאָהנס אָיס-לעגען האָב איך מעך ניט געקענט האַלטען, ווייל סי איז נאָר באַרעכענט פאַר דייטש און ניט פאַר יידיש. ווידער דאָס געוועהנטלעכע אָיס-לעגען לאָזט זעך איבערהאָיפּט גאָר ניט אַריינטערנעהמען אינטער כללים. איבע-ריגענס האָב איך ·דאָס אָיך ניט געוואָלט שטעלען אָיף מיר אין האָב מעך פאַר אַ פּאָר יאָהרען עפענטלעך אָנגעפרעגט ביים עולם מכח דעם אָיסלעגען, האָט מען ווידער געשוויגען, נאָ האָב איך געמיזט טין וואָס מיין אייגענער שכל פאַר-טראָגט מיר".

צו דער אייגענער פראַגע קערט ער זיך אום מיט זיבן יאָר שפּעטער אין דער הקדמה צו זיין „יודעש-רוסישן ווערטער ביך" (זשיטאָמיר, 1876), וואו ער זאָגט: „נאָר איין חסרון האָט מען פיר צי וואַרפן דער יודישער שפּראַך, אז דיא כללים צים אויסלעיגן זענען ביי איהר זעהער וועיניג פאַרהאַנען אין ווייל בייא (אָ) ווערטערביך איז דאס אויסלעיגן זעהער וועכטיג, בכדי מע זאָל קענען איטלעכס וואָרט לייכט געפינען אָף זיין אָרט, דעריבער האָב איך אליין ניט געוויסט וואס צי טיהן. מענדעל-זאָהנס כללים זענען נאר פּזאר דייטש בארעכענט, אבער פאר יודיש טאָיגן זייא ניט. מאכן נייע כללים וואָלט אפילו גאָר קיין קינץ ניט געוועזען, נאָר מע טאָר ניט, ווייל דיא ווערטער וואָלטן באַקימען אזעליכע נייע פּנימער, אז דער עולם וואָלט זייא גאָר ניט דערקענט אין ניט געוויסט וויא זייא אָפּ צי זיכן. היינט איז ווידער אין איטלעכער געגענד א בא-זינדער אָיסשפּראַכע. ווידער איז פאַרהאַנען ווערטער, וואָס געשריבן ווערן זייא אנדערש, אין אָיסגעשפּראָכן ווידער אנדערש. דעריבער האָב איך געמיזט אַ מאָל נאָכגעהען וויא אזאָי דער עולם איז געוואָינט צי שרייבן, א מאָל וויא אזאָי מע איז געוואָינט אָיס צי שפּרעכן און אמאָל צי שטעלן ביידע אנווייזן איינס אָף׳ס אַנדערע".

**56.** ליפשיץ אַליין אַלזאָ איז מודה, אַז ער איז אין דער אָרטאָגראַפיע ניט אויסגעהאַלטן, ווי דאָס איז אויך צו מערקן פון די דאָזיקע ציטאַטן זיינע. אָבער אין די כללים, וואָס ער ברענגט צום אָנהייב פון זיינע ווערטערביכער, ווייזט זיך אַרויס, מיט וואָס פאַר אַ דורכגעטראַכטקייט ער האָט די דאָזיקע כללים געשאַפן.

אָט זיינען זיינע כללים צום לעזן (פון צווייטן טייל):

א ווערד געלעזן וויא a.

באמערקונג. באם אנהעב וואָרט פאר (י) אין באַם סוף וואָרט נאָך (י), ווערד די (א) פאַרשוויגן, למשל: אין, איין, איך, דיא, זיא, וויא וכדומה.

אָ ווערד געלעזן וויא: o.

אָי ווערד געלעזן א מאָל וויא: oй, למשל: טאָיער, אָיער, טאָיב וכדומה אין א מאָל וויא: ay, למשל: באָיך, פאָיק, טאָיב (א טאָיב).

אֿ ווערד געלעזן וויא: y, אין דער ליטע מיינסטן טיילס וויא: o.

י ווערד געלעזן וויא: ы.

י—וויא: i, и.

יי ווערד געלעזן א מאָל וויא: eй אין א מאָל וויא: aй.

**57.** ליפשיצעס כללים זיינען אַלזאָ צוגעפּאסט צו זיין וואָלינער אויסשפּראַך ער האָט אַיינגעפירט צייכנס פאַרביידערליי o=קלאַנגען—אָ און אֿ, פאַר ביידערליי י-קלאַנגען (י און י) (זע פאָנעטיק § 69, 80), האָט געפּרובט דיפערענצירן דעם יי=דיפטאָנג פון דעם יי=דיפטאָנג, באַצייכענענדיק דעם ערשטן דורך עי, למשל, לעיגן, וועיניג, א. אַז. וו.

בהסכם מיט דער וואָלינער אויסשפּראַך, וועלכע מאַכט ניט קיין אונטער-שייד צווישן דעם יי=דיפטאָנג און דעם לאַנגן ע, האָט ער אויך דעם לאַנגן ע אָפט איבערגעגעבן דורך עי, למשל, בעיטן (בעטן—האָבן אַ בקשה) און בעיט (אַ בייט אין גאָרטן), לעיקעך (לעקעך), נעיפל (נעפל) א. אַז. וו. אינגאַנצן באַ-זייטיקט פון זיין אויסלייגונג איז דער וי אַלס צייכן פאַר די ביידערליי וי=דיפ-טאָנגען (זע פאָנעטיק § 90), וועלכע ער גיט איבער דורך אָי.

דער ו=וואָקאַל, וועלכער ווערט אין דעם אוקראַינישן און בכלל אין אַלע דיאַלעקטן (אַחוץ דעם ליטווישן) אויסגערעדט מיטן חיריק, איז ביי אים אינגאַנצן ניטאָ, אויך אין אַנדערע פאַלן פון דער פאָנעטיק בלייבט זיין אויסלייגונג טריי דער וואָלינער אויסשפּראַך, למשל, דערך (דורך), לעכט (ליכט), מאָוער (מויער) א. אַז. וו.

**58.** פון דייטשמעריזמען איז ליפשיצעס אָרטאָגראַפיע אין אַלגעמיין פריי; זי האָט ניט קיין טאָפּלטע קאָנסאָנאַנטן, קיין סגל=אלף פאַר די מעטאַפאָנישע ä און ö, קיין שטומן ע צום באַצייכענען די לענג פון י (למשל, וויג, ליד, ניט—וויעג, ליעד).

נאָר דער שטומער ה ווערט פאַרווענדט פון ליפשיצן אַזוי ווי אין דייטש (למשל, יאָהר, נעהמען, באַריהמער, פיהלן, ריהרן א. אַז. וו.), הגם אין דעם יידיש=רוסישן טייל פון זיין ווערטערבוך ווערן א סך ווערטער אָנגעגעבן אין אַ טאָפּלטער אויסלייגונג, מיט אַ ה און אָן אַ ה (למשל, אָן=безъ, יאָר, רירן, אַוועקלייען א. אַז. וו.).

**59.** דער ע פאַר דעם טראַפּבילדנדיקן ו קומט פאָר בדרך=כלל אין דעם רוסיש=יידישן טייל (למשל, גראָיסען, וועגען, מאַכען א. אַז. וו.), אָבער איז שפּעטער, אין דעם יידיש=רוסישן טייל, באַוואוסטזיניק באַזייטיקט געוואָרן (גראָיסן, וועגן, מאַכן א. אַז. וו.); נאָר זעלטן כאַפּן זיך אַריין די אַלטע און פאָלקסטימ-לעכע אויסלייגענישן מיט ין (למשל, ווערין, שפּילין א. אַנד.—אין דעם ערשטן טייל). דאָס זעלבע איז אויך נוגע דעם ע פאַרן טראַפּבילדנדיקן ל (למשל, אַר-

טיקל, הימעל=בעטיל, קערמישיל—אין צווייטן טייל). איבעריקנס איז אויך אין ערשטן טייל זייער אָפּט די איינפאַכערע אויסלייגונג פון דעם ע פאַר די טראַפּבילדנדיקע ל און נ (למשל, באַלייטן, דערשראָקן, זעמדל, מיטלמעסיק א. אַז. וו.)

**60.** די אויסלייגונג פון די דומפּע און הילכיקע קאָנסאָנאַנטן שטימט ביי ליפשיצן דאָס רוב מיט דער אויסשפּראַך (למשל, היפּש, שטילערהייט, וואַנט, ווינט, געזינט, האַנט, פריינד א. אַז. וו.). אָבער אין דער אייגענער צייט שרייבט ליפשיץ אָוועגד, טאָיזענד, יוגענד, געגענד, עלנד א. אַנד., ווי אויך יג און ניט יק (למשל, שפּיציג, שכלדיג א. אַז. וו.). אין דער פאַרבינדונג מיט דעם סופיקס קייט ווערט ביי אים דער ג אויסגעלאָזן (למשל, קלייניקייט, שפּיציקייט, ריהיקייט, באַרעידעוודיקייט א. אַז. וו.). נאָר זעלטן האָבן מיר אין דעם פאַל וואַקלדיקע אויסלייגענישן (למשל, לעכטיקייט און לעכטינקייט, ד. ה. ליכטיקייט).

**61.** עב אָנשטאָט יב אָדער אַב איז ביי ליפשיצן דורכגעפירט כסדר און סיסטעמאַטיש, בהסכם מיט דער וואָלינער אויסשפּראַך (למשל, רעכטיג, לעכטיקייט, זעך, העפלעך, נאַטירלעך, געמישעכטס א. אַז. וו.).

**62.** די שטרעבונג געגוי איבערצוגעבן די לעבעדיקע קלאַנגען פון יידיש ווייזט זיך אויך אַרויס אין אַזעלכע אויסלייגענישן זיינע, ווי מענטש, בענטשן, ווינטשן, האַלדז, אינדזל, פראַנדז, אינדז, גענדזנפלייש, הגם אין דעם צווייטן יידיש=רוסישן טייל שרייבט ער שוין האַלז, אינזל, אינז, גאַנז, פראַנז.

**63.** דער אומבאַטאָנטער טונקעלער ע=קלאַנג ווערט ביי ליפשיצן דאָס רוב איבערגעגעבן דורך אַ י (למשל, אַרביט, קאַווינע, אַטליס, רעכינען, גנבינען, פישקילע א. אַז. וו.). אין לעצטן אומבאַטאָנטן טראַף גיט ער איבער דעם וואָקאַל דאָס רוב דורך ע (למשל), דאָקטער, אַרכיטעקטער, זנאַכער, אָנשטאָט דאָקטאָר, אַרכיטעקטאָר, זנאַכאַר).

**64.** איבערלאָזנדיק די „צירונג" פון דער אַלטער יידישער אָרטאָגראַפיע—דעם שטומען א סוף וואָרט (למשל, דיא, וויא, צווייא, שניצערייא, גערעדערייא, געטרייא א. אַז. וו.), האָט ליפשיץ אין אָפּווייכונג פון דער אויסלייגונג אין עברי=טייטש פאַרווענדט אין אָנהייב וואָרט אָנשטאָט דעם כ—דעם ח (למשל, חאָטשע, חאַפּן, חאַראַקטער, חלעיבן א. אַז. וו.). אין דעם ערשטן טייל קומט ביי אים דער ח פאָר אינמיטן וואָרט אין פרעמדע ווערטער (למשל, אַרחיווע, אַרחיטעקטער, אָנשטאָט אַרכיווע, אַרכיטעקטאָר—אין צווייטן).

**65.** אין דער אויסלייגונג פון פרעפיקסן איז ליפשיץ טריי דער אויסשפּראַך, שרייבנדיק באַ, פאַר, אַנט און ניט דייטשמעריש—בע, פער, ענט (למשל, באַקימען, פאַרדראָס, אַנטרינען). נאָר אין דעם ערשטן טייל לייגט ער אויס אָב, אראָב אָנשטאָט דער פאָנעטישער שרייבונג אָפּ, אראָפּ—אין צווייטן. אויף, אַרויף שרייבט ער לויט דער וואָלינער (און פוילישער) אויסשפּראַך—

אָף, אַראָף, צו מיט דעם טראָפּ—צי (למשל, צישניידן=צושניידן), צו אָן דעם טראָפּ (צע)—צי (למשל. צישניידן=צעשניידן).

**66.** צונויפגעזעצטע ווערטער שרייבט ער אי צוזאַמען (למשל, וואַנטזיי-גער, זאַלצמעיסטל, ברעכאַייזן), אי מיט אַ מקף אַלס פאַרבינדונגסצייכן (למשל, באַק-איוון, טאָג-ביך, צעטל-געלט). פאַר אַ מקף לאָזט ער די אותיות כ מ נ פ צ אומפאַרענדערט (למשל, נאַכ-קלאַנג, נאַמ-געלט-אַמ-געלט, צעינ-בערשטל, שלאָפּ-מיצל, האַלצ-זעיגעכץ-פאַלאַווינעס א. אַז. וו.). אַקעגן-זשע, פאַר אַ אַפּאָסטראָף, וועלכער איז ביי אים זייער זעלטן, שרייבט ער דוקא די ענדע-אותיות (למשל, אָף׳ן, אין׳ם, פין׳ם, ד. ה. אויפן, אינם, פונם), אַלזאָ פונקט פאַרקערט, ווי ס׳איז דער שטייגער אין אונזער איצטיקער אָרטאָגראַפיע.

## די מאָדערנע יידישע אָרטאָגראַפיע.

**67.** ליפשיצעס אָרטאָגראַפיע, וואָס האָט זיך באַזירט אויף דער וואָלינער אויסשפּראַך, איז אָבער ניט אָנגענומען געוואָרן, ניט קוקנדיק אויף אירע מעלות—אויף אירע אוטראַקיסטישע צייכנס, אויף איר גאַנץ בולט אויסגעדריקטן פּרינציפּ צו באַפרייען זיך פון די דייטשמערישע אופנים. אמת, אײנגאַנצן אויס-געהאַלטן איז זי אויך ניט געווען, אָבער דאָך איז אין איר געלעגן אַ געזונטער קערן אויף צו אַנטוויקלען אַ ראַציאָנעלע סיסטעם פון דער יידישער אויסליי-גונג.

**68.** אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע פון ליפשיצעס צייט קעמפן צווישן זיך די דייטשמערישע שרייב-אופנים און די פאָלקסטימלעכע און יידישלעכע. דער דאָזיקער קאַמף ברענגט צו אַ פּלאָנטער אין די כּללים פון יידישן אויס-לייג. אין דער ערשטער עכט-יידישער צייטונג, דעם „קול מבשר", הערשט דער דאָזיקער פּלאָנטער אין זייער אַ שטאַרקער מאָס.

און אויב אין דער ערשטער צייט בלייבט די אייבערהאַנט ביי דער פאָלקסטימלעכער אויסלייגונג, מיט אַ טענדענץ צו דער וואָלינער אויסשפּראַך (ווי, למשל, פין, אימרעכט, זעך, באַשראַבינגען, האַנט, צאַטען, אָנשטאָט פון, אומרעכט, זיך, באַשרייבונגען, היינט, צייטען), ווערן וואָס ווייטער אַלץ אָפּ-טער די טייטשמערישע אויסלייגענישן מיט די שטומע ה און ע, די טאָפּלטע קאָנסאָנאַנטן, די שרייבונג טצ אָנשטאָט צ, סגל-אַלף אָנשטאָט ע א. אַז. וו. אין דער אָרטאָגראַפיע פון „קול מבשר" מערקט זיך אַ באַוואוסטזיניקע שטרע-בונג צו אויסגעהאַלטנקייט, זי קען זיך נאָך אָבער ניט באַפרייען פון טאָפּלטע נוסחאות, פּלאָנטערט די ענדונג ען און ין, על און יל. צוזאַמען מיט די דייטשמערישע עלעמענטן בלייבט אָבער אויך דער שטומער א וואָרט-אויס (דיא, דערבייא, א. אַז. וו.)

**69.** די אויסלייגונג פון דעם „קול מבשר" ירשנט די נאָכגעקומענע יידישע צייטשריפט דאָס פּעטערבורגער „יידישעס פאָלקסבלאַטט" (1881—1889). אין

יענער צייט איז עס געווען שלום-עליכם, וועלכער האָט געפּרובט איינפירן מער סדר אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע. אין זיין עפּאָכעמאַכנדיקן זאַמלבוך „די יודישע פאָלקסביבליאָטעק" (1887) האָט ער דער דאָזיקער פראַגע געווידמעט אַ באַזונדער אַרטיקל, וואו ער האָט אויך געגעבן די הויפּט-כּללים, אויף וועלכע עס דאַרף, לויט זיין מיינונג, באַזירן די יידישע אויסלייגונג. און שוין אין די קורצע פּאָר ווערטער, וועלכע קומען פאַר די דאָזיקע כּללים, ווייזט זיך אַרויס דער גוטער חוש פון אונזער גרויסן הומאָריסט. פאַר דער יידישער אָר-טאָגראַפיע. פאַרענטפערנדיק זיך פאַר די פעלערן אין דער אויסלייגונג פון דער „פאָלקסביבליאָטעק„, שרייבט שלום-עליכם צווישן אַנדערן:

„וואָס מיר שרייבען אַלע ניט אַללע, פאַלען ניט פאַללען, ווייסען ניט וויססען, זאָל ניט זאָלל, צוריק ניט צורי‌קק, וויל ניט ווילל, קאָן ניט קאָנן, קומען ניט קוממען, אַראָפּ ניט העראַב, פאַר ניט פיר וכדומה רעכענען מיר כּלל נישט פאַר גרייזען, דען צו וואָס טויגען אונז די איבעריקע אותיות, וואָס שלעפּען זיך נאָך סתם אין יעדען וואָרט כמעט. ממה נפשך, שרייבען מיר דייטש, דאַרפען מיר האַלטען אַלע כּללים פון דער דייטשער שפראַכע; נו ווער זשע וועט אונז דעמאָלט פאַרשטעהן?"

און דאַן פאָרמולירט ער זיינע כּללים, וואָס די ערשטע צוויי פון זיי מעגן בעלייגט ווערן אין גרונד פון אַ ראַציאָנעלער סיסטעם פון יידישן אויס-לייגן:

1) מע דאַרף שרייבן **יודיש**, אַזוי ווי מע רעדט.

2) מע דאַרף שרייבען אַזוי, אַז סאַי דער פּוילישער לעזער סאַי דער ליטוואַק זאָל קאָנען פאַרשטעהן.

**70.** אָבער דעם מוט איבערצורייסן אינגאַנצן מיט דער פאַרדייטשטער אויסלייגונג האָט שלום-עליכם ניט געהאַט. דערצו האָט אים געפעלט די נייטיקע ווייסנשאַפטלעכע פילאָלאָגישע בילדונג, און שוין זיין פערטער כּלל — אַז „דאָס אויסלעגען פון די דייטשע ווערטער דאַרפען (דאַרף) זיין מעהר נאָהענט צו דייטש" — איז אַ בולטע סתּירה צו די ערשטע צוויי כּללים. און דעריבער האָט זיך אים ניט איינגעגעבן דורכצופירן די נייטיקע רעפאָרם, בפרט אַז שלום-עליכם האָט אויך געפּרובט דורכפירן אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע דעם ניט-ראַציאָנעלן פּרינציפּ פון דיפערענציאַציע, מיינענדיק, אַז

„עס דאַרף זיין אַ חילוק צווישן ווערטער, וואָס ווערן גלייך אויסגערעדט און האָבן צווייערליי בעדייטונג, למשל: שטיין — камень און שטעהן — стоять, צעהן — десять און צאָהן — зубы, זייער — ихъ און זעהר — очень, ווייניג — вино און ווענינ — мало, ציילן — ряды און צעהלען — считать, איר — вы און איהר — ей, ея, זונן — солнце, זוהן — сынъ און זין — смыслъ, וועגען — пути און וואָגען — вѣсить א. אַז. וו.

**71.** דער אַנדער גרויסער יידישער שריפטשטעלער, י. ל. פּרץ, האָט אין

זיינע אויסגאַבן פון די ניינציקער יאָרן קולטיווירט די דייטשמערישע אָרטאָגראַפיע גאַנץ געטריי, איבערלאָזנדיק די שטומע ה און ע, דעם סגל־אלף, די פאַרטאָפּלונג פון קאָנסאָנאַנטן, די דייטשמערישע שרייבונג פון די דומפּע און הילכיקע קאָנסאָנאַנטן א. אַז. וו. די דאָזיקע אויסלייגונג געפינען מיר נאָך אין דער יובילײ־אויסגאַבע פון נייע שריפטן (1901, שפּעטער אַ סך מאָל איבערגע־דרוקט געוואָרן).

**72.** מיט דעם אויפקומען פון דער ערשטער מאָדערנער יידישער צייט־שריפט „דער יוד" (1899—1902) הייבט זיך אָן אַ נייער עטאַפּ אין דער גע־שיכטע פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע. אַלס יסוד פאַר דער אויסלייגונג פון דעם „יוד" זיינען גענומען געוואָרן די הויפּט־כּללים פון שלום־עליכם, אָבער זיי זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיט מער סיסטעם און מיט אַ בולטערער טענדענץ צו באַפרייען זיך פון די דייטשמערישע שרייב־אופנים.

**73.** לגבי דער נייהויכדייטשער שפּראַך האָט די דאָזיקע אָרטאָגראַפיע גע־האַט נאָר דעם מוט אָפּצוזאָגן זיך פון דער שרייבונג פון טאָפּלטע קאָנסאָנאַנטן (למשל, אַלע—ניט אַללע, וויסען—ניט וויססען, גראַמאַטיק—ניט גראַממאַטיק), פון צם אָנשטאָט צ (למשל, פּלאַץ—ניט פּלאַטץ, זיצען—ניט זיטצען א. אַז. וו.), פון דער באַצייכענונג אַ וואָקאַלישן איבערבייט דורך סגול־אַלף (למשל, בעקעל—ניט באֶקעל, טעג—ניט טאֶג א. אַז. וו.).

**74.** די אָרטאָגראַפיע פון דעם „יוד" איז ווייטער קולטיווירט געוואָרן פון דער ערשטער טעגלעכער יידישער צייטונג אין רוסלאַנד, דעם „פריינד" (1903—1914), ביז זי איז, מיט די אָדער יענע, בכלל גאַנץ אומבאַדייטנדיקע אָפּווייכונגען, געוואָרן די הערשנדיקע אָרטאָגראַפיע, אין וועלכער עס זיינען ביז גאָר דער לעצטער צייט געדרוקט געוואָרן אַלע מאָדערנע יידישע ביכער און צייט־שריפטן.

## די רעפאָרם־באַוועגונג אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע.

**75.** די דאָזיקע אָנגענומענע מאָדערנע יידישע אָרטאָגראַפיע איז אייגנט־לעך נאָר אַ קאָפּיע, און אַ גאַנץ שלעכטע קאָפּיע, פון דעם נייהויכדייטשן אויס־לייג מיט זיין גאַנצער סיסטעמלאָזיקייט. להיפּוך צו דער גאַנצער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שרייב־סיסטעם און אויף להכעיס דער אמתער יידישער אויסשפּראַך, פאַרווענדט זי אָן שום סיסטעם די שטומע אותיות ע און ה, לייגט אויס דייטשמעריש די דומפּע און הילכיקע קאָנסאָנאַנטן, און זי האָט געבראַכט דערצו, אַז די יידישע ווערטער זיינען אין אַ גרויסן טייל געפעלשט געוואָרן אין זייער ריינער געשטאַלט. אַלס ביישפּיל לאָמיר נעמען אַזוינע אויס־לייגענישן, ווי געהן, לעגען, וועניג—הגם די ליטוויש־אוקראַיִנישע אויסשפּראַך—בעין, לעיגן, וועיניק—און די פּוילישע—גאַין, לאַיגן, וואַיניק—גיבן אונז דעם

זיכערסטן באַווייז, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט דעם אייגענעם יי=דיפטאָנג,
ווי, למשל, אין קלייד, פלייש א. אַז. וו. אָדער די שרייבונג בריעף, הונד,
שטאָדט, וואָס האָט איר שורש בלויז אין דער נייהויכדייטשער אָרטאָגראַפיע
Brief, Hund, Stadt; אָדער די אויסלייגונג יאָהר, ליעבע, וואו דער אָ=וואָקאַל
און דער י=וואָקאַל זיינען פון דער אייגענער קוואַנטיטעט, ווי, למשל, קלאָר,
ליגען; אָדער אַזעלכע שרייב=נוסחאות, ווי, למשל, קאָרן (אָן אַ ע) און געוואָ=
רען (מיט אַן ע), וואָס האָבן אין דער יידישער אויסשפּראַך קיין שום גרונד
ניט; אָדער די שרייבונג פון די פּרעפיקסן בע, פער, ענט אָנשטאָט באַ,
פאַר, אַנט א. אַנד.

76. פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מין משונהדיקע אָרטאָגראַפיע, וואָס האָט גע=
וואָרצלט אין דעם זאַמדיקן פונדאַמענט פון נאָכמאַכן די נייהויכדייטשע, וועלכע
איז אַליין פול מיט די גראָבסטע פעלערן און וועלכע דער גרויסער דייטשער
פילאָלאָג יאַקאָב גרים רופט אָן „באַרבאַרישע", האָט ניט געקענט אויסהאַלטן
די מינדסטע קריטיק פון אַ פילאָלאָגיש געבילדעטן. און די לעצטע יאָרן, זינט
די יידישע שפּראַך איז געוואָרן אַ ענין פאַר פילאָלאָגן, האָט זיך אָנגעהויבן
אַ באַוועגונג צו פאַראיינפאַכן זי און פאַריידישן, אַזוי אַז זי זאָל איבערגעבן די
קלאַנגען פון אונזער לשון, ניט פון פרעמדן געשריבענעם דייטש.

77. די פראַגע פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע איז שוין געשטאַנען אויף
דער ערשטער קאָנפערענץ וועגן דער יידישער שפּראַך אין טשערנאָוויץ (1908),
זי איז אָבער דאָרט ניט געקומען צו באַהאַנדלונג. אומגעפער פון יענער צייט
שטאַמען די ערשטע פאָרשלאָגן צו רעפאָרמירן די יידישע אויסלייגונג. דער
פאַרשטאָרבענער וואַרשעווער פעדאַגאָג מ. קרינסקי האָט אין אַן אַרטיקל אין
זיין וואָכנבלאַט „ראָמאַנצייטונג" פאָרגעלייגט אַ רעפאָרם, וואָס איר הויפּט=צוועק
איז געווען צו באַפרייען זיך פון דעם פראָסטעטישן א, דעם טרעגער פון די
וואָקאַלן ו, י, וו, יי טראַף=איין (צו שרייבן ון, ין אָנשטאָט און, אין א. אַז. וו.).
דאַן האָט פרילוצקי אָנגעהויבן אין זייגע ספּעציעלע אויסגאַבן דורכצופירן דעם
פאָנעטישן פרינציפּ אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע.

78. דער אַמעריקאַנער פילאָלאָג יהודה יאַפפע האָט אין זיינע אַרטיקלען
אין זשיטלאָווסקיס „דאָס נייע לעבן" (1909) און אין דעם זאַמלבוך „ליטעראַ=
טור" (1910) באַגרינדעט די ניטדערלאָזלעכקייט פון דעם שטומען ע פאַר די
טראַפּבילדנדיקע קאָנסאָנאַנטן ל, נ.

אַ ראַדיקאַלערע רעפאָרם פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע האָט פאָרגע=
לייגט זשיטאָמירסקי אין זיין אַרטיקל אין דעם Вѣстникъ Еврейскаго
Просвѣщенія (1911), מיט דער הויפּט=טענדענץ אויפצובויען זי אויפן אוט=
ראַקיסטישן פרינציפּ, ד. ה. אַיינפירן שרייבצייכנס, וואָס זאָלן זיין צוגעפאַסט
צו דער פאַרשיידענער אויסשפּראַך פון די יידישע קלאַנגען (וואָקאַלן) אין די
פאַרשיידענע יידישע דיאַלעקטן. נאָך ראַדיקאַלער איז געווען דער פאָרשלאָג

פון דעם יונגן פילאָלאָג מ. וויינגער, וועלכער האָט אין אַ באַזונדער בראָשור „מאַין אַלעפבעיז" (1913) געפּרובט באַגרינדן אַ נייע סיסטעם פון יידישער טראַנסקריפּציע אויפן אידעאַלן פּרינציפּ פון דער אָרטאָגראַפיע: קיין שום איבעריקע אותיות און אַ באַזונדער אות פאַר יעדן קלאַנג. לויט דעם האָט וויינגער פאַרגעלייגט אײנגאַנצן צו באַזייטיקן פון דעם יידישן אַלפאַבעט די אותיות ח, ם, ן, ץ, דעם ף איבערלאָזן, אָבער ניט אַלס ענדע־אות, נאָר אַלס צייכן פאַר דעם קלאַנג פ, וועלכער דאַרף לויט וויינגערס סיסטעם דינען נאָר פאַר דער באַצייכענונג פון פ־קלאַנג (למשל, פון=פון, פאַס=פאַס און פאַס=פאַס א. אַז. וו.); איינצופירן באַזונדערע צייכנס פאַר דעם י־קאָנסאָנאַנט (אַ יוד מיט אַ פוסטן קעפל), פאַר דעם וו־קאָנסאָנאַנט (איין ו מיט אַ קווערשטריכל), און פאַר דעם אָ־וואָקאַל (אַן א מיט אַ האָריזאָנטאַלן שטריך אינמיטן), צום אונטערשייד פון י־וואָקאַל, ו־וואָקאַל און אַ. אין וויינגערס שרייב־סיסטעם איז אויך באַזייטיקט דער פראַסטעטישער אלף, אָנשטאָט יי און וו איז איינגעפירט עי און אָי (למשל, אַנטלאָיפן=אַנטלויפן, געין=גיין א. אַז. וו.), די העברעאישע ווערטער ווערן אויסגעלייגט לויט דער אַלגעמיינער יידישער אָרטאָגראַפיע (למשל, ראַכמאָנעס, באָכערל א. אַז. וו.).

79. ניט אַזוי ראַדיקאַל איז די רעפאָרם פון ב. באָראָכאָוו אין „פנקס". באָראָכאָווס אָרטאָגראַפיע ברעכט ניט די היסטאָרישע יסודות פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע, זי איז נאָר אַ צוריקקער צו דער אַלטער יידישער אויסלייגונג, געבויט אויף דעם פאָנעטישן פּרינציפּ. זי איז נאָך פריער אָנגעווענדט געוואָרן אין די נייע יידישע לערנביכער פון דעם ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין („די נייע שול" פון ד. האָכבערג, מעטאָדישע אָנווייזונגען צו דער נייער שול פון זשיטאָמירסקי און ד. האָכבערג).

80. אין צוזאַמענהאַנג מיט די פאָרשלאָגן צו רעפאָרמירן די יידישע אָרטאָגראַפיע זאָל אויך דערמאָנט ווערן דער פּראָיעקט אינגאַנצן צו פאַרוואַרפן דעם יידישן אלף־בית און פאַרווענדן פאַר דער יידישער שפּראַך דעם לאַטיינישן אַלפאַבעט. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט צוערשט געפּריידיקט דער רומענישער יידישיסט ד״ר סאָטעק פון בראַאילאַ און האָט געפונען פאַרטיידיקער אין ד״ר נתן בירנבוים (וועלכער האָט עס אויך פאָרגעלייגט פאַר העברעאיש), יהודה יאַפפע און ד״ר לודוויג זאַמענהאָף, דעם וועלטבאַרימטן גרינדער פון עספּעראַנטאָ (אונטערן פּסעוודאָנים X אין „לעבן און וויסנשאַפט", 1909).

81. אויב אָבער די לאַטיינישע רעפאָרם איז פון אָנהייב אָן געווען פאַרמשפּט אויף אַ דורכפאַל, האָבן אָבער די רעפאָרם־פּרובן פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע געפונען די הייסטע פאַרטיידיקער ביי די אַלע, וואָס האָבן זיך מיט ערנסט און פאַרשטענדעניש באַצויגן צו דער דאָזיקער פראַגע. דאָך זיינען די אַלע פּרובן און פּראָיעקטן געבליבן אָן אַ ווירקונג אויף דער אויסלייגונג פון די ביכער און צייטונגען און האָבן געטראָגן נאָר אַן אַקאַדעמישן כאַראַקטער. דער קאָנסערוואַטיזם פון דעם פּובליקום, פון די רעדאַקטאָרן, אַרויסגעבערס, קאָרעק־

טאָרס, זעצערס צוזאַמען מיט דער עם-הארצות, וואָס הערשט אין די ברייטע קרייזן פון דער געזעלשאַפט בנוגע די פראַגן פון שפּראַך און אָרטאָגראַפיע און זייער קעגנזייטיקער באַציאונג, האָט ניט דערלאָזט, אַז די באַוועגונג זאָל דורכדרינגען אין לעבן.

**82.** ערשט ווען יידיש איז געוואָרן די שפּראַך פון דער יידישער שול און דער יידישער פאָלקסלערער האָט אויף טריט און שריט זיך אָנגעשטויסן אויף די משונהדיקייטן פון דער יידישער אויסלייגונג, וואָס האָט געפאָדערט פון די קינדער אַזויפיל איבעריקע ענערגיע, איז געקומען א סוף צו די חקירות וועגן דער נייטיקייט פון דער רעפאָרם און די רעפאָרם איז דורכגעפירט געוואָרן אויף אַ רעוואָלוציאָנערן אופן, אָן אַ צוזאַמענריידן זיך צווישן די פאַרשיידענע לענדער פון דער יידישער שפראַכהערשאַפט.

**83.** די ערשטע צייטונג, וואָס האָט זיך דערוועגט איינצופירן וויכטיקע שינויים אין דער אויסלייגונג, איז געווען די ווילנער טעגלעכע צייטונג „לעצטע נייס" (1916—1918). אָבער צוליב אַ קאַפּריז פון דעם פאַרלעגער האָט זיך ניט איינגעגעבן פטור צו ווערן פון דעם שטומען ע פאַר די טראַפבילדנדיקע קאָנסאָנאַנטן ל און נ. דאַן איז דער גרויסער טעגלעכער אָרגאַן פון די פאַראייניקטע סאָציאַליסטן אין קיעוו, „די נייע צייט" (1917—1919), געווען דער אָרגאַן, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן איינצופירן די נייע אָרטאָגראַפיע אין דער פרעסע און האָט גורם געווען, אַז אַלע אויסגאַבן אין אוקראַינע און גרויסרוסלאַנד זיינען ביסלעכווייז אַריבער צו אַ פאַראיינפאַכטער יידישער אויסלייגונג.

**84.** ביי היינטיקן טאָג ווערט די „אַלטע" (ד. ה. אייגנטלעך די אָרטאָגראַפיע זינט „דעם יוד", אַלזאָ ניט עלטער פון אַ יאָר 20) אָרטאָגראַפיע אין איר גאַנצער סיסטעמלאָזיקייט און פאַרדייטשמערישטקייט אָפּגעהיט נאָר אין פוילן (הגם אויך דאָרט ווערן שוין די ביכער און מאַנכע פאַרטייאישע אויסגאַבן אויסגעלייגט ניט לויט אַלע כללים פון דער דייטשמערישער אָרטאָגראַפיע און עס ווערט געצאָלט צינז דער רעפאָרמירטער אויסלייגונג), גאַליציע, ענגלאַנד, אין אַמעריקע האָט די „וויסנשאַפטלעכע קאָמיסיע פאַר יידישען אויסלייגען" (אין וועלכער עס גייען אַריין א. האַרקאַווי, יהואש, י. יאַפע, אברהם רייזען, יעקב לעווין) דורכגעפירט נאָר אַ טיילווייזע רעפאָרם (אַרויסגעוואָרפן דעם שטומען א אין סוף וואָרט, וועלכער האָט זיך אין אַמעריקע דערהאַלטן ביז גאָר דער לעצטער צייט אין דער שרייבונג דיא, דעם שטומען ה נאָך אַ ט, באַזייטיקט דעם ח פון ניט העברעאישע ווערטער, די טאָפּלטע קאָנסאָנאַנטן, די שרייבונג פער, בע, ענט, אָב, אַראָב אָנשטאָט פאַר, באַ, אַנט, אָפּ, אַראָפּ).

**85.** אין ליטע, אוקראַינע, ווייסרוסלאַנד און גרויסרוסלאַנד איז די אַלטע אָרטאָגראַפיע כמעט שוין אינגאַנצן אַרויס פון געברויך, אַדאַנק דער השפעה פון דער דעמאָקראַטישער פרעסע, פון דער נייער יידישער שול, און אין אַ געוויסער מאָס אויך דעם ביישפּיל פון דער דורכגעפירטער רעפאָרם פון דער רוסישער אויסלייגונג.

86. מיר האַלטן אַלזאָ איצט אין דער תקופה, ווען די אַלטע יידישע אָרטאָגראַפיע, וואָס האָט זיך ביז דער לעצטער צייט געקענט איבערנעמען כאָטש מיט איר אָנגענומענקייט אין דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, איז צעבראָכן געוואָרן. פאַרטיידיקן זי קען אַלזאָ נאָר דער דילעטאַנטישער קאָנסערוואַטיזם פון די, וואָס איינגעלעבט זיך איינמאָל מיט דער אָנגענומענער אָרטאָגראַפיע, האַלטן זיי זי פאַר דער בעסטער און צוועקמעסיקסטער און קענען זיך ניט שטעלן אויף אַ אָביעקטיוון שטאַנדפּונקט און משפּטן וועגן יעדער אָרטאָגראַפישער ענדערונג, אַרויסגייענדיק פון זייער אייגענער באַקוועמלעכקייט און רגילות.

87. פון דער אַנדער זייט אָבער, דורך די פאַרשיידענע מיינונגען און חלוקי-דעות אין דעם ענין פון אָרטאָגראַפיע און דערהויפּט דערפאַר, וואָס צו דער רעפאָרם האָבן זיך ניט אַלעמאָל גענומען פילאָלאָגיש-געבילדעטע לייט, וואָס זאָלן דערצו אויך האָבן גענוג באַהאַוונטקייט אין דער לעבעדיקער יידישער שפּראַך, ווי אַזוי זי קומט צום אויסדרוק אין פאַרשיידענע קאַנטן, ביי פאַרשיידענע טיילן פון יידישן פאָלק, איז אַרויסגעקומען אַ גרויסע אומזיכערקייט און אַ גרויסער מישמאַש אין דער יידישער אויסלייגונג. יעדערער האָט אָנגעהויבן צו שרייבן, ווי עס האָט זיך אים געלייגט אויף ז יי ן שכל; יעדע פּראָווינץ, יעדע שטאָט, יעדע שול און אָפּטמאָל אַפילו די לערער אין איין און דער זעלבער שול האָבן ניט געזוכט זיך צונויפצורעדן אויף אַ איינהייטלעכער סיסטעם פון יידישן אויסלייגן, פון וואָס די יידישע ליטעראַרישע שפּראַך האָט באַקומען אַ אָפּגעלאָזן פּנים.

88. די רעפאָרם פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע איז פּאַקטיש שוין דורכגעפירט, אָבער עס פעלט נאָך דער נייער אויסלייגונג אונזוערער די איינהייטלעכקייט און אויסגעהאַלטנקייט, כדי אַוועקצושטעלן די יידישע אָרטאָגראַפיע אויף פעסטערע יסודות, מוזן מיר זיך רעכענען מיט געוויסע פּרינציפּן, אויף וועלכע די סיסטעם פון דער יידישער אויסלייגונג דאַרף זיין געבויט.

## די פּרינציפּן פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע.

89. דער עלעמענטאַרסטער און פונדאַמענטאַלסטער פּרינציפּ פון יעטווידער אָרטאָגראַפיע בכלל און פון דער יידישער בפרט, איז דער פ אָ נ ע ט י ש ע ר, וועלכער ווערט פאָרמולירט אין דעם כלל: שרייב, ווי דו רעדסט. דער דאָזיקער פּרינציפּ פאָדערט צו פאַרצייכענען יעדן קלאַנג גענוי אַזוי, ווי ער ווערט געהערט ביי אַ ריכטיקער און דייטלעכער אויסשפּראַך, דורך דעם אות, וואָס איז פאַר אים באַשטימט. דעם פאָנעטישן פּרינציפּ זייענדיג, למשל, סותר אַזוינע אויסלייגענישן ווי: דיא, ליעבע, טהעאַטער, מוטה, יאָהר, בייהען, רוהיג, געהן, גאָטט, פפליכט, קאַמפּף, קיסן, זעטצן, פליטשע, זעכס, בויער, נור (אָנשטאָט: די, ליבע, טעאַטער, מוט, יאָר, נייען, רואיק, גיין, גאָט, פליכט, קאַמף, קישן, זעצן, פלייצע, זעקס, פויער, באָר). אָבער דער פאָ-

נעטישער פּרינציפּ קאָן ניט דורכגעפירט ווערן אין אַלע פאַלן, וואָרים ערשטנס קאָן קיין שום שרייבונג ניט אויסדריקן אַלע שאַטירונגען און ניואַנסן פון דער לעבעדיקער מינדלעכער שפּראַך, צווייטנס, איז די דורכפירונג פון דעם בלויז פאָנעטישן פּרינציפּ אוממיגלעך דורך די דיאַלעקטישע אונטערשיידן אין דער אויסשפּראַך פון פאַרשיידענע געגנטן, און ענדלעך שטויסט זיך דער פאָנעטישער פּרינציפּ אָן אויף דעם צווייטן פּרינציפּ פון דער אָרטאָגראַפיע, דעם עטימאָלאָגישן אָדער מאָרפאָלאָגישן.

**90.** דער עטימאָלאָגישער אָדער מאָרפאָלאָגישער פּרינציפּ איז דער פּרינציפּ פון אויסלייגן דעם אָדער יענעם וואָרט על־פּי אַנאַלאָגיע מיט אַנדערע פאָרמען, אין וועלכע עס קומט פאָר. דער דאָזיקער פּרינציפּ פאָדערט אַלזאָ, אַז די שרייבונג זאָל ניט סותר זיין דער עטימאָלאָגישער פאָרם פון דעם וואָרט, אַז עס זאָל אָפּגעהיט ווערן די אָפּשטאַמונג זיינע, ד. ה. אַז אין געוויסע פאַלן זאָלן אין די ווערטער פאַרצייכנט ווערן ניט די געהערטע קלאַנגען, נאָר די, וואָס געפינען זיך אין קרובישע פאָרמען און וואָס זיינען צוגלייך אויך נעענטער צום שורש. דעם דאָזיקן פּרינציפּ ווענדן מיר אָן, ווען מיר שרייבן, למשל, די ווערטער: בלאָזט, פאָלק, וועבט, ניט פאָנעטיש (בלאָסט, פאָלג, וועפּט), נאָר עטימאָלאָגיש, על־פּי אַנאַלאָגיע מיט די קרובישע פאָרמען בלאָזן, פעלקער, וועבן. דאָס וואָרט דאַרפן שרייבן מיר ניט פאָנע־טיש — דאַפן, ווייל אין די פאָרמען באַדערפעניש, באַדערפטיק האָבן מיר אַ ר. דאַכט זיך שרייבן מיר ניט פאָנעטיש דאַכצאַך, ווייל עטימאָלאָגיש האָבן מיר דאָ צוויי ווערטער: דאַכט און זיך. זיך שרייבן מיר ניט זאַך, ווייל ווען דאָס וואָרט האָט דעם טראָפּ אויף זיך, קלינגט עס זיך (למשל, זיך איין אויג, אַבי יענעם צוויי). אַזעלכע פאָרמען, ווי: רעדט, מיידט, שניידט, שיידט שרייבן מיר מיט דט, ווייל מיר פילן דעם ד אַלס קלאַנג פון שורש (ריידן, מיידן, שיידן, שניידן), און דעם ט — אַלס פלעקסיע פון דער צווייטער (אין רבים) אָדער דריטער פּערזאָן.

דאָס פאָרוואָרט ביי קענען מיר ניט שרייבן דורך אַ — באַ, ווייל אין די פאָרמען, למשל, דערביי, פאַרביי, אָדער אַלס פּרעפיקס אין אַזעלכע ווער־טער ווי בייקומען, ביישטיין — לגבי באַקומען, באַשטיין — האָבן מיר עס אין דער דייטלעכער פאָרם ביי.

**91.** פאַרבייגן דעם עטימאָלאָגישן פּרינציפּ קאָנען מיר זיך דערלויבן נאָר אין אַזעלכע פאַלן, ווען אויפן באָדן פון דער יידישער שפּראַך לאָזט זיך ניט אָפּזוכן קיין אַנאַלאָגיע, וואָס זאָל סותר זיין דער פאָנעטישער אויסלייגונג. מיר קאָ־נען, למשל, שרייבן פאָנעטיש היפּש און קעפּסוויב, ווייל זיי שטייען אינגאַנצן איזאָלירט אין יידיש און נאָר פון דער דייטשער היסטאָרישער גראַ־מאַטיק ווערן מיר געוואָר וועגן די פאָרמען „היבעש" און „קעביסאַ", וואָס מאַכן נייטיק דעם דייטש צו שרייבן זיי דורך אַ ב.

**92.** דעם עטימאָלאָגישן פּרינציפּ אין דער אָרטאָגראַפיע דאַרפן מיר

אָפּהיטן נאָר אויף אַזוי פיל אַלזאָ, אויף וויפיל ער לאָזט זיך נאָכזייזן אין גבול פון דער יידישער שפּראַך, ניט נעמענדיק דערביי אין אַכט די אויסלייגונג אין דייטש. אַניט — פירן מיר אַריין אונזער לשון אין דעם פּאַרוואַטער פון אַ פרעמדער שפּראַך מיט אַ פרעמדער אויסלייגונג. דעריבער איז פאַלש, סיי פאָנעטיש, סיי עטימאָלאָגיש צו שרייבן, למשל, בריף, האַנד, ווינד (והראיה: בריוועלע, הענטעלע, אָפּהענטיק, ווינטעלע). אָבער די אויסלייגענישן, למשל, פריינט, גרונט זיינען סותר ניט נאָר דער דייטשער אָפּשטאַמונג, נאָר אויך דער יידישער עטימאָלאָגיע, ווייל מיר האָבן די פאָרמען באַפריינדעט, באַגרינדעט.

**93.** דער עטימאָלאָגישער פּרינציפּ שטרעבט אַלזאָ דערצו, אַז עס זאָל אָפּגעהיט ווערן די איינהייטלעכקייט ביים אויסלייגן דעם אָדער יענעם וואָרט אין זיינע פאַרשיידענע פאָרמען. און אין דעם פּרט שטייט ער אין אַ געוויסן צוזאַמענהאַנג מיט דעם דיאַלעקטיש-ליטעראַרישן פּרינציפּ, וועלכער פאָדערט, אַז דאָס, וואָס ווערט געשריבן ליטעראַריש, זאָלן אַלע יידן פון פאַרשיידענע געגנטן מיט זייערע פאַרשיידענע אויסשפּראַכן קאָנען לייענען אָן שוועריקייטן. דאָס קאָן אָבער דערגרייכט ווערן נאָר אויפן וועג פון געוויסע פּשרות און הנחות, וואָס די פאַרשיידענע דיאַלעקטן מאַכן אין נאָמען פון דער איינהייטלעכקייט פון דער ליטעראַרישער שריפטלעכער שפּראַך.

**94.** די גרעסטע הנחות קומט דאָ אויס צו מאַכן דעם פּויליש-דרומדיקן יידיש, דערהויפּט דערפאַר, וואָס דער ליטווישער דיאַלעקט איז צוליב פאַרשיידענע סיבות פון די נייסטע יידישע שריפטשטעלער און זשורנאַליסטן געלייגט אין יסוד פון דער יידישער ליטעראַרישער שפּראַך; אַזוי, למשל, מוזן די פּוילישע און דרומדיקע יידן נאָכגעבן די ליטווישע אין דעם מלאפום און שרייבן בוך, דו, קומען (ניט פאָנעטיש: ביך, די, קימען); אין דעם קלאַנג יי: צייט, שרייבן, בייסן — (ניט פאָנעטיש: צאַט, שראַבן, באַסן); אין דעם ברייטן ע: לעבן, שרעטעלע (ניט לייבן, שרייטעלע), אין דעם לאַנגן קמץ, למשל, זאָגן, קלאָגן (ניט זוגן, קלוגן) א. אַז. וו.

**95.** אַקעגן-זשע גיט דער ליטווישער דיאַלעקט נאָך דעם פּוילישן און וואָלינערישן אין דעם חולם און שרייבט וי אין די אַלע פאַלן, וואו דאָס פּויליש-דרומדיקע יידיש רעדט אויס אָי, למשל, גרויס, ברויט, בוים, קויפן, רויך א. אַז. וו. (ליטוויש פאָנעטיש — גרייס, ברייט, ביים, קייפן, רייך א. אַז. וו.). אָבער דאָרט, וואו דער פּויליש-דרומדיקער דיאַלעקט רעדט אויס אַ צירה, האָט דער ליטווישער קיין גרונד ניט צו שרייבן וי, למשל, אייבערשטער, טרייסט, פליי, אָדער אין די פאַלן פון וואָקאַלישן איבערבייט, למשל, בוים — ביימער, ביימעלע, אויג — אייגעלע, פויגל — פייגעלע. וואָרים פּונקט ווי דאָס פּויליש-דרומדיקע יידיש, וואָס האָט צונויפגעמישט דעם חיריק מיטן מלאפום, קען ניט פרעטענדירן אויף דער אויסלייגונג קימען אָנשטאָט קו-

מען, אַזוי קען דער ליטוואַק, וואָס איז ניט מבחין צווישן צירה און חולם, קיין טענות ניט האָבן קעגן דער שרייבונג קרוין, ברויט, סטויג, פלויט א. אַז. וו.

96. אַ הנחה דעם פוילישן יידיש איז אויך די שרייבונג פון עֶ פאַר נג, נק, למשל, בענקען, געדענקען, ברענגען, לענגער (וואָלטן מיר עס געשריבן דורך יי, וואָלט דער פוילישער עס געלייענט: בראַינגען, באַינקען, לאַינגער).

97. דער עטימאָלאָגישער און דיאַלעקטיש-ליטעראַרישער פרינציפּ פון דער אָרטאָגראַפיע איז טיילמאָל נאָך פאַרבונדן מיט דעם היסטאָרישן פרינציפּ.

דער היסטאָרישער פרינציפּ אין דער אויסלייגונג נעמט אין תּוך אַרום די גאַנצע אָרטאָגראַפיע, אויף ווי ווייט זי איז אַריבער בירושה פון דער פריערדיקער צייט, אַזוי אַז אויך די איבעריקע פרינציפּן זיינען אין דעם זין היסטאָרישע. אין ענגערן זין הייסן היסטאָרישע אויסלייגענישן די-יעניגע, וואָס זיינען אַמאָל געווען פאָנעטישע, אָבער מיט דער פאַרענדערונג פון דער אויסשפּראַך האָבן זיי אויפגעהערט צו זיין אַזעלכע, בלייבנדיק נאָר מחמת טראַדיציע. אין די היסטאָרישע אויסלייגענישן ווערט אַלזאָ אָפּגעשפּיגלט די פאַרצייטיקע, שוין געענדערטע אויסשפּראַך אָדער דאָס זיינען די פון לאַנג אָן אָנגענומענע, דורך דעם כּוח פון מנהג פאַרהייליקטע שרייב-אופנים, וואָס שטימען שוין אפשר ניט מיט דער לעבעדיקער אויסשפּראַך אָדער בכלל מיט דעם כאַראַקטער פון דער שפּראַך. אַזוי, למשל, זיינען אין יידיש היסטאָריש די באַצייכענונגען פון אַי דורך יי אין אַזעלכע ווערטער, ווי ווייַן, מייל, ווייב), אָפּשפּיגלענדיק יענע אוראַלטע אויסשפּראַך, ווען דער יי האָט נאָך באַצייכנט דעם לאַנגן י.

98. די פונאַנדערטיילונג פון וו און ו דורך אַן אַ (וואו, וואונדער) דער אַ אַלס טרעגער פון וואָקאַל פאַר ו, י, וי, יי אין אָנהייב טראַף, למשל, און, אין, אויס, איין, די ענדונג יך אין שם-עצמס, פאַרקלענערווערטער און בייווערטער (רעטיך, טישליך, שרעקליך), וועלכע קלינגט אין דער לעבעדיקער אויסשפּראַך אין אייניקע ערטער עך און אין אייניגע אַך, אָבער ערגעץ ניט יך.

99. דער היסטאָרישער פרינציפּ אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע איז באַזונדערס שייך צו די העברעאישע און אַראַמעאישע ווערטער, וואָס גייען אַריין אין יידיש. יידיש ווערט געשריבן מיט דעם העברעאישן אלף-בית, און אַלע העברעאישע ווערטער אין יידיש ווערן אויסגעלייגט ווי אין מקור, ד. ה. לויט אַ גאַנץ אַנדער סיסטעם, אין גיך נאָר די סיסטעם פון פיקסירן די קלאַנגען, דערהויפּט די וואָקאַלן, אָבער אויך די קאָנסאָנאַנטן (וו, ס, כ, ק, ט) איז אַ גאַנץ אַנדערע. נייערט אויך די אויסלייגונג פון טייל העברעאישע ווערטער

אנטשפּרעכט אַבסאָלוט ניט זייער יידישער אויסשפּראַך (למשל, בעל־הבית = באַלעבאָס, קריאת־שמע = קרישמע, מהיכי־תיתי = מאַכטייסע א. אַנד.).

**100.** אייניקע אויסלייגענישן פון דער אַלטער אָרטאָגראַפיע באַזירן אויף דעם פּרינציפּ פון **דיפערענציאַציע**, וועלכער באַשטייט אין דעם, וואָס ווערטער, אַלצאיינע אין קלאַנג, אָבער פאַרשיידענע לויט דער באַדייטונג, באַקומען אַ געוויסע נפקא־מינה אין דער אויסלייגונג, למשל, די זון און דער זוהן, אָהן און אָן (געבליבן אָהן געלט, עס ווענדט זיך אָן געלט), שטיין (אבן) און שטעהן (עמד) א. אַז. וו. אָבער צו וואָס דער דאָזיקער פּרינציפּ (דער **לאַגישער** פּרינציפּ אין דער אָרטאָגראַפיע) קאָן ברענגען, ווען מ׳זאָל אים וועלן דורכפירן, ווייזט אונז דער פּראָיעקט פון דעם גרויסן לינגוויסט ד״ר זאַמענהאָף אין „לעבען און וויסענשאַפט״, וועלכער האָט פאָרגעלייגט, למשל, אַזעלכע דיפערענצירטע אויסלייגענישן: דין (אַ געזעץ), דינן (ניט גראָבּ) דיהנען; גראָב און גראָהבען; שטעהרען (ניט לאָזן), שטערען אין הימלען, שטעררען (פון קאָפּ); בעטטען (אַ בעט), בעטען (האָבן אַ בקשה); ליהגען און ליגען (שקר); אָהדער (פון קערפּער) און אָדער (צי), שטיהקען (ווערגן), שטיקען (העפטן) און שטיקק (אַ חלק); וועהגען (אויף אַ וואָג), וועגען (מכוח) און זיך דערוועגען א. אַז. וו. א. אַז. וו. די דאָזיקע רשימה וואָלט געקאָנט פאַרגרעסערט ווערן אין הונדערטער מאָל, ווייל וועלכער וואָרט האָט עס ניט צו צוויי אָדער מער באַטייטונגען? און די אָרטאָגראַפיע וואָלט דאַןווירקליך געוואָרן אַן אמתע אָפּקומעניש, און ס׳וואָלט ניט געקלעקט דער אייזערנסטער זיכּרון צו געדענקען די פאַרשיידענע נוסחאות. בפרט, אַז דער ציל ווערט דערגרייכט ניט דורך אַ דיפערענצירטער אויסלייגונג, נאָר דורך דעם זין אין דעם זאַץ: „עס ווענדט זיך וואו דער חמור שטייט, אין שטאַל צי אין קעלער״.

**101.** נאָר אין אויסנאַם־פאַלן קאָן יאָ זיין אַ גרונד פאַר אַ דיפערענצירטער אויסלייגונג פון גלייך קלינגענדיקע ווערטער, ווען אַנדערש איז ניט מיגלעך צו דערקענען די פאַרשיידנקייט פון דער באַדייטונג. ווי מיר האָבן עס, למשל, ביי מאָריס ראָזנפעלד אין זיין שיר „מיין זוהן״: מיין **זוהן**, מיין **זון**, מיין ליבער **זוהן**!״ (וואָרטשפּיל פון זון—בן און זון—שמש). אָבער צוליב אַזעלכע זעלטענע פאַלן לוינט בשום אופן ניט צו קאָמפּליצירן די גאַנצע סיסטעם פון דער אויסלייגונג דורך דעם פּרינציפּ פון דיפערענציאַציע. וואָרים ווייבאַלד מיר קענען אויסקומען מיט האָנאָנימען (גלייך קלינגענדיקע ווערטער מיט פאַרשיידענער באַדייטונג) ביים מינדלעכן ריידן, ניט מורא האָבנדיק פאַר אַ טעות, איז אַבסאָלוט ניט צוועקמעסיק צו דיפערענצירן זיי ביים שרייבן.

**102.** די דאָזיקע אַלע פּרינציפּן ערשיינען אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע, ווי אויך אין די שרייב־סיסטעמען פון אַנדערע שפּראַכן, ניט שטרענג אויסגעהאַלטן און ניט אָפּגעזונדערט איינס פון דעם אַנדערן, נייערט זיי שניידן זיך איבער, מישן זיך צונויף, קומען אָפּט אין סתירה צווישן אַנאַנד, און דער אָדער יענער פּרינציפּ מוז נאָכגעבן. כמעט אין אַלע שפּראַכן האָבן מיר פאַלן

פון ניט אויסגעהאַלטענער אָנווענדונג פון די אָרטאָגראַפֿישע פּרינציפּן. אַזעלכע אויסלייגענישן, למשל, ווי scribo — scripsi אין לאַטיין, коснуться — касаться, сдѣлать — здѣсь, безпечно — испечь אין רוסיש, זיינען נאָר אַ פּאָר ביישפּילן פון דער גרויסער צאָל פֿאַלן, אין וועלכע דער פֿאָנעטישער פּרינציפּ קומט צונויפֿגעמישט מיט דעם עטימאָלאָגישן. נאָך גרעסער איז דער פֿלאָנטער פון די פֿאַרשיידענע אָרטאָגראַפֿישע פּרינציפּן אין דער דייטשער אויסלייגונג.

**103.** ביי איר גאַנצער ניטאויסגעהאַלטנקייט איז די יידישע אָרטאָגראַפֿיע גרינגער ווי די דייטשע אָדער גאָר די פֿראַנצויזישע, שוין אָפּגערעדט פון דער ענגלישער, וועגן וועלכער איינער האָט געזאָגט, אַז ענגליש שרייבט מען ווי מ'וויל, אַבי נאָר ניט אַזוי ווי מ'רעדט. די שוועריקייטן פון דער יידישער שרייב־סיסטעם, אַוועקגעקוקט פון דער אויסלייגונג פון די העברעאישע עלעמענטן, שטאַמען קודם־כּל פון דער פֿאַרשיידענער אויסשפּראַך פון די וואָקאַלן אין די פֿאַרשיידענע יידישע דיאַלעקטן און פון דער אומפֿולקומקייט פון דעם אלף־בית, וואָס פון איין זייט האָט ער אותיות, וועלכע גיבן איבער צוויי אָדער מער קלאַנגען (למשל, דער אָ אין שלאָפֿן און אין האָפֿן, דער י אַלס וואָקאַל און אַלס קאָנסאָנאַנט, דער ל מיט זיין ווייכער אויסשפּראַך און דער האַרטער אין פּוילישן יידיש א. אַז. וו.), פון דער אַנדער זייט מוז ער זיך באַדינען מיט צונויפֿגעזעצטע אותיות פֿאַר איינפֿאַכע קלאַנגען (זש, וו, לי=l, ני=ń), און פון דער דריטער זייט האָט ער פֿאַרשיידענע צייכנס פֿאַר איין און דעם זעלביקן קלאַנג (למשל, ב און וו, ח, כ און ך, אַי און יי, אָי און וי). דערצו נאָך איז די יידישע אָרטאָגראַפֿיע באַלעסטיקט מיט איבעריקע חומרות אַלס ירושה פון דער היסטאָרישער אויסלייגונג (למשל, דער פּראָסטעטישער אלף, דער א צווישן וו און ו—וואו) און פון דער דייטשמערישער אויסלייגונג (טץ, שטומער ע, שטומער ה).

**104.** אָבער קיין פֿולקומע אָרטאָגראַפֿיע פֿאַרמאָגט ניט קיין שום שפּראַך. דער אידעאַל פון דער אָרטאָגראַפֿיע — אַז פֿאַר יעטווידער קלאַנג פון דער שפּראַך זאָל זיין במציאות אַ באַזונדער שרייבצייכן און אַז יעטווידער שרייבצייכן זאָל אויסדריקן נאָר איין באַשטימטן קלאַנג—קאָן ניט דערגרייכט ווערן פֿאַר קיין שום שפּראַך, קודם־כּל דערפֿאַר, וואָס די קלאַנגען פון דער שפּראַך, ווי די אברים פון אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם, זיינען אויסגעשטעלט אויף לאַנגזאַמע פֿאַרענדערונגען אין משך פון דער צייט, און דער איינמאָל צוגעפּאַסטער אַלפֿאַבעט, די איינמאָל אָנגענומענע שרייב־סיסטעם בלייבט ווי געווען, קאָן ניט האַלטן שריט גיט די קאַפּריזע ענדערונגען אין דער לעבעדיקער אויסשפּראַך, שוין ניט ריידנדיק פון דעם, וואָס אָפֿטמאָל איז דער אַלפֿאַבעט אַנטליען ביי אַ פֿרעמדער שפּראַך מיט אַ גאַנץ אַנדער קלאַנגענסיסטעם און אפֿילו אין מאָמענט פון איינפֿירן אים שטימט ער אויך ניט אין אַלע אופֿנים מיט דער קלאַנגענסיסטעם פון דער שפּראַך, פֿאַר וועלכער ער ווערט צוגעפּאַסט: אָדער אין אים פֿעלן צייכנס פֿאַר די קלאַנגען, וואָס זיינען יאָ דאָ אין דער נייער שפּראַך,

אָדער דער אַלפאַבעט האָט איבעריקע אותיות, ווי מיר האָבן עס, למשל, אין דעם העברעאישן אלף=בית פאַר דער יידישער שפראַך.

**105.** דער גרעסטער עיכוב אָבער פאַר דער סיסטעם פון אַ פולקוטער, אידעאַלער אָרטאָגראַפיע איז דער אומשטאַנד, וואָס די קלאַנגען פון דער לעבעדיקער שפראַך זיינען אַזוי רייך אין פאַרשיידענע ניואַנסן, אַז ניט אַלע מאָל איז זיי מיגלעך איבערצוגעבן דורך די געוויינלעכע אותיות פון אלף=בית. אויף ווי ווייט ס׳איז שווער איבערצוגעבן מיט אַ אידעאַלער פינקטלעכקייט די קלאַנגען פון דעם לעבעדיקן לשון, ווייזט אונז די גאַנץ קאָמפּליצירטע סיסטעם פון דער וויסנשאַפטלעכער אָרטאָגראַפיע, פון דער אַזויגערופענער פאָנעטישער טראַנסקריפּציע, וועלכע ווערט אָנגעווענדט אין דער שפראַכוויסנשאַפט. און אויך אין דער וויסנשאַפטלעכער טראַנסקריפציע קאָנען זיין פאַרשיידענע גראַדן פון גענויקייט אין דער פיקסירונג פון די קלאַנגען. קיין שום אַלפאַבעט, ווי ער שטייט און גייט, קען פאַר איר ניט טויגן, און זי מוז אַ טייל אותיות, איבעריקע, אַרויסוואַרפן, און פאַר אַ גאַנצער ריי קלאַנגען, וועלכע האָבן ניט קיין באַזונדערע אותיות, אויסטראַכטן נייע צייכנס. פאַראַן אפילו אַ סיסטעם פון וויסנשאַפטלעכער טראַנסקריפציע, וואו די קלאַנגען ווערן פיקסירט ניט דורך אותיות, נאָר ריין אַלגעבראַאיש, דורך דער באַצייכענונג פון דער לאַגע, וואָס די רייד=אָרגאַנען פאַרנעמען ביים אַרויסברענגען דעם אָדער יענעם קלאַנג.

אָבער די שריפטלעכע שפראַך פון אַ פאָלק קען זיך ניט פאַרגינען דעם לוקסוס צו האָבן אַזאַ פולקומע פיקסאַציע פון אירע קלאַנגען; די וויסנשאַפטלעכע טראַנסקריפציע איז ניט צוגעפאַסט צו די פראַקטישע צוועקן, וואָס די אָרטאָגראַפיע שטעלט זיך. אגב איז ביים געוויינלעכן שרייבן די פעדאַנטיש גענויע פיקסירונג פון די קלאַנגען לאוו=דווקא, בפרט אַז זי איז מיט לייכטע, פאַר דעם ברייטן עולם צוטריטלעכע מיטלען כמעט ניט דערגרייכלעך. נאָכמער: די געוויסע אומפולקומקייט פון דער אויסלייגונג מאַכט אין געוויסע אופנים מיגלעך אַ איינהייטלעכע אָרטאָגראַפיע. די שריפט קען זיך ניט שטעלן פאַר אַ ציל אָנצויאָגן די קאַפריזע פאַרענדערלעכע ערשיינונגען פון דער לעבעדיקער אויסשפראַך, אַניט וואָלטן מיר סוף=כל=סוף געקומען דערצו, אַז יעדע געגנט און יעדע תקופה וואָלטן געמוזט האָבן אַ באַזונדערע אָרטאָגראַפיע, וואָרים די אויסשפראַך איז פאַרשיידן לויט דעם אָרט און לויט דער צייט. מיר מוזן מוותר זיין אויף דער פולקומקייט פון דער אידעאַלער פאָנעטישער טראַנסקריפציע לטובת דער איינהייטלעכקייט, דער אוניווערסאַלישקייט פון דער אָרטאָגראַפיע.

**106.** אויב די אָרטאָגראַפיע קען אָבער ניט פּרעטענדירן אויף צו געבן אַן אַבסאָלוט גענויעם אָפּדרוק פון דער גערעדטער שפראַך אין אַלע ניואַנסן פון אירע קלאַנגען, מוז זי אָבער דאָך שטרעבן צו מאַקסימאַלסטער פינקטלעכקייט, אויף וויפיל די דאָזיקע פינקטלעכקייט באַלעסטיקט ניט די שרייב=סיסטעם מיט אַ צו גרויסן סכום צייכנס, אויף וויפיל זי איז ניט סותר דער איינהייטלעכקייט פון דער ליטעראַרישער שפראַך, וואָס איר אויפגאַבע איז צו זיין או=

ניווערסאַל — פאַרשטענדלעך און ווי ווייט מיגלעך גרינג פאַר אַלע דיאַלעקטישע גרופּעס, און אויף וויפיל זי איז ניט קיין סתירה צו דער עטימאָלאָגיע, צו דער אָפּשטאַמונג פון דעם אָדער יענעם וואָרט.

**107.** די אָרטאָגראַפיע איז סוף־כל־סוף טאַקע אויסן דערהויפּט פּראַקטישע צוועקן און איז אין תּוך געגומען אַ ריין מעכאַנישער פּראָצעס, דורך וועלכן אונזערע געדאַנקען ווערן פיקסירט פאַרן אויג מיט דער הילף פון געוויסע אָפּ־געמאַכטע סימנים — שרייב־צייכנס, וועלכע מיר רופן אותיות. אָבער די דאָזיקע אותיות בילדן דעם לבוש, אין וועלכן די שפּראַך ערשיינט פאַרן אויג, און אוודאי דאַרף דער דאָזיקער לבוש זיין ווי ווייט מיגלעך צוגעפּאַסט צו דעם גוף פון דער שפּראַך, פאַר וועלכער ער איז באַשטימט, די שפּראַך זאָל אין אים ניט אויסקומען פאַרקריפּלט און געפעלשט אין איר אמתער נאַטירלעכער געשטאַלט. שוין אונזער עסטעטיש געפיל פאַר דער שפּראַך פאָדערט, אַז די אויסלייגונג אירע זאָל זיין איינהייטלעך, אויסגעהאַלטן, אַלגעמיין אָנגענומען און קאָרעקט. דערין ליגט די סיבה, וואָס מ׳גיט אָפּ אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט דער אָרטאָגראַפיע אין די שולן פון רוסלאַנד, דייטשלאַנד, פראַנקרייך, ענג־לאַנד, נאָרוועגיע, הגם דער לימוד פון אויסלייגן, ביי זיין גאַנצער וויכטיקייט, קען דאָך פּרעטענדירן בלויז אויף דער ראָלע פון אַ טפל, פון אַ הילפסמיטל לגבי דעם לימוד פון דער שפּראַך גופא.

**108.** אויך פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שפּראַך איז די אויסלייגונג ניט אָן באַדייטונג. דער שטייגער אויסלייגונג ווירקט אַמאָל צוריק אויף דער אויסשפּראַך, און גאַנץ אָפט איז די געוויינהייט אַריבערצוטראָגן אין דעם לע־בעדיקן לשון דאָס, וואָס האָט אַ יסוד נאָר אין דער אָרטאָגראַפיע. ניט זעלטן קומט, למשל, אויס צו הערן פון מענטשן, וואָס שרייבן מיט דער „אַלטער" יידישער אָרטאָגראַפיע, אַז אין רועָן אָדער אין זעען פילן זיי אַ ה פאַר דער ענדונג ען, אָדער אַז אין רואיק קלינגט דער לעצטער קאָנסאָנאַנט פאָרט ניט ווי אַ ק, אָדער אַז ס׳איז דווקא נייטיק צו שרייבן שטעהן (און ניט שטיין), ווייל אַניט וועט מען האָבן אַ טעות אין פּשט. אין די דאָזיקע פאַלן האָבן מיר די ווירקונג פון די אַלטע אויסלייגענישן רוהען, זעהען, רוהיג, שטעהן. דאָס וואָרט ווילער ווערט אָפט אַרויסגערעדט ווע־לער צוליב דער דייטשמערישער אויסלייגונג וועהלער, פּונקט ווי דאָס פּוי־לישע נייע וואָרט סעים קלינגט שוין אין פּוילישן יידיש סאַים — צוליב דער אויסלייגונג — סיים.

**109.** פון די אַלע אויספירונגען איז געדרונגען, אַז אַ רעפאָרם פון דער אָנגענומענער אָרטאָגראַפיע איז גאָר ניט אַזוי לייכט דורכצופירן, ווי עס קען זיך דאַכטן. די שרייב־סיסטעמען פון אַ סך אייראָפּעאישע שפּראַכן נייטיקן זיך אין אַ רעפאָרם, און דאָך רירט זי זיך דאָרט נאָר זייער לאַנגזאַם. עס איז באַ־קאַנט, ווי לאַנג עס איז געפירט געוואָרן דער קאַמף פון די רוסישע פילאָלאָגן און פּעדאַגאָגן פאַר און קעגן דער רעפאָרם פון דער רוסישער אויסלייגונג,

ביז זי איז ערשט אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע דורכגעפירט געוואָרן
אין געוויסע גרעניצן. די רעפאָרם=באַוועגונג פון דער דייטשער אויסלייגונג און
לעצטענס אויך פון דער ענגלישער האָט נאָך אַלץ ניט געבראַכט צו קיין
ממשותדיקע רעזולטאַטן, הגם קיינעם קען ניט באַפרידיקן די סיסטעמלאָזיקייט
פון דער דייטשער אויסלייגונג אָדער די ממש כינעזישע קאָמפּליצירטקייט פון
דער ענגלישער.

**110.** אויך די ניטאויסגעהאַלטנקייט פון דער יידישער אויסלייגונג, וואָס
איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער „אַלטער" (ד. ה. ניט רעפאָרמיר=
טער) סיסטעם פון אונזער אָרטאָגראַפיע, לאָזט זיך ניט אַזוי לייכט אויסגלייכן
אפילו אין דער נייער רעפאָרמירטער. מיר שרייבן, למשל, ד ע ר י ב ע ר, ד ע=
ר ו י ף אָן דעם פּראָסטעטישן אלף (דער+איבער, דער+אויף), מיר זיינען גרייט
צו גיין נאָך ווייטער און באַזייטיקן דעם פּראָסטעטישן אלף אויך אין פּ אָ ר ו י ס,
פּ אַ ר י ב ל (אָנשטאָט פּאָראויס, פּאַראיבל) און אפילו אין פּאַריין (אָנשטאָט
פּאַראיין), אָבער אונז איז שווער דאָס איינצופירן אַלס סיסטעם און אויסצולייגן,
למשל, דורכויס, פאַרינטערעסירן, פאַרומערן (אָנשטאָט דורכאויס, פאַראינטע=
רעסירן, פאַראומערן); אַזעלכע אויסלייגענישן ווי מ י ט אָ ג (מיט+טאָג), בוימל
(בוים+אייל) באַגעגענען ניט קיין ווידעראַנאַנד, אָבער שולעף, וויפּל, זונטיק
(אָנשטאָט שולהויף, וויפּיל, זונטאָג) קומט אונז פאָר ווי אַ פאַרשוועכונג פון דעם
עטימאָלאָגישן פּרינציפּ.

ס'איז אונז לייכט צו פועלן די פאָנעטישע און \ עטימאָלאָגישע אויס=
לייגונג פון אַזעלכע ווערטער, ווי האַנט, ווינט (אָנשטאָט האַנד,
ווינד) א. אַז. וו., אָבער דאָס שרייבן די ענדונג יק אָנשטאָט יג (למשל, לע=
בעדיק אָנשטאָט לעבעדיג) רופט אַרויס אַ גרויסן ווידערשטאַנד. דער כּוח פון
דער רגילות און פון דעם מנהג איז אַזוי גרויס, אַז אונז הייבט זיך אָן אויס=
צוווייזן, אַז די שרייב=סיסטעם, וועלכע מיר זיינען געוויינט צו באַנוצן, איז די
בעסטע און די צוגעפּאַסטסטע פאַר דער שפּראַך. מיר שפּירן ניט קיין אומבאַ=
קוועמלעכקייט אין דעם, וואָס מיר שרייבן לעבט, גליקליך, הגם מיר ריידן אויס
לעפּט, גליקלאַך (אָז'ער גליקלעך), פּונקט ווי דער שריפטקענעווודיקער פראַנ=
צויז זעט ניט קיין מניעה אין דעם, וואָס דאָס וואָרט beaucoup (באָקו), וועל=
כעס באַשטייט סך=הכל פון 4 קלאַנגען, שרייבט ער מיט 8 אותיות, אָדער ווען
דער ענגלענדער לייענט דאָס וואָרט Shakespeare — שעקספּיר. די פּסיכאָלאָגישע
אויספאָרשונגען האָבן באַוויזן, אַז דער שריפטקענעווודיקער לייענט גאָרניט אַן
אות נאָך אַן אות, נאָר ער כאַפּט אויף ביים לייענען דאָס אַלגעמיינע שריפט=
בילד פון וואָרט, אפילו עטלעכע ווערטער פאַר אַמאָל, און דאָס דאָזיקע אַלגע=
מיינע בילד רופט אַרויס אין זיין מוח די באַדייטונג פון דעם וואָרט. אַ ראיה
דערצו איז דער באַקאַנטער פאַקט, אַז זייער אָפט ביים לויפיקן לייענען פאַר=
?עען מיר די דרוק=פעלערן.

**111.** אָנערקענענדיק די געוויסע חסרונות פון דער יידישער שרייב=סיסטעם

בכלל און פּראָוויזאָרישער עטאַפּ אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער יידישער פילאָלאָגיע וועלן אין דער דאָזיקער סיסטעם אַריינגעטראָגן ווערן ראַדיקאַלע שינויים און תיקונים, וואָס וועלן מער אָדער ווייניקער ברעכן די יידישע אויסלייגונג אין די יסודות אירע, ווי אַזוי זיי האָבן זיך אויסגעבילדעט אין משך פון הונדערטער יאָרן,— מוז מען אָבער פון דער אַנדער זייט מודה זיין, אַז אַ ברייטע און טיפע רעפאָרמאַציע פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע, אַ רעפאָרמאַציע, וואָס וועט קודם־כל מוזן איינפירן אַ ריי נייע צייכנס פאַר די אותיות, וואָס פעלן אין יידישן אלף־בית, וועלכע זיינען אָבער גייטיק פאַר די קלאַנגען, וואָס זיינען יאָ דאָ אין דער יידישער שפּראַך,—קאָן קומען נאָר אַלס אַ רעזולטאַט פון אַ טיף דורכגעדאַכטער און קאָאָרדינירטער אַרבעט פון יידישע פילאָלאָגישע אינסטיטוטן אין אַלע געאָגראַפישע געביטן פון דער יידישער שפּראַכהערשאַפט. כל־זמן דאָס איז נאָך ניטאָ, כל־זמן עס איז נאָך ניט אָרגאַניזירט דער וועלט־אינסטיטוט פאַר די גרונד־פראַגן פון דער יידישער שפּראַך, מוזן מיר זיין זייער פאָרזיכטיק ביים דורכפירן די אָדער יענע רעפאָרם אין דער אויסלייגונג, מוזן מיר זיך באַנוגענען מיט אַ רעפאָרם נאָר אין די גרעניצן, ווי מיר האָבן זי שוין דורכגעפירט אין דער נייער אויסלייגונג, אַריינפירן אין איר, ווי ווייט עס לאָזט זיך, סיסטעם, איינהייטלעכקייט און אויסגעהאַלטנקייט און מאַכן זי אָבליגאַטאָריש פאַר וואָס ברייטערע קרייזן, וואָס באַנוצן זיך מיטן יידישן וואָרט אין שריפט, ביז דעם מאָמענט, ווען דער קומענדיקער יידישער שפּראַך־אינסטיטוט וועט אויסבויען די ענדגילטיקע סיסטעם פאַר דער פיקסאַציע פון די יידישע קלאַנגען.

**112.** ביים פעסטשטעלן די כללים פון דער נייער רעפאָרמירטער אָרטאָגראַפיע האָבן מיר/ זיך דעריבער ווי ווייט מיגלעך באַמיט שלום צו מאַכן צווישן די הויפט־פרינציפן, אויף וועלכע די יידישע אָרטאָגראַפיע איז אין איר היסטאָרישער אַנטוויקלונג אויפגעבויט געוואָרן, ניט נעמענדיק זיך דאָס רעכט איינצופירן צו קאַרדינאַלע שינויים און אין די האַרבערע שטרייטפראַגן צו פסקענען לויט אונזער סוביעקטיוון געפיל.

## כללים פאַר אַ פּראָוויזאָרישער יידישער אָרטאָגראַפיע.

**113.** אַרויסגייענדיק פון דעם, אַז אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע מוז בלייבן דאָמינירן דער עטימאָלאָגישער פרינציפּ, אַז אויך דעם היסטאָרישן פרינציפּ האָט די יידישע שרייב־סיסטעם צו פאַרדאַנקען אייניקע, באמת גליקלעכע איינפאַלן (למשל, די היסטאָרישע באַצייכענונג פון דעם דיפטאָנג אָי דורך וי און פון דעם דיפטאָנג ei דורך יי, וואָס איז ווי צוגעפּאַסט פאַר דעם וואָקאַל־פּאַראַלעליזם פון די יידישע דיאַלעקטן מיט זייער דיפערענצירטער אויסשפּראַך פון די דאָזיקע דיפטאָנגען), און אַז ברעכן די היסטאָרישע פאַר־

מען פון דער יידישער אויסלייגונג וועט בכלל קענען, ווי געזאָגט, נאָר אַן אַווטאָריטעטער אינסטיטוט פאַר דער יידישער שפּראַך, לאָזן זיך פעסטשטעלן פאָלגנדיקע כללים פון דער נייער רעפאָרמירטער פּראָוויזאָרישער אָרטאָגראַפיע, וועלכע דאַרף, לויט אונזער מיינונג, בלייבן גילטיק ביז דעם מאָמענט, ווען די גאַנצע יידישע שרייב-סיסטעם וועט איבערגעבויט ווערן אויף פון גרונד-אויס נייע יסודות:

**114.** קיין שטומער **א** וואָרט-אויס, למשל, **די, צו, ביי, פרוי** (ניט דיא צוא, בייא, פרויא).

**115.** קיין שטומער **ע** נאָך **י**, למשל, **ליב, ליד, פיל** (ניט ליעב, ליעד, פיעל).

**116.** קיין שטומער **ה**: א) ניט נאָך אַ **ט**, למשל, טאָן, טעטיקייט, מוט, טעאַטער (ניט טהאָן, טהעטיקייט, מוטה, טהעאַטער); ב) ניט צווישן אַ וואָקאַל און אַ קאָנסאָנאַנט, למשל, יאָר, בינע, (דער) זון, פילן, פליט, זען, צען, געשען (ניט יאָהר, ביהנע, זוהן, פיהלן, פליהט, זעהן, צעהן, געשעהן); ג) ניט וואָרט-אויס, למשל, רו, פרי, פלי, מי, זע (ניט רוה, פריה, פליה, מיה, זעה); און ד) ניט אפילו צווישן צוויי וואָקאַלן, למשל, פריער, רוען, ציען, לײַען, זײַען, זעען, געשעען, צעען, נאָענט (ניט פריהער, רוהען, ציהען, לײַהען, זײַהען, זעהען, געשעהען, צעהען, נאָהענט).

**117.** די דאָזיקע שטומע **ע** און **ה** זיינען אין דער סיסטעם פון אונזער אויסלייגונג אַריינגעבראַכט פון דער דייטשער אָרטאָגראַפיע, וואו זיי דינען אַלס צייכנס פאַר די לאַנגע וואָקאַלן. אָבער אפילו אין דייטש זיינען די דאָזיקע צייכנס ניט אָנגעווענדט סיסטעמאַטיש און עס זיינען דאָ אַ גאַנצע מאַסע אויסנאַמען; אין יידיש אָבער זיינען זיי ניט נאָר קעגן דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג פון אונזער אויסלייגונג, נאָר בכלל ווערן זיי באַנוצט אָן אַ שום אויסגעהאַלטנקייט, בלויז אין געציילטע ווערטער, ניט צו וויסן דעם טעם, פאַרוואָס עפּעס דווקא אין די ווערטער און ניט אין אַלע אַנדערע ניט אַנאַלאָגישע וואָקאַלן. די קומענדיקע יידישע אָרטאָגראַפיע וועט זיך געוויס מוזן רעכענען מיט דער מציאות פון קורצע און לאַנגע וואָקאַלן אין די יידישע דיאַלעקטן, זי וועט אָבער מוזן געפינען אַנדערע, מער צוועקמעסיקע מיטלען דערפאַר, ווי די דייטשמערישע שטומע **ע** און **ה**.

**118.** דאָסגלייכן קענען אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע ניט געמאָלט זיין אויך קיין געטאָפּלטע וואָקאַלן אַלס סימן פאַר דער לענג פון וואָקאַלן, למשל, זאַל, האַר, פאַר, זעלע, לער, מער (ניט זאַאַל, האָאַר, פאָאַר, זעעלע, לעער, מעער), אויסגענומען נאַטירלעך די פאַלן, וואו די דאָזיקע טאָפּלטקייט דריקט אויס צווייטראַפיקייט, למשל, האַאַג, קאַאַבע, קאָאָפּעראַטיוו, פּעע, אַלעע, אידעע א. אַז. וו.

**119.** אויך קיין טאָפּלטע קאָנסאָנאַנטן, וועלכע דינען אין דער דייטשער אויסלייגונג צום באַצייכענען די קירץ פון די וואָקאַלן וואָס פאַר זיי, קענען

ניט אָנגעווענדט ווערן אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע (הגם אין אַ געוויסן פעריאָד האָט מען עס איר געפּרובט אָנבינדן), אפילו ניט אין פרעמדווערטער, למשל, אַלע, קומען, זין, וויסן, קלאַס, אַקאָרד, גראַמאַטיק (ניט אַללע, קוממען, זינן, וויססן, קלאַסס, אַקקאָרד, גראַממאַטיק א. אַז. וו.). אויסגענומען די צונויפגעזעצטע ווערטער, וואו עס טרעפן זיך צונויף אַלצאיינע קאָנסאָנאַנטן, למשל, פאַרריכטן, אָפּפטרן, בלאָזזאַק, וועלטטייל, וואויללערנער, שטיפפאָטער. אַ יוצא־מן־הכלל דערפון זיינען אָבער די צונויפגעזעצטע ווערטער, וואָס האָבן שוין פאַרלאָרן דעם כאַראַקטער פון אַ צוזאַמענזעצונג, ווי, מיטאָג, אָרימאַן, האַנטעך (ניט מיטטאָג, אָריממאַן, האַנטטוך), אַנאַלאָגיש, למשל, מיט אַזעלכע צוזאַמענזעצונגען, ווי דריטל, בוימל (ניט דריטטייל, בוימאייל).

**120.** אַזוי ווי די יידישע אָרטאָגראַפיע איז פריי פון געטאָפּלטע קאָנסאָנאַנטן, קען זי אויך ניט האָבן דעם צונויפגעזעצטן טצ אויפן אָרט פון דייטשן tz (וואָס פאַרבייט דעם געטאָפּלטן zz), למשל, זיצן, פלאַץ, עץ (ניט זיטצן, פלאַטץ, עטץ). אפילו צוזאַמענזעצונגען פון ט+צ ווערן איבערגעגעבן פאָנעטיש, דורך אַ בלויזן צ, למשל, אַכצן (אַכט+צען), אַכציק (אַכט+ציק).

**121.** ביי דער אויסלייגונג פון ווערטער דורך ע אָדער יי מוז מען זיך רעכענען מיט דעם דיאַלעקטאָלאָגישן פּרינציפּ פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע. כל־זמן ס זיינען ניט איינגעפירט קיין אַלגעמיין אָנגענומענע אוטראַקיסטישע צייכנס פאַר די דאָזיקע קלאַנגען מיט זייער דיפערענצירטער אויסשפּראַך אין די פאַרשיידענע יידישע דיאַלעקטן, מוז: א) דער וואָלינער שרייבן ע אפילו אין די ווערטער, וואו ער רעדט אים אַרויס ווי אַ צירה, אויב דער ליטוואַק לייענט דאָ אַ סגול, למשל, לעבן, פעדער, שרעטעלע (ניט לייבן, פיידער, שרייטעלע,—זע פאָנעטיק, § 75, 77); ב) דער ליטוואַק און דער וואָלינער שרייבן ע אָנשטאָט דעם געמיינטן צירה—פאַר נג און נק, למשל, ענג, ענגלאַנד, ברענגען, אָפּצווענגען, שטענגל, בענקען, שענקען, געדענקען, שווענקען, קווענקלען א. אַז. וו. און אין אַזעלכע ווערטער, ווי פּעאיק, העברעאיש, אידעע, אייראָפּעער א. אַז. וו.—בהסכם מיט דער פּוילישער אויסשפּראַך (וואָרים אַזעלכע אויסלייגענישן, ווי איינג, איינגלאַנד, בריינגען, געדיינקען, פּייאיק, העברייאיש, אידייע וואָלט דער פּוילישער ייד געמוזט לייענען אינג, אינגלאַנד, בראַינגען, געדאַינקען, פּאַיאיק, העבראַיאיש, איירָאפּאַיער א. אַז. וו. אין דער ווירקלעכקייט לייענט ער אָבער ניט אַזוי).

**122.** אויפן גרונד פון דעם אייגענעם כלל—וואָס יי (יֵי) ווערט געשריבן דאַן, ווען ער ווערט געלייענט עי אין ליטווישן און דרומדיקן יידיש און אַי אין פּוילישן, איז אויך געדרונגען, אַז קיין ע און קיין עה קענען ניט אָנגעווענדט ווערן אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע פאַר דעם יי־דיפטאָנג, קיין נפקא־מינה ניט, ווי ווערן די געהעריקע ווערטער אויסגעלייגט אין דייטש. מ׳דאַרף אַלזאָ אויסלייגן: ליידיק, ווייניק, גיין, שטיין, שיין, וויילן, ציילן, דרייען, ברייעלעך, זייער (ניט לעדיק, וועניק, געהן, שטעהן, שען, וועהלן, צעהלן,

דרעהען, פּרעהלעך, זעהר א. אַז. וו. — פּ אָ נ ע ט י ק, § 108 — 109).

**123.** נאָר אין מאַנכע פרעמדווערטער סוף וואָרט שרייבט זיך יי אפילו אין די פאַלן, ווען דער פּוילישער ייד לייענט עס ניט אַי (און ניט אַ), למשל, אַרמיי, קאַריפּיי, אַנדריי, הגם פון דיאַלעקטאָלאָגישן פּרינציפּ אויס וואָלט דאָ גלייכער געווען אייגנטלעך צו שרייבן, בהסכם מיט דער פּוילישער אויסשפּראַך — עי (אַרמעי, קאַריפּעי, אַנדרעי), פּונקט ווי מיר שרייבן אין געציילטע פרעמד־ווערטער און פרעמדע נעמען אַי אָנשטאָט יי (למשל, מאַי, ניקאָלאַי, מאַינץ, אוראַגוואַי) און אָי אָנשטאָט וי (למשל, באָיקאָט, וואָיט, טאָלסטאָי, ללאָיד).

**124.** אויך בנוגע דער אויסלייגונג פון די דיפטאָנגען יי און וי מוז אָפּ־געהיט ווערן דער דיאַלעקטאָלאָגישער פּרינציפּ. דאָס ליטווישע יידיש מישט אין געוויסע גרופּעס ווערטער צונויף די דאָזיקע דיפטאָנגען, מוז דעריבער ביי דער שרייבונג פון יי אָדער וי פּוסק זיין די פּויליש־וואָלינערישע אויסשפּראַך, וועלכע איז אין דעם פּרט איינהייטלעך. ניט קענענדיק דאָס יידיש פון פּוילן און וואָלין, מוז אַלזאָ דער ליטוואַק אין די ספקדיקע פאַלן פון יי אָדער וי זיך האַלטן אָן די געזעצן פון דעם יידישן וואָקאַליזם, וועלכע ווייזן, פון וואַנען עס שטאַמט דער דיפטאָנג יי און פון וואַנען — דער דיפטאָנג וי (זע פּאָנעטיק, § 90 — 115, 125 — 128). דאַן וועלן אויסגעמיידט זיין אַזעלכע פאַרגרייזטע אויסלייגענישן, ווי למשל, הויוון, הויבן, בויגן, נויגן, אויל, אויביק, אויבערשטער, אויגל א. אַז. וו., וואָס דאַרפן אַלע געשריבן ווערן דורך יי, אָדער פאַרקערט, אַזעלכע גרייזן, ווי אָנגעהייבן, אייוון, טייגן א. אַז. וו., וואָס דאַרפן געשריבן ווערן דורך וי.

**125.** ביי דער אויסלייגונג פון די וואָקאַלן ו אָדער י מוז, פאַרקערט, פּוסק זיין די ליטווישע אויסשפּראַך און ניט די פּויליש־וואָלינערישע, וועלכע רעדט אַרויס יעדן ו־קלאַנג מיטן חיריק (זע פּאָנעטיק, § 82 — 89), למשל, אַ וואונק, פאַרשוואונדן ווערן, קומען (ניט אַ ווינק, פאַרשווינדן ווערן, קימען) א. אַז. וו. נאָר אין די געציילטע ווערטער, וואו דער ליטוואַק האָט פאַרגרייזט דעם י־וואָקאַל אין ו, קען אין דער אויסלייגונג צוריקגעשטעלט ווערן דער לכתחילהדיקער י, למשל, רינג (ניט רונג).

**126.** אין דער פּראָוויזאָרישער סיסטעם פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע מוזן מיר טריי בלייבן דעם היסטאָרישן פּרינציפּ בנוגע דער אָנווענדונג פון פּראָסטעטישן אַלף ניט נאָר וואָרט־איין, נאָר אויך וואָרט־אין אין צונויפגעזעצ־טע ווערטער, למשל, פאַראומערן, פאַראייניקן, פאַראינטערעסירן, און בכלל אין יעדן טראַף, וואָס הייבט זיך אָן מיט די וואָקאַלן ו, י, וי, יי, למשל, קאַ־אוטסקי, טריאומף, נאַאיוו, מאַאיס, אואיילד, קאַליזעאום א. אַז. וו.

צוליב דער באַזייטיקונג פון דעם שטומען ה קומט אונז אויס צו שרייבן דעם פּראָסטעטישן אַלף אין אַ ריי נייע פאַלן, למשל, פעאיק, באַציאונג, אָפּרו־אונג, אָבער דאָס איז ניט קיין סתירה ניט צו דעם געברויך פון דער עלטערער יידישער אָרטאָגראַפיע און ניט צו אַזעלכע אויסלייגענישן, ווי טואונג, באַ־

פרייאונג, וואו מ׳האָט אויך ביי דער פאַרווענדונג פון שטומען ה געמוזט זיך באַנוצן מיטן פראַסטעטישן אלף.

באַזייטיקן דעם פראַסטעטישן אלף אין מיטן וואָרט און שרייבן, למשל, נעיק, מאַיס, נאַיוו, באַציונג, באַפרייונג, פאַרינטערעסירן א. אַז. וו. האַלטן מיר אָבער פאַר אַ סתירה, כל־זמן דער פראַסטעטישער אלף בלייבט אין אָנהייב וואָרט. נאָר אין צונויפגעזעצטע ווערטער, וואו דער כאַראַקטער פון דער צוזאַמענזעצונג איז שוין אינגאַנצן פאַרווישט געוואָרן, איז דער פראַסטעטישער אלף איבעריק, למשל, פאַריבער, דעריבער, דערונטער, ערינערונג (בכלל אַ פרעמד קלינגענדיק וואָרט), ווי אויך אין אַזעלכע ווערטער נאָך י, אין וועלכע דער י קאָן באַטראַכט ווערן ווי אַ קאָנסאָנאַנט (אַ j), למשל, וועזוביוס, ראַדיום, יוליוס (ניט וועזוביאוס, ראַדיאום, יוליאוס).

**127.** דער אומבאַטאָנטער וואָקאַל אין לעצטן טראָף דאַרף איבערגעגעבן ווערן דורך דעם מיטעלן נייטראַלן קלאַנג ע, למשל, עפּעס, טאָקע, ערגעץ, אַרבעט, קירבעס, דימענט (ניט עפּיס, טאָקי, ערגיץ, אַרבייט, קירביס, דימאַנט — זע פאָנעטיק, § 163, 154). אין אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער בלייבט אָבער דער פרעמדער וואָקאַל, למשל, דאָקטאָר, פּראָפעסאָר, אַטלאַס, אונגאַרן (ניט דאָקטער, פּראָפעסער, אַטלעס, אונגערן) א. אַז. וו.

**128.** לויט דעם דאַרף אויך די ענדונג פון די פאַרקלענערווערטער פון דער צווייטער מדרגה אויסגעגלייכט ווערן עלע, למשל, פייגעלע, מענדעלע (ניט פייגאַלע, מענדאַלע, אָדער פייגעלי, מענדעלי).

**129.** דאָסגלייכן איז אויך פאַר דער ענדונג פון די פאַרקלענערווערטער אין רבים צומבעסטן צוגעפּאַסט די מער נייטראַלע מיטעלע פאָרם עך, למשל, פייגעלעך, טישלעך, לגבי דער פאָנעטישער פאָרם אויף אַך (וועלכע שטימט מיט דער אויסשפּראַך נאָר פון געוויסע פּראָווינצן) אָדער דער היסטאָרישער פאָרם אויף יך, למשל, טישלעך, פייגעלעך (אָנשטאָט טישלאַך, פייגעלאַך, אָדער טישליך, פייגעליך). דאַן מוז אָבער די ענדונג עך גילטן אויך פאַר ביי־ווערטער און אומשטאַנדווערטער, למשל, גליקלעך, שרעקלעך, אָפּטלעך, פאַרנאַכטלעך, וואָרים ס׳איז ניטאָ קיין שום אָביעקטיווער גרונד, וואָס זאָל באַרעכטיקן די דאָזיקע דיפערענצירטע אויסלייגונג פון אַ ענדונג, וואָס קלינגט גלייך. נאָכמער: די שרייבונג יך האָט געבראַכט דערצו, אַז די נייע ווערטער אויף יך האָבן זיך ניט צוגעפּאַסט צו דער יידישער אויסשפּראַך: מיר זאָגן גליקלאַך (אָדער גליקלעך) און אין דער אייגענער צייט — הערליך, ווירקליך, פּערזענליכקייט א. אַז. וו. אויסלייגנדיק די אַלע פאַלן איינהייטלעך — דורך עך, וועלן מיר אַלזאָ אויך מיטווירקן צו פאַריידישן אַ גאַנצע ריי נייע ווערטער (הערלעך, ווירקלעך, פּערזענלעכקייט, פאַרעפנטלעכן א. אַז. וו.).

אַרויסגייענדיק פון דעם פּרינציפּ פון איינהייטלעכער אויסלייגונג פון אַלצאַיינע קלאַנגען, דאַרף מען אויך שרייבן: נעבעך, רעטעך, ליילעך, טועכץ,

קיילעכדיק (ניט נעבאַך, רעטאַך, ליילאַך, טואַכץ, קיילאַכדיק, און אויך ניט נעביך, רעטיך, לייליך) א. אַז. וו.

**130.** אָבער פאַר אַ ם ווערט לויט די געוויינהייטן פון דער יידישער אויסשפּראַך (זע פאָנעטיק, § 193) געשריבן ניט קיין ע, נאָר אַ י, למשל, בע־זים, בוזים, בוידים, פאָדים, פורים, אָרים, וואַרים, וואָרים, טורים, שטורים, שירים (אָבער אָטעם, פּיזעם). אַנאַלאָגיש ווערט אויך אויסגעלייגט דאָס בינדוואָרט וואָרים (לויטן פּויליש־וואָלינערישן נוסח—וואָרן), ניט וואָרום.

דער אומבאַטאָנטער י מוז אויך בלייבן אין דער ענדונג יש, למשל, דאָר־פיש, יידיש, רוסיש, באַשעפעניש, קלעמעניש (ניט דאָרפעש, יידעש, רוסעש, באַשעפענעש, קלעמענעש) א. אַז. וו.

**131.** די דומפּע און הילכיקע קאָנסאָנאַנטן ווערן אין דער יידישער אויס־שפּראַך ניט פאַרביטן אויף זייערע זווגים ניט וואָרט־איין, ניט וואָרט־אויס, נייערט אויסגערעדט גענוג שאַרף און דייטלעך; דעריבער דאַרפן זיי בדרך־כלל אויסגעלייגט ווערן פאָנעטיש, למשל, פּרוב, בריוו, האַנט, שווערד, וועג, אַוועק, שלאָג, שלאַק (ניט פּרוף, בריף, האַנד, שווערט, אַוועג, שלאַג) א. אַז. וו.

**132.** אין די פאַלן פון אַסימילאַציע (זע פאָנעטיק, § 207) בלייבט די טראַנסקריפּציע עטימילאָגיש, למשל, וועבסט, שלאָגסט, ברענגט, פאָלק, לאָזט, האַנטווערקער, ביזקל, עקזאַמען (ניט וועפּסט, שלאָקסט, ברענקט, פאָלג, לאָסט, האַנדווערקער, ביסקל, עגזאַמען) א. אַז. וו.

**133.** לויט דעם דאַרף דער סופיקס יק (דיק) אויסגעלייגט ווערן פאָנע־טיש, דורך אַ ק, ניט דורך אַ ג, למשל, רואיק, וויינענדיק, באַליידיקן, באַליי־דיקונג, פאַראייניקט, פאָלגנדיקער, צענדליק, צוואַנציק (אָנשטאָט רואיג, וויי־נענדיג, באַליידיגן, באַליידיגונג, פאַראייניגט, פאָלגנדיגער, צענדליג, צוואַנציג) א. אַז. וו.

אָבער אין אַזעלכע ווערטער, ווי זונטאָג, מאָנטאָג, ווייטאָג, קען די עטימאָלאָגישע אויסלייגונג האָבן די בכורה לגבי דער פאָנעטישער שרייבונג זונטיק, מאָנטיק, ווייטיק וכדומה.

**134.** דורך דער שרייבונג יק (דיק) ווערט שוין ממילא באַזייטיקט דער ג אין דעם סופיקס יגקייט. אַלזאָ: רייניקייט, קלייניקייט, פעאיקייט (אָנשטאָט רייניגקייט, קלייניגקייט, פעאיגקייט) א. אַז. וו. (די אויסלייגונג יקייט אָנשטאָט יגקייט איז אגב אויך באַרעכטיקט אויס דעם שטאַנדפּונקט פון דער היסטאָרי־שער גראַמאַטיק).

**135.** די איינהייטלעכקייט פון דער ליטעראַרישער שפּראַך פאָדערט אויס־צומיידן אין דער אָרטאָגראַפיע (ווי אויך אין דער אויסשפּראַך) אַזעלכע פּראָ־ווינציאַליזמען (דאָס רוב ליטוויציזמען), ווי די צונויפמישונג פון די האָמאָרגאַנע קלאַנגען ז—זש (למשל, זשאַלעווען, זשעדנע, =זשע, פאַריז, ניט זאַלעווען, זעדנע, =זע, פאַריזש), ס—ש (למשל, ערשטער, וואורשט, דאָנערשטאָג, שטרייק, פירשט, קלעמעניש, פאַשען, דרייסיק,—ניט ערסטער, וואורסט, דאָנער־

סטאָג, סטרייק, פירסט, קלעמענעס, פּאַסען, דריישיק), צ—טש (למשל, טייטש, מענטש, בענטשן, פּאַטשן, טשוועק, טשיקאַווע, צוכט, ציכטיק, צי, פּלייצע, לייצע, צאַצקע, גלאָצן, קורצינקער,—ניט טייך, מענץ, בענצן, פּאַצן, צוועק, ציקאַווע, טשוכט, טשיכטיק, טשיק, פּערטשיק, טשי, פּלייטשע, לייטשע, טשאַטשקע, גלאָטשן, קורטשינקער).

אויך אַזעלכע סלאַווישע פאַמיליענעמען, ווי אַבראַמאָוויטש, ראַבינאָוויטש וכדומה, איז גלייכער צו שרייבן דורך טש, ניט דורך ץ.

136. אַיינפירנדיק די פאָנעטישע אויסלייגונג מענטש, בענטשן, ווינטשן, וואונטש, געוואונטשן (אָנשטאָט מענש, בענשן, ווינשן, וואונש, געוואונשן), האַלטן מיר זיך דאָך אָפּ פון אַזעלכע, פאָנעטיש באַרעכטיקטע, אויסלייגענישן, ווי אונדז, האַלדז, אינדזל (זע פאָנעטיק, § 248), צוליב אַ ריין פּראַקטישן טעם—ניט פונאַנדערצוגיין זיך צו פיל מיט דעם אָנגענומענעם ליטעראַרישן שרייבאופן, הגם געוויס איז אַזאַ שרייבונג געוויס ניט. דאָסגלייכן לייגן מיר נאָך דערווײַלע אויס פענסטער, פינסטער אָנשטאָט די פאָנעטיש ריכטיקערע—פענצטער, פינצטער (זע פאָנעטיק, § 250).

137. לחלוטין פרעמד דער יידישער שפּראַך איז דער דייטשער אַפּריקאַט pf, וועלכער קען אַלזאָ ניט האָבן קיין אָרט אויך אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע. וואָרט-אַיין קלינגט ער און ווערט איבערגעגעבן דורך פ, למשל, פעפער, פערד, פיפיק, פושער, פלוים, פליקן, פייפן (דעריבער פליכט, ניט פפליכט, פלעגע, ניט פפלעגע א. אַז. וו.), וואָרט-אין און וואָרט-אויס—דורך פּ, למשל, אַיינגעשרומפּן, פאַרדומפּן, אָפּערן (ניט אָפּפּערן), צאָפּ, קאָפּ א. אַז. וו. נאָר אין די נייע ווערטער שטרומף, טרומף, קאַמף, קעמפן, דאַמף, ווערט קעגן דעם כלל געשריבן אַ פ (אָנשטאָט די ריכטיקערע פאָרמען קאַמפּ, קעמפּן, דאַמפּ; אַ ראיה דערצו האָבן מיר אויך אין דער אַלטגעזעסענער פאָרם דעמפּן).

138. עס דאַרף געוואָרנט ווערן פאַר דער צונויפמישונג פון דעם וואָקאַל וואָרט-אַיין מיטן ספּיראַנט ה, אַ ערשיינונג, וואָס באַגעגנט זיך גאַנץ אָפט אין דער אויסשפּראַך פון אייניקע געגנטן. אַן אַלגעמיינער גרייז איז, למשל, היילן אָנשטאָט אַיילן (אָבער הײַלן—קורירן), האַרן אָנשטאָט אַרן (אָבער האַרן—וואַרטן), האַמפּערן זיך אָנשטאָט אַמפּערן זיך. אין וואַרשע זאָגט מען הערשט אָנשטאָט ערשט, אין ביאַליסטאָק—אַנט אָנשטאָט האַנט. בהסכם מיט די וואָליגער פּראָווינציאַליזמען טרעפט מען ביי לינעצקין אַזעלכע אויסלייגענישן, ווי אונדערט (הונדערט), איישעריק (היישעריק), ביי ליפשיצן—אַמסטער (אָנשטאָט האַמסטער), הינד (אָנשטאָט אינד), הינדיק (אָנשטאָט אינדיק) א. אַנד. דאָס וואָרט האַווירן (נאָכגעבן אין גוסט) האָב איך באַגעגנט אויך אין דער פאָרם אַווירן, אָבער זיין אָפּשטאַמונג איז מיר אומבאַקאַנט. אַזעלכע פאָרמען, ווי אַרמאַט (ביי פרצן, למשל) אָנשטאָט האַרמאַט קענען דערקלערט ווערן מיט דער השפּעה פון דער פּוילישער שפּראַך.

139. דאָסגלייכן דאַרף מען ניט צונויפמישן דעם קאָנסאָנאַנט י̦ מיטן וואָקאַל י. אין יידיש האָבן מיר ניט קיין באַזונדער צייכן פאַרן קאָנסאָנאַנט י, און ווען ס'קומט אים אויס צו שרייבן פאַרן וואָקאַל י, איז עס אַ ביסל אומבאַקוועם, ווייל—צוויי יודן (יי) זיינען פאַרן אויג דער צייכן פון דיפטאָנג עי אָדער אַי. אָבער די דאָזיקע אומבאַקוועמלעכקייט איז נאָך ניט קיין גרונד צו פאַרגרייזן די אויסשפּראַך און די עטימאָלאָגיע פון אַזעלכע ווערטער ווי ייד, יידיש, ייִנגער, יינגל, וואָס טייל שרייבן זיי איד, אידיש, אינגער, אינגל, און טייל—יוד, יודיש, יונגער, יונגל.

דער ערשטער נוסח קען ניט דערלאָזן ווערן עטימאָלאָגיש, ווייל אין די פאָרמען פון שורש ייד איז בפירוש דאָ אַ j (פון לשון יהודי, פראַנצויזיש juif, סלאַוויש żyd; אַ ראיה איז אויך אַ ייד, ניט אַן איד), און די פאָרמען יינגל, יינגער, יינגסטער זיינען געבילדעט—דורך איבערקלאַנג פון יונג (ניט פון אונג, ווי עס קומט אויס לויט די פאָרמען אינגל, אינגער). דער צווייטער נוסח—יוד, יודיש, יודנטום, פאַריודישן, יונגל, יונגער, יונגסטער קלינגט בכלל משונה און אומנאַטירלעך.

פונקט ווי דער י̦-קאָנסאָנאַנט קען זיך פאַרבינדן מיט אַלע וואָקאַלן (למשל, יאַקל, יאָגן, יונג, יעטן, יוי, יוירן, יויזל, יויך), אַזוי קען ער זיך אויך פאַרבינדן מיט אַ חיריק; און אויב אין יידיש האָבן מיר צופעליק נאָר זייער זעלטן קאָמבינאַציעס פון דעם י̦-קאָנסאָנאַנט מיט דעם י-וואָקאַל, מוזן מיר אָבער זיי איבערלאָזן, כּדי צו קענען אויך איבערגעבן אַזעלכע פרעמדווערטער און נעמען ווי, למשל, יירעטשעק (אַ טשעכישער פילאָלאָג), יייליך (אַ שטאָט אין דייטשלאַנד), יירגענס (אַ דייטשער היסטאָריקער), ייריקן (אַ טורקמענישער שבט אין קליינאַזיע), יינריקשאַ (אַ לייכטער וואָגן אויף צוויי רעדער אין מזרח-אַזיע, וואָס ווערט געשלעפּט דורך אַ מענטשן), וועלכע מ'קען דאָך ניט אויסלייגן ניט אירעטשעק, איליך, אירגענס, איריקן, אינריקשאַ און אויך ניט יורעטשעק, יוליך, יורגענס, יוריקן, יונריקשאַ.

140. קומט דער קאָנסאָנאַנט י̦ פאַר דעם דיפטאָנג יי, קענען מיר זיי פונאַנדערטיילן דורך אַ שטומען א, אויסצומיידן דריי יידן נאָכאַנאַנד (אַזוי ווי מיר טוען עס, כּדי אויסצומיידן דריי וואָוון נאָכאַנאַנד), למשל, יאַייכל.

141. די אותיות בֿ, ח, כּ, שׂ, ת און תֿ ווערן געשריבן נאָר אין ווערטער, וואָס שטאַמען פון העברעאיש און אַראַמעאיש. דער איינפיר צו שרייבן אַ ח אין אָנהייב אויך פון ניט העברעאישע ווערטער אָדער אין פרעמדווערטער האָט ניט קיין שום גרונד אונטער זיך. דעריבער לייגן מיר אויס כאַפּן, כמאַרע, כריין, כרעמזל, כראָניק, כאָר, כאַראַקטער, פּסיכאָלאָגיע (ניט חאַפּן, חמאַרע, חריין, חרעמזל, חראָניק, חאָר, חאַראַקטער, פּסיחאָלאָגיע) א. אַז. וו. דאָסגלייכן מוז באַזייטיקט ווערן דער כּס אָנשטאָט קס אַלס נאָכמאַכונג דעם דייטשן chs, למשל, זעקס, וואַקסן (ניט זעכּס, וואַכּסן) א. אַז. וו.

**142.** אויך דער בֿ אין ניט־העברעאישע ווערטער, וואָס באַגעגנט זיך נאָך טיילמאָל אין אַזעלכע ווערטער, ווי אויבֿן, אָבֿנט (אָנשטאָט אויוון, אָוונט), איז אַ אומפּאַרשטענדלעך „חנדל. בלויז נאָך דעם וואָקאַל ו איז אָנגענומען צו שרייבן אַ בֿ אָנשטאָט וו, כּדי אויסצומיידן דריי וואָוון נאָכאַנאַנד, למשל, פּרובֿן, סובֿאַלק, לובֿר; פּשוטער אָבער וואָלט געווען אויסצולייגן דווקא פּרוּוון, סווואַלק, לוּוור וכדומה, ווארים איינגאַנצן צו פאַרמיידן די שרייבונג פון דריי וואָוון איז כמעט ניט מעגלעך. אַזוי, למשל, שרייבן מיר ניט צובֿאַרפֿן (צו—באַסטאָנט), שובֿאַקס, נאָר צוואַרפן, שוואַקס. אויך דער אַמעריקאַנישער שטייגער אויסצולייגן צוואוואַרפן, פּרוּוון איז קעגן אונזער געוויינהייט.

פאַרקערט, ווען דער וואָקאַל ו שטייט נאָך דעם קאָנסאָנאַנט וו, דאַן ווערן זיי פונאַנדערגעטיילט דורך אַ שטומען א, למשל, וואו, געוואוסט, וואולקאַן, וואוינען, וואויל א. אַז. וו. די דאָזיקע היסטאָרישע פאָרם פון אויסלייגונג בלייבט אויך כּלל אין דער נייער יידישער אָרטאָגראַפיע.

**143.** ווי ס'איז שוין געווען דערמאָנט אין דער פאָנעטיק, זיינען אין יידיש דאָ צוויי ל־קלאַנגען, אַ האַרטער ל און אַ ווייכער. ווייזט אויס, אונטער דער השפּעה פון רוסיש (און אפשר אויך פון דער ליטוויטער שפּראַך) איז דער I פון די ווערטער, וואָס שטאַמען פון דייטש, אין ליטווישן יידיש געוואָרן אַ האַרטער ל; בלויז פאַר דעם וואָקאַל י קען אויך אין ליטווישן יידיש דער ל אויסגערעדט ווערן ווייך, למשל, ליב, ליגן, ליכט (פאַרגלייך מיט פאָנעטיק, § 80). אין פּוילישן יידיש וואַריאירט די אויסשפּראַך פון ל אין אָפּהענגיקייט פון דעם וואָקאַל, מיט וועלכן ער איז פאַרבונדן. ליידער פעלט מיר גענוג מאַטעריאַל פון דעם לעבעדיקן פּוילישן יידיש (און אויך פון דעם דרומדיקן), כּדי פעסטצושטעלן גענוי די אויסשפּראַך פון דעם ל אין די דאָזיקע דיאַלעקטן. אויף וויפיל מיר דינט דער זכּרון, איז דער ל אין פּוילישן יידיש האַרט: א) פאַר א קורצן וואָקאַל און פאַר די דיפטאָנגען יי און וי, למשל, לאַגער, לאָך, לעשן, לייב, לויפן, און ב) נאָך אַ קורצן אַ אָדער אָ, למשל, גאַל, זאַלץ, קאַלט, וואַלד, גאָלד, וואָלט, געשאָלטן; ווייך: א) פאַר אָדער נאָך אַ לאַנגן וואָקאַל, למשל, לאָדן, לעבן (אויסגערעדט ליודן, ליעיבן), מאָלן (אויסגערעדט muln) און ב) נאָך יעדן ע־וואָקאַל, למשל, געל, קעלט, פעלד, וועלט, שעלטן (אויסגערעדט gehl, kelt, feld, welt, scheltn).

**144.** אַחוץ דעם דאָזיקן ווייכן ל פון די דיאַלעקטן, וועלכער ווערט אין דער יידישער אָרטאָגראַפיע ניט דיפערענצירט פון דעם האַרטן, האָבן מיר אָבער נאָך אַ פּאַלאַטאַליזירטן ל אין ווערטער, אַריבערגעקומענע פון סלאַוויש, וועלכער ווערט אויסגערעדט ווייך אויך אין ליטווישן יידיש. אין דער שריפט ווערט ער פיקסירט דורך לי, למשל, ליאַק (אַ כּלי צום קאָכן טיי), ליאָק, שליאַך, שליוז א. אַז. וו. דער דאָזיקער מיטל צו באַצייכענען די פּאַלאַטאַליזירונג פון דעם ל קלעקט אָבער ניט, ווען דער ל שטייט נאָכן וואָקאַל, למשל, ליאַלקע, ליולקע, פּאָלקע, מאָל, מעדאַל (מאַנכע פּרובן אויך אין אַזאַ פאַל איבערגעבן

די פּאַלאַטאַליזירונג דורך אַ י פֿאַר דעם ל, למשל, מאַיל, פּאַילקע, מעדאַיל). די קומענדיקע ייִדישע אָרטאָגראַפיע וועט אַלזאָ מוזן שאַפן אַ באַזונדער צייכן פאַר דעם פּאַלאַטאַליזירטן ל.

**145.** דעם פּאַלאַטאַליזירונגס־י נאָך אַ ל דאַרפן מיר אָבער ניט פאַרווענדן אין אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, אויב זיי זיינען אפילו אַריבער דורך דער פאַרמיטלונג פון רוסיש; פונקט ווי מיר שרייבן לעגענדע, לעגיאָן (הגם ריידן אויס אונטער דער השפּעה פון רוסישן ווייכן e — ליעגענדע, ליעגיאָן), אַזוי דאַרפן מיר אויך אויסלייגן רעוואָלוציע, עקזעמפּלאַר, אילוסטראַציע, ראַלע (ניט רעוואָליוציע, עקזעמפּליאַר, איליוסטראַציע, ראָליע) א. אַז. וו.

**146.** דער י דינט פאַר אַ פּאַלאַטאַליזירנדיקן צייכן אויך נאָך אַנדערע קאָנסאָנאַנטן דאָס רוב אין סלאַווישע ווערטער אָדער סופיקסן, דערהויפּט נאָך אַ נ, למשל, האָרעוואַניע, וויאַניען, גאָטעניו, שפּאַניע, שאַמפּאַניער, גריזיען, נודזיען. אָבער אין אַזעלכע ווערטער, וואו די פּאַלאַטאַליזירונג איז ניט אַזוי בולט, איז ער איבעריק, למשל, סאָוועט (ניט סאָוויעט), ווערשאָק (ניט וויערשאָק), צאַרסקאָע סעלאָ (ניט סיעלאָ) א. אַז. וו.

**147.** די פליייציקע קאָנסאָנאַנטן ל און נ זיינען אין ייִדיש טראַפּבילדנדיק (זילביש אָדער סאָנאַנטיש), ד. ה. זיי קענען, אַזוי ווי די וואָקאַלן, בילדן אַ טראַף. אין דער ביזאַהעריקער, ניט רעפאָרמירטער ייִדישער אָרטאָגראַפיע, וועלכע לייגט, למשל, אויס, טישעל, לעבען, איז עס ניט קענטיק, ווייל עס באַקומט זיך, אַז דער טרעגער פון דעם צווייטן טראַף איז דאָ דער וואָקאַל ע; אין דער אמתן אָבער איז דאָ קיין שום ע ניטאָ; דער צווייטער טראַף איז דאָ געבילדעט דורך די קאָנסאָנאַנטן ל (טי—של) און נ (לע—בן).

**148.** דער דאָזיקער שטומער ע פאַר די טראַפּבילדנדיקע ל, נ איז אַריבער אין אונזער אויסלייגונג פון דער נייהויכדייטשער אָרטאָגראַפיע; אין די פאַלן, וואו ער פעלט אין דייטש, שרייבט מען אים אין אויך אין ייִדיש ניט (למשל, הערצל, ציטערן), הגם דאָס פיינסטע אויער פון דעם גרעסטן פּעדאַנט וועט בשום אופן ניט קאָנען דערוויזן, אַז ס׳איז דאָ אַווירקלעכער פאָנעטישער גרונד אויסצולייגן, למשל, דעם פאַמיליענאָמען פון ציוניסטישן פירער אָן אַ ע (הערצל) און די פאַרקלענערונג פון האַרץ — מיט אַן ע (הערצעל), אָדער — ציטערן — אָן אַן ע און קלערען מיט.

(שלום־עליכם איז טאַקע אין דעם פּרט געווען אויסגעהאַלטענער און האָט געשריבן דורכאויס דעם שטומען ע, למשל, עלטערען, ציטערען, פאַרגרעסערען א. אַז. וו. דאָס רוב אָבער פלעגט דער קאָרעקטאָר עס פאַרריכטן).

**149.** דער דאָזיקער שטומער ע איז דעריבער טאַקע געווען די ערשטע כּפּרה ביי די פּרובן צו רעפאָרמירן די ייִדישע אָרטאָגראַפיע און איצט איז ער שוין פאַרשוואונדן אינגאַנצן אין דער אויסלייגונג פון אוקראַינע, רוסלאַנד, ליטע.

אַרויסוואַרפן דעם דאָזיקן איבעריקן ע איז געווען נייטיק ניט נאָר, כדי צו באַפרייען זיך פון אַ דייטשמעריזם און צוריקצוקערן זיך צו דער אַמאָליקער יידישער אָרטאָגראַפיע, וועלכע האָט אים ניט געקענט (פונקט ווי דאָס פאָלק קען אים עד־היום ניט, פאַרבייטנדיק אים אָפט דורך אַ י, למשל, שרייבין, ציטערין, אַ ביסיל, אָדער דורך אַ ו, דערהויפּט אין גאַליציע און וואָלין, למשל, שרייבון), און ניט נאָר כדי ניט צו פעלשן די אמתע יידישע אויסשפּראַך (וואָס באַזונדערס מערקט זיך עס ביים לערנען לייענען קינדער, וועלכע זאָגן ווי עס שטייט: טי—שעל, שריי—בען), נייערט אויך צוליב דעם, מ׳זאָל דעם ע פאַר נ קענען האָבן צום פיקסירן דעם קלאַנג ע דאַן, ווען ער הערט זיך טאַקע אויף אַן אמת.

**149.** וואָרים אין געוויסע פאַלן האָבן מיר טאַקע דווקא צו טאָן מיט דער ענדונג ען, ניט מיט ן, למשל, מעקען (מאַכן מע) און מעקן (אויסשטרייכן), בריקען (מיט די פיס) און בריקן (איבער טייכן), שטומען (צייטוואָרט—שטיל זיין) און שטומן (אַ בייגפאַל פון דעם ביוואָרט דער שטומער). אַרויסוואַרפנדיק דעם שטומן ע דאָרט, וואו ער איז טאַקע ניטאָ אין דער אויסשפּראַך, האָבן מיר די מיגלעכקייט צו דיפערענצירן די אויסלייגונג פון דער ענדונג ען און פון דער ענדונג ן, אַ זאַך, וואָס איז דורכאויס נויטוועדיק על־פּי די געזעצן פון דער יידישער פאָנעטיק, ווי מיר וועלן עס ווייטער זען.

**150.** די אַרויסוואַרפונג פון ע פאַרן טראַפּבילדנדיקן ל און נ האָט געקאָנט זיך אויסווייזן פאַר אומגעוואונטשן אפשר פון מוזיקאַלישן שטאַנדפּונקט. הערנדיק ביים יידישן געזאַנג דווקא דעם אויסגעצויגענעם ען, וואָס קלינגט אגב זייער פרעמד, ניט יידיש, האָט זיך געדאַכט, אַז אַנדערש קאָן ניט געזונגען ווערן, ווי נאָר לע—בען, שטרע—בען, א. אַז. וו. אָבער אַווטאָריטעטע מוזיקער האָבן מיך פאַרזיכערט, אַז ס׳איז קיין שום מניעה ניט פאַרן זינגען, ווען מ׳זאָל אַרויסריידן דעם טראַפּנבילדנדיקן ל אָדער נ לויט דער אמתער יידישער אויסשפּראַך. און ווירקלעך האָבן די לעצטע קאָנצערטן פון יידישע פאָלקסלידער, ווי אויך דער כאָר פון ווילנער אַרבעטער־קונסט־פאַראיין דערוויזן, אַז אויך וואָקאַליש ד. ה. פאַרן זינגען, האָט דער שטומער ע קיין שום באַרעכטיקונג ניט; אַדרבא, ער שטערט נאָר דעם איינדרוק, אַריינברענגנדיק אין יידיש ניט עקסיסטירנדיקע קלאַנגען־קאָמפּלעקסן, און לע—בן, שטרע—בן לאָזט זיך אויסזינגען ניט ערגער ווי לע—בען, שטרע—בען.

**151.** אויך מעטריש, פאַרן משקל פון דעם פערז, מוזן מיר דעם שטומען ע האַלטן פאַר גאַנץ איבעריק, געדענקענדיק, אַז אַ ל און אַ נ מיט אַ צופריערדיקן קאָנסאָנאַנט בילדן אַ טראַף. אַגב זיינען די אָנהענגער פון שטומען ע ניט אויסגעהאַלטן, וואָרים אויב זיי לייגן אויס, למשל, שרייבען, ביכעל א. אַז וו., מוזן זיי אויך אויסלייגן ערענסט, גערען, קאָרען א. אַז. וו. וואָס זיינען דורכאויס צווייטראַפּיק, ד. ה. באַשטייען פון צוויי זילבעס און אַלס צוויי זילבעס קלינגען זיי אויך אין יידישן פערז. פונדעסטוועגן, שרייבן אפילו די אָנהענגער

פון שטומן ע ערנסט, גערן, קאָרן, ווייל די דייטשע אָרטאָגראַפיע לייגט אַזוי אויס און לויטן דייטשן משקל זיינען אַזעלכע ווערטער איינזילביק.

**152.** די פאַלן, ווען מ'דאַרף אויף יידיש שרייבן די ענדונג ן און ווען טאַקע מיט אַ ע—ען, זיינען אַבסאָלוט ניט אַנאַלאָגיש מיט די דייטשע ענדונגען n און en. אין דייטש ווערט די ענדונג n (אָן e) געשריבן נאָר אין געוויסע פאַלן נאָך er (למשל, Eltern) און אין דעם קאָמפּלעקס eln (למשל, wickeln). אין יידיש גילטן אָבער גאַנץ אַנדערע כּללים פאַר דעם געברויך פון די ענדונגען ן און ען און די דאָזיקע כּללים מוזן קומען צום אויסדרוק אויך אין אונזער אויסלייגונג, אויב מיר ווילן אָפּהיטן דעם יידישן כאַראַקטער אירן. דער גרונד-כּלל דאָ איז—אַז קיין ע פאַר ן האָבן מיר ניט אין דער אויסשפּראַך, דעריבער דאַרפן מיר אים אויך ניט האָבן אין דער אויסלייגונג. דער ע פאַר דער ענדונג ן דאַרף געשריבן ווערן נאָר דאַן, ווען ער הערט זיך, און הערן הערט ער זיך אין פאָלגענדיקע פאַלן, וועלכע זיינען ריין יידיש און גילטן גאָרניט אין דייטש:

א) אין די צייטווערטער, וואָס זייער גרונדפאָרם לאָזט זיך אויס:

אויף אַ וואָקאַל (אָדער אַ דיפטאָנג), למשל, רו—ען, צי—ען, בוי—ען, גרוי—ען, באַניי—ען;

אויף ם אָדער נ למשל, קומ—ען, סמ—ען, חלומ—ען, לערנ—ען, שדכנ—ען;

אויף אַ ל מיט אַ קאָנסאָנאַנט פאַר אים, למשל, טומל—ען, פּסל—ען, טובל—ען, הנדל—ען, טרייסל—ען, קרישל—ען, שאָקל—ען;

אויף נג אָדער נק, למשל, דערלאַנג—ען, פאַרענג—ען, געדענק—ען, בענק—ען.

ב) אין די צייטווערטער, וואָס אין אַלע פערזאָנען פון דער געגנוואַרט און פאַרגאַנגענעם מיטלוואָרט האָבן זיי אין דער ענדונג אַ ע. דאָס זיינען:

1) די צייטווערטער פון סלאַווישן מקור, למשל, סאָפּען (אין דער געגנוואַרט אין אַלע פערזאָנען אַ ע: איך סאָפּע, דו סאָפּעסט, ער סאָפּעט, געסאָפּעט), טופּען, זיך סטאַרען א. אַנד.

2) די צייטווערטער מיטן סלאַווישן סופיקס עווען, למשל, ראַטעווען, באַלעבאַטעווען, לצעווען, תּכלעווען (איך ראַטעווע, געראַטעוועט).

3) די נאָכקרימענדיקע צייטווערטער אויף, למשל, קען, אויקען, באַמקען, מעקען, בעקען, קוואַקען, קוואָקען;

4) די צייטווערטער, וואָס שטאַמען פון העברעאיש און פאַרטאָפּלען די ענדונג ען אין ענען, למשל, הרגען, גנבען, חנפען, שרפען, חכמען, חתמען, דאגען, טענען (הגם די לעצטע דריי ווערן אויך אויסגעלייגט חכמהן, דאגהן, טענהן)—פאַרטאָפּלט אין הרגענען, גנבענען, חנפענען, שרפענען, חכמענען, חתמענען, דאגענען, טענענען.

**153.** די דאָזיקע פאַרטאָפּלונג פון דער איינפאַכער ענדונג ען איז אַ כּלל

אין די העברעאישע ווערטער הרגענען, גנבענען און אייניקע אַנדערע, די-
ווערטער חתמענען, חנפענען, חכמענען א. אַז. וו. איז גלייכער צו באַנוצן מיט
דער איינפאַכער ענדונג (חתמען, חנפען, חכמען). אינגאַנצן אָבער צו פאַרמיידן
איז די פאַרטאָפּלונג פון דער ענדונג ען אין די ווערטער טענענען, דאגענען,
סודענען, מייקענען (אָנשטאָט טענען, דאגען, סודען זיך, מייקען), ווי דאָס איז
דער נוסח אין מאַנכע געגענטן אין דער ליטע (ווילנע, סובאַלק, קאָוונע). באַ-
זונדערס שלעכט קלינגט די דאָזיגע פאַרטאָפּלונג אין די סלאַווישע צייטווערטער
און אין די נאָכקרימענדיקע, למשל, סאָפּענען, שטשיפּענען, הוליענען, מוטשע-
נען, אויקענען א. אַנד., און די ווילנער, סובאַלקער, קאָוונער מוזן זיך אין
דעם פאַל אונטערגעבן דעם מער פאַרשפּרייטן און איינציקן ליטעראַרישן נוסח
מיט דער איינפאַכער ענדונג ען. אַלזאָ: סאָפּען, שטשיפּען, הוליען, מוטשען,
אויקען, באַמקען א. אַז. וו.

154. אין דער דאָזיקער פאַרטאָפּלונג ביי אַ טייל ליטווישע יידן דריקט
זיך אויס זייער ווידערגעפיל צו דער ענדונג ען נאָך אַ קאָנסאָנאַנט, פאַרטאָפּ-
לען זיי די ענדונג, כדי צו באַקומען פאַר דער ענדונג ען כאָטש אַ נ. דעמ-
זעלבן ווידערגעפיל צו דער ענדונג ען מערקן מיר, למשל, ביי די ווילנער,
ווען זיי ריידן אַרויס די ענדונג ען נאָך נג, נק מטושטש, כמעט אָן אַ ע (גע-
דאַנקן—אָנשטאָט געדאַנקען, דערלאַנגן—אָנשטאָט דערלאַנגען א. אַז. וו.).

155. אייניקע פעלים האָבן פּאַראַלעלע פאָרמען, מיט ע און אָן, ווייזט
אויס, צוליב דעם, וואָס די פאָלקסשפּראַך האָט די דאָזיקע פעלים אויפגעפאַסט
ווי סלאַווישע, למשל, זיפּצן (איך זיפּץ) און זיפּצען (איך זיפּצע), קרעכצן (איך
קרעכץ) און קרעכצען (איך קרעכצע), שנאָרן (איך שנאָר) און שנאָרען (איך
שנאָרע), פּיקן (איך פּיק) און פּיקען (איך פּיקע). די בכורה אין די דאָזיקע
פאַלן איז אָפּצוגעבן דער פאָרם אָן ע, אַחוץ דעם צייטוואָרט קוויטשען, וועל-
כער ווערט אויפגעפאַסט פון דער שפּראַך אַלס סלאַווישער, הגם עס איז אַ
גערמאַנישער. פאַרקערט, זיינען מאַנכע סלאַווישע ווערטער אויפגעפאַסט אַלס
ריין יידישע און האָבן די ענדונג ן: טאָקן (точить), פאַרטעמפּן, כאַפּן.

די פאָרם כאַפּן און ניט כאַ—פּען דערקלערט זיך אפשר דערמיט, וואָס
דאָס וואָרט איז שוין הונדערטער יאָרן איינגעבירגערט אין יידיש; יש אומרים,
אַז דאָס איז בכלל ניט קיין סלאַוויש וואָרט.

156. אין די שם-עצמס איז דאָ אַ ע פאַר דער ענדונג ן נאָך ם, נ, נג,
נק, נאָך אַ וואָקאַל, נאָך אַ ל, למשל, קראָמען, זינען, שלאַנגען, צייטונגען,
פונקען, געדאַנקען, שלייען, היטלען, שליסלען.

אין דער ענדונג פון דאַטיוו אָדער אַקוזאַטיוו פון די אייגענע נעמען
הערט זיך אַן ע: נאָך אַ וואָקאַל, למשל, טאָלסטאָיען; נאָך אַ ם, למשל,
חיימען, מעדעמען; נאָך אַ נ, למשל, לעווינען; נאָך אַ ל מיט אַ קאָנסאָנאַנט פאַר
אים, למשל, גיטלען; אָבער נאָך נג און נק ענדיקט זיך דער דאַטיוו אָדער

אַקוזאַטיוו פון די אייגענע נעמען אויף ן (ניט ען), למשל, שעלינגן, לעסינגן, הערמאַן באַנגן, יצחק פונקן.

די אייגענע נעמען אויף ע באַהאַלטן דעם ע אויך פאַר דער ענדונג ן פון דאַטיוו אָדער אַקוזאַטיוו, למשל, לייבע—לייבען (אָבער לייב—לייבן), מערע—מערען, ראָזע—ראָזען, הגם די ווילנער און קאָוונער, וועלכע האָבן, ווי מיר האָבן שוין געזעען, אַ מין ווידערגעפיל צו דער ענדונג ען, זאָגן: לייבן, מערן, ראָזן א. אַז. וו. דאָסגלייכן בלייבט דער ע אין דאַטיוו פון באָבע—באָבען (ניט באָבן).

אויך אין די פאָרמען פון די צאָלווערטער פ י ר ע ן, פ י נ פ ע ן, ז ע ק ס ע ן, אַ כ ט ע ן הערט זיך דער ע פאַר דער ענדונג ן און דאַרף אַלזאָ יאָ געשריבן ווערן.

**157.** נאָר איין קאַטעגאָריע ווערטער מיידט מיט אַלע מיטלען אויס דעם קלאַנג ע פאַרן טראַפּבילדנדיקן ן. דאָס זיינען די בייווערטער, די שם=התוארס. ס'איז אַ פענאָמען פון דער יידישער פאָנעטיק, ווי אַזוי די בייווערטער גיבן זיך אַן עצה ניט אויסצולאָזן זיך אויף ען:

א) ניט נאָר נאָך נג, נק, נייערט אויך נאָך ם האָבן זיי די ענדונג ן אָנשטאָט דער ענדונג ען, וואָס עס באַקומען אין דעם פאַל די הויפּטווערטער אָדער די צייטווערטער, למשל, די געזונטע י ו נ ג ע ן (שם=עצם), אָבער דעם י ו נ ג ן מאַן; זיך פ אַ ר ע נ ג ע ן (פּעל), אָבער אין אַ ע נ ג ן אָרט; פ אַ ר אָ ר י מ ע ן (פּעל), אָבער דעם אָ ר י מ ן מענטשן; זאָלסט ש ט ו מ ע ן (פּעל), אָבער מיט אַ ש ט ו מ ן.

ב) ביי דעם טראַפּבילדנדיקן ל נעמען די בייווערטער אָן די ענדונג ע ל ן (וואָס קאָן אין אַלע אַנדערע פאַלן אין יידיש ניט דערלאָזט ווערן), אַבי ניט צו האָבן די ענדונג ען, למשל, אויסאיידלען (פּעל), אָבער דעם איידעלן, פאַרטונקלען (פּעל), אָבער דעם טונקעלן, מיטלען (רבים פון שם=עצם מיטל), מיטלען זיך (פּעל), אָבער דעם מ י ט ע ל ן מענטשן; פּסלען (פּעל), אָבער דעם פּסולן א. אַנד.

ג) נאָך אַ נ, ווען די אויסשפּראַך דערלאָזט שוין בשום אופן ניט קיין קלאַנגענקאָמבינאַציע אָן אַ ע, פאַרבייטן די בייווערטער גאָר דעם ן אויף אַ ם, למשל, פיינעם, דיינעם, מיינעם, א. אַז. וו. (פרגל. פיינען זיך און דעם פיינעם).

ד) דער נ ווערט פאַרביטן אויף אַ ם אפילו נאָך אַ וואָקאַל, למשל, נייעם (פרגל. מיט באַנייען), אָבער ניט בדרך=כלל. אין אייניקע ווערטער וואַקלט זיך עס, למשל, פרייעם און פרייען, בלויעם און בלויען. אָבער ווען דער ן בלייבט אפילו, ווערט דער ע פאַר אים אויסגערעדט אויך מטושטש, קלינגענדיק גיכער י, למשל, דעם געטרייען—געטרייאין (אָבער געטרויען—פּעל), גרויען—גרויאין (אָבער גרויען אויף טאָג—פּעל), פרייען—פרייאין (אָבער באַפרייען—פּעל) א. אַז. וו.

די דאָזיקע מערקווירדיקע ערשיינונג איז אגב אַ זעלטענער ביישפּיל, ווי אַזוי דער פּסיכאָלאָגישער מאָמענט ווירקט אויף דער פיזיאָלאָגיע פון די קלאַנגען.

158. דער היוצא לנו מזה איז — אַז דער שטומער ע מוז אַרויסגעוואָרפן ווערן פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע, בלייבנדיק נאָר דאָרט, וואו ער הערט זיך לויט דער אַלגעמיינער יידישער אויסשפּראַך (די ווילנער, קאָוונער, סובאַל־קער מוזן אין דעם פּרט אַ ביסל נאָכגעבן).

159. דערפאַר אָבער דאַרף בלייבן די ענדונג ין אַלס סופיקס פון ווייב־לעכע פערזאָנען־נעמען, למשל, די קריסטין, די שניידערין, די חברטאָרין, די האַרינטע, צוליב אַ ריין עטימאָלאָגישן גרונד, וואָרים פּאָנעטיש איז טאַקע ניטאָ קיין שום חילוק צווישן די קריסטן (רבים פון דער קריסט) און די קריסטין (אַ קריסטלעכע פרוי).

160. דער יידישער וואוילקלאַנג פאָדערט אויך, אַז ווען נאָך די טראַפּ־בילדנדיקע ל און נ קומט אַ וואָקאַל, ווערט פאַר זיי צוריקגעשטעלט דער ע (סווארַאבהאַקטי־וואָקאַל), למשל, איידל — איידעלער, מיטל — מיטעלער, ביכל — בי־כעלע (אָבער אין דעם רבים פון די פאַרקלענערווערטער אויף ל ווערט דער ע ניט צוריקגעשטעלט פאַר דער ענדונג עך, כדי צו דיפערענצירן די פאָרמען פון דעמינוטיוו — ביכלעך — און אימינוטיוו — ביכעלעך), רעגן — רעגענען, רעכן — רעכענען, רעכענונג, געראָטן — געראָטענער, פאַפירן — פאַפירענער, טרוקן — טריקענער, פופצן — פופצעטער, פופצענער (אָבער פופצנטער).

161. אויך ביי דער צוזעצונג פון אַ טראַפּבילדנדיקן ל אָדער ן ווערט דער דאָזיקער ע צוריקגעשטעלט, למשל, געגנט — געגענטן, רעגן — רעגענדל, וואָלקן — וואָלקענדל, שטערן — שטערענדל; אגב ווערט דורך אַזאַ אויסלייגונג אויסגעמיידט אַ קאָמבינאַציע פון אַזוי פיל קאָנסאָנאַנטן, ווי געגנטן, רעגנדל, שטערנדל, וואָלקנדל. (צוליב דעם אייגענעם טעם וואָלט אפשר אויך גלייכער געווען אויסצולייגן מיט אַן ע אַזעלכע פאָרמען, ווי פאָלגענדיקן אָנשטאָט פאָלגנדיקן).

162. די כללים פון דעם טראַפּבילדנדיקן ל אָדער נ זיינען נאַטירלעך אויך חל אויף העברעאישע ווערטער, הגם אין דער אויסלייגונג קומט עס ניט צום אויסדרוק (למשל, מבול=מאַבל, שכל=סייכל, חתן=כאָסן, בדחן=באַדכן, אָבער (דער) בטלן=באַטלען, שדכנען=שאַדכענען), אויף אינטערנאַציאָנאַלע ווערטער, למשל, קאָפּנהאַגן, און אויף סלאַווישע ווערטער, למשל, דישל, גאָמל־קע, קאַטשלקע, סאַזשלקע.

163. נאָר אין די ווערטער, וואו דער ל איז געבליבן ווייך צוליב דער השפעה פון דער פרעמדער שפּראַך, איז דער ע פאַר אים ניט שטום און ווערט יאָ געשריבן, למשל, קאַסעל, בריסעל, שינעל, פּאָטעל, קאַרוסעל א. אַז. וו.

פון אַזעלכע ווערטער האָבן מיר דאַן אויך פאָרמען אויף על, למשל, קאַסעלן, ראַשעלן, שינעלן, פּאָטעלן א. אַז. וו.

**164.** ווען דער אויסלייגונג פון די פּרעפיקסן מוזן באַמערקט ווערן אָט די כּללים:

א) ב י י, ווען באַטאָנט (און אויך אַלס פּאָרוואָרט: ביי אים), ניט ב אַ, למשל, ביי׳שטיין, ביי׳קומען.

ב אַ, ווען אומבאַטאָנט (ניט ב ע און ניט ב י), למשל, באַשטיי׳ן, באַקו־מען, באַדי׳נער, באַציי׳טנס, באַקוו׳עם, באַהאַ׳ונט (ניט בעשטיין, בעקומען, בעדינער, בעצייטנס, בעקוועם, בעהאַוונט, און אויך ניט בישטיין, בידינער, ביקומען א. אַז. וו.). אין אַזעלכע צוזאַמענזעצונגען, ווי בייטאָג, ביינאַכט, ביי־נאַנד האָבן מיר דעם פּרעפיקס ב יי, ניט ב אַ (והראיה—זיי לאָזן זיך ניט אָנ־ווענדן אין דער פאָרם מיט אַ נייטראַלן ע: מיר קענען אויך זאָגן בעקומען, בעצייטנס א. אַז. וו., אָבער בשום אופן ניט בעטאָג, בענאַכט, בענאַנד).

ב) צ ע, ווען אומבאַטאָנט (לגבי דעם נייהויכדייטשן zer, אין מיטל־וואָרט—אָן ג ע), למשל, צעשניי׳דן, צעריי׳סן, צעוואַ׳רפן, צעביי׳סן (אין מיטל־וואָרט—צעשני׳טן, צערי׳סן, צעוואָ׳רפן, צעבי׳סן, צערי׳סן, צעקראַ׳צט, צע־שטע׳רט) א. אַז. וו.

צ ו, ווען באַטאָנט (אין מיטלוואָרט—מיט ג ע), למשל, צו׳שניידן, צו׳רייסן, צו׳וואַרפן, צו׳בייסן (אין מיטלוואָרט — צו׳געשניטן, צו׳געריסן, צוגע־ביסן) א. אַז. וו.

אין אַזעלכע צוזאַמענזעצונגען, ווי צוריק, צונויף, צוזאַמען, צונאַנד, צוליב, צופוסנס, צופרידן, האָבן מיר דעם פּרעפיקס צ ו, ניט צ ע, און אַזעלכע אויס־לייגענישן, ווי צענויף, צעפרידן א. אַז. וו. מוזן אויסגעמיידט ווערן.

ג) פ אַ ר, ניט פ ע ר, למשל, פאַרגעסן, פאַרבייסן, פאַרצייען, פאַרצייטנס.

ד) אַ נ ט, ניט ע נ ט, למשל, אַנטוויינען, אַנטרינען, אַנטוויקלען, אַנט־שלאָפן (ווערן). אָבער אַזאַ אויסלייגן, ווי אַנטגילטיק אָנשטאָט ענדגילטיק (ענד+גילטיק) איז אַ גרייז פון דער פאָלקס־עטימאָלאָגיע, וואָס קאָן ניט דער־לאָזט ווערן.

ה) פ ו נ אַ נ ד ע ר, ניט פ אַ נ אַ נ ד ע ר און ניט פ אַ ר נ אַ נ ד ע ר, על־פּי עטימאָלאָגיע (פון+אַנדער), למשל, פונאַנדערנעמען (איינעם פון דעם אַנדערן), פונאַנדערוואַרפן א. אַז. וו.

ו) א ו י ף ווערט אין ליטווישן יידיש אויסגערעדט אַ ף אַלס פּאָרוואָרט און א ו פ... אַלס פּרעפיקס, אין פּוילישן און וואָלינערישן יידיש אין ביידע פאַלן אָ ף; דעריבער לאָזן מיר איבער די ביזאַהער אָנגענומענע, אייגנטלעך דייטשמערישע, אויסלייגונג א ו י ף, בפרט, אַז מיר האָבן אין יידיש אַזאַ צוזאַמענזעצונג מיט א ו י ף ווי צ ו נ ו י ף (צו+אייפאַנישער נ+אויף), וועלכע ווערט אויסגערעדט ניט צונאַף, ניט צונאָף און ניט צונוף, נאָר דווקא צונויף (לויט דער ליטווישער אויסשפּראַך צונייף).

ז) דער פּרעפיקס ד ע ר ווערט אַלעמאָל אויסגעלייגט עטימאָלאָגיש און קיינ־מאָל ניט פאָנעטיש ד אַ ר אָדער ד אַ (זע פאָנעטיק § 157), למשל, דערלאַנגען,

דעריבער, דערפֿאַר, דערנאָך (ניט דאַרלאַנגגען אָדער דאַלאַנגען, דאַריבער, דאַרפֿאַר, דאַרנאָך, דאַרצו) א. אַז. וו.

ח) דער פֿאַרביינענדיקער פּרעפֿיקס אום טאָר ניט אויסגעלייגט ווערן דייטשמעריש—און, למשל, אומחן, אומכּבוד, אומגליק, אומזין, אומפּאַרטייאיש, אומדירעקט (ניט—אונחן, אונכּבוד, אונגליק, אונזין, אונפּאַרטייאיש, אונדירעקט) א. אַז. וו.

**165.** ביי דער בייגונג פֿון ווערטער דאַרפֿן די צוגעזעצטע ענדונגען בכלל ניט פֿאַרטונקלען דאָס פּאָרפֿאָלאָגישע בילד פֿון דעם געבויגענעם וואָרט, למשל, דו רעדסט, ער רעדט, דו באַהאַלטסט, דו וואַשסט, דער נאַרישסטער א. אַז. וו. (ניט—דו רעטסט, ער רעט, דו באַהאַלסט, דו וואַשט, דער נאַרישטער א. אַז. וו.).

**166.** נאָר ביים צוזעצן די ענדונג סט צו א שטאַם פֿון א פּעל, וואָס לאָזט זיך אויס אויף ז, ס (ת) אָדער צ, פֿאַלט דער ס אַרויס, למשל, דו ווייזט, דו מוזט, דו ווייסט, דו זיצט, דו ממיתט (ניט דו ווייזסט, דו מוזסט, דו זיצסט, דו ממיתסט).

אין דער פֿאָרם ביסט איז די ענדונג—סט, דעריבער איז ניט ריכטיק צו שרייבן ביזט.

אָבער די ווערטער מיטן שטאַם אויף ש באַהאַלטן דעם ס, למשל, דו גליטשסט, דו וואַשסט, דער נאַרישסטער.

**167.** צוליב באַשיינפּערלעכקייט קאָן אין געניטיוו אָדער אין פֿאַרגלייך־גראַד דער ס־קלאַנג פֿון סופֿיקס זיך קאָמביגירן מיט א ז, ת, צ, למשל, דער בייזסטער, דעם האָזס, דעם מתס, דער קאַצס א. אַז. וו.

**168.** דער שם־הגוף דו, קומענדיק נאָכן פּעל, גיסט זיך צונויף מיט אים אין איין וואָרט, למשל, ווערסט דו, גייסט דו, ליידסט דו=וועסטו, גייסטו, ליידסטו (אָבער ניט וועסטע, גייסטע, ליידסטע) א. אַז. וו.

**169.** אָבער אין צונויפֿזעצונגען מיט פּרעפֿיקסן ווערט דער לעצטער קלאַנג פֿון פּרעפֿיקס, ווען אפֿילו אַסימילירט אין דער אויסשפּראַך, דאָך געשריבן, למשל, אַראָפּוואַרפֿן, אָפּקויפֿן (ניט אַראָוואַרפֿן, אָקויפֿן) א. אַז. וו.

**170.** דער קלאַנג טס (אָדער דס) ווערט ניט געשריבן דורך צ, אויב דאָס פֿאָדערט די עטימאָלאָגיע פֿון דעם וואָרט, למשל, גוטס, פּעטס, לאַנדסמאַן (ניט גוץ, פּעץ, לאַנצמאַן) א. אַז. וו. אין אַלע אַנדערע פֿאַלן ווערט ער איבערגעגעבן דורך צ, למשל, טועכץ, שפּייעכץ, ערגעץ א. אַז. וו.

**171.** אויך דער צונויפֿגעזעצטער קלאַנג דט ווערט אין יידיש ניט געשריבן, אויב דאָס פֿאַרלאַנגט ניט די עטימאָלאָגיע, למשל, שטאָט, ניט שטאָדט (אָבער—רעדט, געשאַדט, געשמדטער א. אַז. וו., לויטן כּלל פֿון § 165).

**172.** פֿון די פֿאָרמען שאַדט, געשאַדט האָט זיך געבילדעט אויף צוריק־רעטראָאַקטיוויש, דער אינפֿיניטיוו שאַדטן (אָנשטאָט שאַדן, ניט שאַטן).

**173.** די ענדונגען הייט און ווייז ווערן געשריבן לויטן כּלל פֿון § 181.

דורך אַ ט און אַ ז, למשל, שטילערהייט (ניט שטילערהייד), ביסלעכווייז, צו־פעליקערווייז, משוגענערווייז (ניט ביסלעכוויס, משוגענערוויס, והראיה — ביסלעכווייזע) א. אַז. וו.

## די אויסלייגונג פון די העברעאישע ווערטער.

**174.** בנוגע דער אויסלייגונג פון די העברעאישע (און אַראַמעאישע) ווערטער אין יידיש מוז די סיסטעם פון דער פּראָוויזאָרישער יידישער אָרטאָ־גראַפיע טריי בלייבן דעם היסטאָרישן פּרינציפּ, וועלכער איז שטרענג אָפּגעהיט געוואָרן דורך די אַלע תקופות אין דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער שריפט־שפּראַך. אמת, די ברייטע פּאָלקסשיכטן, בפרט די פרויען, זיינען קיינמאָל ניט געווען אימשטאַנד לייכט איבערצולייענען און ריכטיק אָנצושרייבן די נאָ־ענטע און גוט־באַקאַנטע ווערטער, וואָס ווערן אויסגעלייגט אויף אַזאַ באַזונדערן קאָמפּליצירטן אופן. אין די פּראָגער בריוו פון יאָר **1619** האָבן מיר, למשל, אַזעלכע גרייזן, ווי (זכות) אביז, אלביז, כסב, כסלף, מאמד, מסמח, מריך, קאל, קערן, שאלם, שליך (אָנשטאָט אבות, אלף בית, כתב, כסלו, מעמד, משמח, מאריך, קול, קרן, שלום, שליח) א. אַז. וו. אין מאַנכע פאָלקסביכלעך קען מען אויך טרעפן די העברעאישע ווערטער אויסגעלייגט פּשוט אויף יידיש, אָבער נאָר אַלס זעלטענעם יוצא־מן־הכלל. בכלל אָבער האָט מען אין דעם געזען אַ סימן פון עם־הארצות, און דער, וואָס האָט ניט געהאַט די זיכערקייט, אַז ער קען ריכטיק אָנשרייבן דאָס העברעאישע וואָרט, האָט אים בעסער אינגאַנצן אויסגעמיידט, פאַרבייטנדיק אים אויף אַ דייטשמערישן אָדער בכלל ווייניק יידיש־לעכן אויסדרוק, אַבי ניט צו שטעלן זיך אין דער סכנה אַרויסצווייזן זיך פאַר אַן עם־הארץ אין די אויגן פון די וואוילקענעוודיקע.

די שריפטלעכע יידישע שפּראַך האָט זיך מיט אַ באַזונדער חשיבות באַ־צויגן צו די העברעאישע באַשטאַנדטיילן אירע און האָט זיי איבערגעגעבן גע־טריי לויט דער אויסלייגונג פון די מקורים, הגם דאָס האָט טיילמאָל געמוזט ברענגען דערצו, אַז די עכטקייט פון דעם יידישן לשון, וועלכע האָט אין אַ גרויסער מאָס איר שורש אין די העברעאיזמען, איז געמינערט געוואָרן דורך דער מורא פאַר דער ניט־ריכטיקער אויסלייגונג פון די העברעאישע ווערטער.

**175.** דער ערשטער, וואָס האָט געהאַט דעם מוט צו שרייבן די העברע־אישע ווערטער לויט דער יידישער אויסלייגונג, איז געווען ווינגער, וועלכער האָט עס דורכגעפירט אין זיינע דערמאָנטע בראָשורן (זע § 78). אָבער זיין ראַדיקאַלער פּראָיעקט האָט ניט געפונען קיין שום אָפּקלאַנג. אַ סך איינגעהאַל־טענער איז געווען באָראָכאָוו, וועלכער האָט פאָרגעלייגט צו שרייבן יידיש נאָר די ווערטער, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייער העברעאישע אויסשפּראַך, למשל, טאָמער, באַלעבאָס, מאָנעשאַפט (ממה־נפשך, אייגנטלעך גאָר אויסגערעדט — מאָנעשאַך), צולאָכעס, באַרמענען (בר־מינן). ערשט אין די טויער פון דער ביל־

דונג־סעקציע ביים יידישן קאָמיסאַריאַט אין סאָוועטישן רוסלאַנד האָט דער געדאַנק צו רעפאָרמירן די אויסלייגונג פון די העברעאישע ווערטער אין יידיש געפונען הייסע אָנהענגער און זיי האָבן עס געפּרובט דורכפירן אַפריער אין דעם ווילנער צווייוועכנטלעכן זשורנאַל „פאָלקסבילדונג" און דאַן אויך אין זייערע איבעריקע אויסגאַבן אין גרויסרוסלאַנד. די דאָזיקע האַרבע פראַגע פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע איז אויך געקומען צו באַהאַנדלונג אויף דער קולטור־באַראַטונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין וואַרשע סוכות ה׳תרפ. די שול־טוער, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער באַראַטונג, זיינען דאָס רוב געווען פ אַ ר דער רעפאָרם, אין וועלכער זיי האָבן געזעען איינס פון די ווירקעוודיקסטע מיטלען צו פאַרלייכטערן דעם קינד דעם לימוד פון דער יידישער מוטערשפּראַך. נאָך הייסע וויכוחים איז אויף דער באַראַטונג אָנגענומען געוואָרן וועגן דעם אַ קאָמפּראָמיס־רעזאָלוציע, אַז — „די העברעאישע עלעמענטן אין יידיש דאַרפן אָרטאָגראַפיש נאַטוראַליזירט ווערן".

מיט דער דאָזיקער פשרה איז מען אויסן געווען צו שטעלן די פראַגע וועגן רעפאָרמירן די אויסלייגונג פון די העברעאישע ווערטער אויפן סדר־היום, פאָראויסזעענדיק, אַז דורכפירן עס איז נאָך ניט געקומען דער מאָמענט. און באמת טאַקע האָבן אפילו די אָנהענגער פון דער רעפאָרם געפילט, אַז דער פּראָיעקט צו שרייבן די העברעאישע ווערטער אין יידיש לויט די אַלגעמיינע כללים פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע מוז זיך אָנשטויסן אויף אַ גרויסן ווידערשטאַנד מצד דעם ברייטן עולם, וועלכער איז נאָך פסיכאָלאָגיש ניט צוגעגרייט דערצו. נאָר געוויסע ענגע קרייזן אין וואַרשע האָבן עס אויף זייער אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט דורכגעפירט אין דעם וועכנטלעכן אַרבעטער־זשורנאַל „דער בוי־אַרבייטער" און אין אייניקע אַנדערע אויסגאַבן זייערע (למשל, אין דער פּאָעמע „צוועלף" פון אַלעקסאַנדער בלאָק, אין דער איבערזעצונג פון אַלטער קאַציזנע).

**176.** אויב אָבער די רעפאָרם פון דער אויסלייגונג פון די העברעאישע עלעמענטן אין יידיש איז נאָך פריצייטיק און פאָדערט אַ לאַנגע פאָראַרבעט און אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין דער פסיכאָלאָגיע פון דער יידישער געזעלשאַפט, וועלכע טראָגט אַריבער די פּיעטעט צו דער העברעאישער שפּראַך אויך אויף אַזאַ אויסערלעכן אַטריבוט, ווי די אַלט־סעמיטישע קאָנסאָנאַנטישע שרייב־סיסטעם, מוז אָבער אָנערקענט ווערן, אַז אויף וויפיל עס ווערט ניט אָנגערירט דער גרונד־יסוד פון דער העברעאישער אָרטאָגראַפיע, מעגן מיר זיך ערלויבן ניט צו שטרענג מחמיר צו זיין אויף די כללים פון העברעאישן דיקדוק, וואָס אפילו די טראַדיציע האָט דאָ געפונען פאַר נייטיק צו מאַכן די אָדער יענע פאַרלייכטערונגען, דהיינו:

**177.** די העברעאישע (אָדער אַראַמעאישע) ווערטער, וואָס דער עלטערער אָדער יינגערער מנהג האָט זיי פאַריידישט אויך אין דער אויסלייגונג, דאַרף מען שרייבן לויט דער יידישער אָרטאָגראַפיע, למשל, טאָמער, באַ־

האַוונט, שעכטן, שאַכערן, שייגעץ, אויסשייגעצן (אַנשטאָט תאמר, באַהבנ׳ט, שחטן, סחרן, שקץ, אויס־שקצ׳ן). ס׳איז אויך גלייכער אויסצולייגן באַלעבאָס, באַלע־באָסטע, באַלעבאַטיש, באַלעבאַטעווען (נוסח אַמעריקע, אַנשטאָט בעל־הבית, בעל־הביתטע, בעל־הבתיש, בעל־הבת׳עווען א. אַז. וו.), קלעזמער (אין דער באַ־דייטונג — מוזיקאַנטן, פּרצעס נוסח; שלום־עליכם פלעגט שרייבן יאַריד אַנשטאָט יריד).

עס וואָלט אויך געווען געוואונטשן איינצופירן אַזעלכע אייסלייגענישן, ווי קעלכל, טרייף אַנשטאָט די זייער געמאַטערטע — קולכל, טריף (די לעצטע פאָרם איז בכלל ניטאָ אין העברעאיש) און נאָך ענלעכע ווערטער, וואָס גייען זיך אין זייער יידישער פאָרם סיי ווי שוין צו פיל פונאַנדער מיט דער מקור־פאָרם.

**178.** בנוגע די אַזויגערופענע „אותיות הנוח" ו און י מעגן מיר אין יידיש זיך ערלויבן דעם כתב־מלא, ד. ה. די באַצייכענונג פון די וואָקאַלן דורך ו אָדער י אפילו אין די פאַלן, וואו דער העברעאישער דיקדוק איז עס מחמיר. דער כתב־מלא האָט שוין זיין טויזנטיאָריקע טראַדיציע, וואָס איר מקור ליגט נאָך אין תנכישן העברעאיש. אין תלמוד און מדרש קומט ער שוין פאָר בדרך סיסטעם און שפּעטער דרינגט ער דורך כמעט דעם גאַנצן רבנישן העברעאיש. און אויב דער כתב־מלא קען נאָר פאַרלייכטערן די אויסלייגונג און דאָס איבערליי־ענען פון די לשון־קודשדיקע ווערטער אין יידיש, מעג ער געוויס האָבן די בכורה לגבי דעם כתב־חסר (וואָס לאָזט אויס דעם ו אָדער י אַלס וואָקאַל־צייכנס), סיידן דער כתב־חסר שטייט שוין אין אַ צו שאַרפער סתירה צו דער אָרטאָ־גראַפיע פון די העברעאישע מקורים.

**179.** אַלס כלל אין דער אויסלייגונג פון די העברעאישע ווערטער אין יידיש מוז אַלזאָ גילטן די שרייבונג:

1) פון ו אַלס טרעגער פון חולם, למשל, כוח, מוח, כוחות, מוחות, דור, דורות, חודש, חושך, קודש (אַנשטאָט כח, מח, כחות, מחות, חדש, חשך, קדש) א. אַז. וו.

2) פון ו אַלס טרעגער פון מלאפום, קובוץ און שורוק, למשל, אומה, חופה, חורבן, חנוכה, ירושה, משוגע, משומד, סוכה (אַנשטאָט אמה, חפה, חרבן, חנכה, ירשה, משגע, משמד, סכה) א. אַז. וו.

3) פון י אַלס טרעגער פון חיריק, למשל, בילבול, גילגול, דיבוק, חילוק, חיבור, כישוף, מיאוס, מידה, מגילה, ניסים, סיפור, קיבוץ, קהילה, שיעור (אַנשטאָט בלבול, גלגול, דבוק, חלוק, כשוף, מאוס, מדה, מגלה, נסים, ספור, קבוץ, קהלה, שעור) א. אַז. וו.

**180.** נאָר אין די פאַלן, וואו נאָכן חיריק קומען צוויי קאָנסאָנאַנטן קען דער י ניט געשריבן ווערן, למשל, נצחון, מלחמה (אַנשטאָט ניצחון, מילחמה), ווי אויך אין ווערטער, וואָס זיינען צו באַקאַנט פון תנך מיט זייער כתב־חסר, למשל, כהן, אהרן, משה, שלמה (אַנשטאַט כוהן, אהרון, מושה, שלומה)

181. דאָרט אָבער, וואו דער כתב־מלא פאַרגרינגערט ניט די אויסליי־גונג פון די העברעאישע ווערטער, דאַרף ער אין יידיש ניט אָנגעווענדט ווערן. מהאי־טעמא איז אַזאַ שרייבונג, ווי — אבר, חברים, פאה, גנבה, אבדה, מדרגה, שרפה בילכער איידער דער נוסח מיטן כתב־מלא — איבר, חבירים, פיאה, גניבה, אבידה, מדריגה, שריפה א. אַז. וו. — ניט נאָר על־פי דיקדוק, נאָר אויך אויסן שטאַנדפונקט פון דער יידישער אָרטאָגראַפיע, פאַר וועלכער דער י אַלס טרע־גער פון צירה איז קיין שום פאַרגרינגערונג ניט.

182. ווען דער י אָבער אַלס טרעגער פון צירה קען זיין אַ מיטל צו די־פערענצירן פאַרשיידענע ווערטער, דאַרף ער יאָ געשריבן ווערן, למשל, פירוש, דיפערענצירט פון פּרוש.

אויך בלייבט דער י אַלס טרעגער פון אַ צירה אָדער אפילו פון אַ סגול אין אַזעלכע ווערטער פון שפּעטערן העברעאיש, ווי מילא, היזק א. אַנד., וואו די שרייבונג אָן י איז קעגן דעם אַלגעמיינעם מנהג.

183. דער ו אַלס קאָנסאָנאַנט דאַרף אין די העברעאישע (און אַראַמע־אישע) ווערטער אין יידיש געשריבן ווערן געטאָפּלט, למשל, אוודאי, אוויר, בכיוון, הלוואה, וועד, ווידוי, וושתי, וואוו, כוונה, כסלוו, מצווה, מוותר, מושווה, סיוון, עוולה, רווח א. אַז. וו. אויסגענומען נאָר די פאַלן, וואו דער ו איז אַ בינדוואָרט (אין אָנהייב וואָרט), למשל, והא ראיה, ויברח, ועל־כולם א. אַז. וו.

184. פון צוויי נוסחאות מיט יי אָדער י איז גלייכער אָנצווועגדן דעם ערשטן, למשל, מייאש, מקיים, מיישב, מתחייב, רביים, גויים, שינויים, חייל, שייך, דהיינו, קיימא־לן, התחייבות (לגבי מיאש, מקים, מישב, מתחיב, רבים, גוים, שנוים, חיל, שיך, דהינו, קימא־לן, התחיבות) א. אַז. וו.

באַזונדערס איז עס אַ כלל, ווען ס'איז נייטיק צו דיפערענצירן פאַר־שיידענע ווערטער, למשל, דיין, דיפערע:צירט פון דין א. אַנד.

אין אָנהייב וואָרט איז אָבער גלייכער דער נוסח מיט י לגבי דעם נוסח מיט יי, למשל, ישוב, יחוס, יאוש, יתור (לגבי יישוב, ייחוס, ייאוש, ייתור) א. אַז. וו., דאָסגלייכן אויך אין אַזעלכע ווערטער, ווי עליה, עין־הרע, מחיה, ענין (לגבי עלייה, עיין־הרע, מחייה, עיניין) א. אַז. וו.

185. די פּרעפיקסן און ענדונגען, צוגעזעצטע צו העברעאישע שרשים, ווערן אויסגעלייגט יידיש, למשל, געהרגעטע, כשרע, גויע, כוסע, חברטע, גנביש, סודען זיך, פסלען (ניט — לויטן פאַרצייטישן נוסח — גהרגתה אָדער גע־הרגטע, כשרה, גויה, כוסה, חברתא, גנבהש, סודן זיך, פסלן) א. אַז. וו.

186. נאָר די ענדונג פון דעם רבים — ות בלייבט העברעאיש, למשל, מצוות, חתונות, תלמוד־תורות א. אַז. וו., הגם מאַנכע האָבן דעם דאָזיקן רבים געפּרובט פאַראיינהייטלעכן דורך דער ענדונג ס, למשל, מצווהס, חתונהס, תלמוד־תורהס א. אַז. וו.

**187.** אויך איז ניט נייטיק די יידישע פּרעפיקסן און ענדונגען אָפּצוטייל: פון די העברעאישע וואָרט־טיילן דורך אַפּאָסטראָפן, וועלכע צעהאַקן דאָס וואָרט און גיבן אים צו אַן אומנאַטירלעך פאַרקריפּלט אויסזעען, למשל, באַגנבע־נען, דעם רבינס, אָפּגעפּטרט, גישקשה, שותּפיש (ניט באַ׳גנב׳ענען, דעם רבי׳נס, אָפּ׳עגפּטר׳ט, גיש׳קשה, שותּפ׳יש) א. אַז. וו. כּדי ניט צו באַשווערן דאָס איבערלייענען פון אַזעלכע voces hibridae, איז די גלייכסטע זאַך מנקד צו זיין די ניט־וואָקאַליזירטע טיילן, למשל, גענהרגעט, מזלדיק, תּמעוואַטע, פּרעצעס א. אַז. וו.

## די נקודות אין יידיש.

**188.** די נקודות דאַרפן אין די העברעאישע ווערטער געשטעלט ווערן לויט דער יידישער אויסשפּראַך; און באמת, אויב מיר זעען ניט אַיין קיין שום חטא אין אַזאַ מין ניקוד, ווי, למשל, חֶטא, כּתַב, מֶקח, מֶדרש א. אַז. וו., איז אומבאַגרייפלעך דער ווידעראַנאַנד, וואָס ביי מאַנכע פּוריסטן רופט אַרויס אַזאַ ניקוד, ווי תּוֹרֶה, שַבֶּת, קָול, מֶלַך א. אַז. וו.

**189.** בכלל וועגן די נקודות אין די מאָדערנע יידישע אויסגאַבן מוז מען זאָגן, אַז אָפט ווערן זיי פאַרווענדט אָן שום זין. צוליב טעמים פון לייכטערער דרוק־טעכניק האָט די ערשטע יידישע טעגלעכע צייטונג אין רוסלאַנד, „דער פריינד", אָפּגעשאַפט די אַלטע סיסטעם פון ניקוד אין יידיש, לויט וועלכער די נקודות פלעגן געשטעלט ווערן, ווי אין העברעאיש, א ו נ ט ע ר די קאָנסאָ־נאַנטן (אַזוי אַז די וואָקאַלן פלעגן פאַרלירן זייער אייגנטלעכע פונקציע און פאַרוואַנדלט ווערן אין שטומע אותיות, למשל, זָאגְען, גִיכֶער א. אַז. וו.) און האָט אָפּגעגאָסן די וואָקאַל־אותיות צוזאַמען מיט די נקודות, כּדי צו מאַכן דעם איינדרוק פון געפּינטלטן טעקסט, למשל, גוט, גיכער, לעבען א. אַז. וו.

פון דער לייכטער האַנט פון דעם „פריינד" איז אַזאַ מין ניקוד אָנגענו־מען געוואָרן אין אַלע מאָדערנע אויסגאַבן אין רוסלאַנד, פּוילן און אפילו גאַ־ליציע. ביי דער דאָזיקער אומזיניקער סיסטעם פון נקודות פלעגן דווקא די ווערטער, וואָס נייטיקן זיך צום מערסטן אין ניקוד, די העברעאישע און אַראַ־מעאישע, בלייבן אינגאַנצן ניט וואָקאַליזירט. עס קאָן קיין צוויי מיינונגען ניט זיין, אַז אַזאַ ניט ראַציאָנעלע סיסטעם פון ניקוד מוז פאַרוואָרפן ווערן. מיר קענען אויסנוצן די נקודות נאָר, כּדי צו דיפערענצירן די פאַרשיידענע וואָקאַלן, למשל, אַ און אָ, אָדער ײ און ײַ. אָבער אין אַזאַ פאַרווענדונג הערן די נקודות אויף צו זיין דאָס, וואָס זיי זיינען אין העברעאיש; זיי דינען דאַן נאָר אַלס מין דיאַקראַטישע צייכנס אָפּצושיידן דעם אַ־וואָקאַל פון דעם אָ־וואָקאַל און דעם ײ־דיפטאָנג פון דעם ײַ־דיפטאָנג. ס׳איז כּדאי צו באַמערקן, אַז אין די

אַמעריקאַנער אויסגאַבן ווערט אָפט באַצייכנט מיט אַ נקודה אָדער בלויז דער אַ אָדער בלויז דער אָ.

**190.** די לעצטע צייט זיינען געמאַכט געוואָרן אייניקע פאַרשלאָגן אויס־צוניצן די נקודות אין יידיש אַלס מיטל צו דיפערענצירן די לאַנגע און קורצע וואָקאַלן, ווי אויך די פאַרשיידן אויסגעשפּראָכענע, אָבער אַלצאיינס געשריבענע דיפטאָנגען.

אַזוי האָט דער אויסגעצייכנטער יידישער פילאָלאָג שלמה בירנבוים אין זיין "Praktische Grammatik der Jiddischen Sprache" איינגעפירט מנקד צו זיין די וואָקאַל־אותיות, וועלכע גיבן איבער (לויט דער פּויליש־אוקראַינישער אויסשפּראַך) די ל אַ נ ג ע וואָקאַלן, לאָזנדיק זיי אומגעפינטלט, ווען זיי ווערן אויסגערעדט קורץ, דהיינו: אָ—לאַנגער o, למשל, זאָגן; א—קורצער o, למשל, זאקן; (דער א אַלס a אַלעמאָל געפינטלט מיט אַ פּתח, ווייל אין אַלע דיאַלעקטן ווערט דער אַ אויסגערעדט ווי a); וּ—לאַנגער u, למשל, בוּך, פוּס (אין די דיאַלעקטן אויסגערעדט מיט אַ לאַנגן i—ביעך, פיעס), ו—קורצער u, למשל, גוט, בלוט; יִ—לאַנגער i, למשל, שפּיִל; י—קורצער i, למשל, קינד; עֶ—לאַנגער e, למשל, בעֶטן (ווענדן זיך מיט אַ בקשה), ע—קורצער e, למשל, בעטן (אַ בעט); יי—פּאַר דעם ei=דיפטאָנג, למשל, מײַנען, ײַ—פּאַר ai=דיפטאָנג, למשל, מיינער; וֹי—פּאַר דעם ערשטן oi=דיפטאָנג (אין ליטוויש אויסגערעדט—ei), למשל, גרוֹיס, וי—פּאַר דעם צווייטן, למשל, בויך.

דער פּראָיעקט פון ד. ל ײ ב ל (אין דער וואַרשעווער פּועלי־ציוניסטישער "אַרבייטער־צייטונג", 1919) שיידט זיך אָפּ פון בירנבוימס נאָר דערמיט, וואָס לייבל גיט איבער דורך אָ דעם קורצן o און דורך א (אָן אַ נקודה)—דווקא דעם לאַנגן און באַנוצט זיך מיט אַ געפּינטלטן יי, איבערלאָזנדיק פּאַר דעם יי־דיפטאָנג יי אָן אַ צירה אונטער אים.

## אָרטאָגראַפישע נוסחאות און עטימאָלאָגישע.

**191.** מיט די ריין אָרטאָגראַפישע פראַגן דאַרף מען ניט צונויפמישן די פראַגן, וואָס געהערן אין דעם געביט פון דער יידישער מאָרפאָלאָגיע. אַזוי, למשל, איז די פראַגע, ווי צו שרייבן, ע ר ק ל ע ר ן, אָדער ד ע ר ק ל ע ר ן, ז י י נ ע ן אָדער ז ע נ ע ן, ניט קיין פראַגע פון אָרטאָגראַפיע, נאָר אַ פראַגע, וועלכע פאָרם אָננעמען בכלל (אַלזאָ אויך אין דער אויסשפּראַך) פאַר דער איינציק באַרעכטיקטער, צי די מער יידישלעכע ד ע ר ק ל ע ר ן, צי די דייטש־מערישע—ע ר ק ל ע ר ן; צי דעם ליטווישן נוסח—ז י י נ ע ן, אָדער דעם פּויליש־וואָלינערישן—ז ע נ ע ן?

**192.** אָבער האַלטנדיק שוין דערביי, איז נייטיק צו באַמערקן וועגן אַזאַ דעם פּונקט אָט וואָס:

פון צוויי נוסחאות האָט באַטירלעך די בכורה דער מער יידישער, למשל, דערציילן, ניט ערציילן, דערפרישן, ניט ערפרישן, דערגאַנצן, ניט ערגענצן, נאַר, ניט נור, דאָרשט, ניט דורשט, פולקום, ניט פאָלקאָם און פאָלקאָמען אוודאי ניט, אַנטפאַנגען, ניט עמפפאַנגען, טונקל, ניט דונקל, טאָפּלט, ניט דאָפּלט, לעבן, ניט נעבן, געל, ניט געלב, מינער, מינערן, געמינערט, ניט מינדער, מינדערן, געמינערט, קעגן, ניט געגן, הארבסט בעסער ווי הערבסט, נעפּל בעסער ווי נעבל א. אז. וו.

ניט אַלע מאָל לאָזט זיך די פאַריידישונג דורכפירן בדרך-כלל אין אַלע פאַלן, למשל, קעגן, קעגנער, קעגנאיבער, אָבער געגנשטאַנד, געגנוואַרט (ניט קעגנשטאַנד, קעגנוואַרט); לעבן אָנשטאָט נעבן, אָבער אַ נעבנזאַך; מינער, אָבער מינדסטער א. אז. וו.

דאָסגלייכן לאָזן זיך ניט פאַריידישן די, מער אָדער ווייניקער, דייטש-מערישע פאָרמען, וואָס זיינען דיפערענצירט אין זייער באַדייטונג פון די עכ-טערע און עלטערע יידישע, למשל, ערקלערן—מעלדן און דערקלערן—געבן צו פאַרשטיין, טאָוול—פון אַ בוך און טאַפּל—צום שרייבן (מיט אַ גריפּל אָדער מיט קרייט), גינסטיק—גוט און גינציק—איבערגעגעבן, געטריי, קונסט און קונץ א. אז. וו.

**193.** בנוגע די ווערטער, וואָס האָבן פאַרשיידענע נוסחאות אין גבול פון דער יידישער פאָלקסשפּראַך גופא, מוזן ביידע נוסחאות אָנערקענט ווערן דער-ווײַלע פאַר גלייכבאַרעכטיקט, איבערלאָזנדיק דעם שרייבער (און אויך דעם לייענער) די ברירה, וועלכן נוסח אָנצווענדן (זע I, § 74), למשל, ריידן און רעדן (אָבער רייד—אַלס שם-עצם), קעניג און קיניג, מעגלעך און מיגלעך, גילדערנער און גאָלדענער, קענען און קאָנען, מעגן און מאָגן, פויערים און פויערן, זיינען און זענען, זייט און זענט (צווייטע פערזאָנן פון אינדיקאַטיוו; אָבער דער צווי איז דורכאויס אַלעמאָל **זייט**, בשום אופן ניט **זענט**), טון און טאָן, געטון און געטאָן, פאַרלאָרן און פאַרלוירן, וואָרים און וואָרן (אָבער קיינמאָל ניט וואָרום), ברונים און ברונען, קויקלען און קייקלען, קלויבן און קלייבן, קוילערן און קאָלערן, דענסטמאָל, דעמאָלט, יעמאָלט און דאַמאָלסט, ניט און נישט א. אז. וו.

אין דער שול דאַרף, מיין איך, קולטיווירט ווערן די פאָרם פון דעם דיאַלעקט, וואָס די קינדער ריידן; די ליטווישע קינדער, למשל, דאַרף מען רעקאָמענדירן צו געברויכן די פאָרם **זיינען**, די פוילישע—**זענען** א. אז. וו. די צוקונפט וועט אַנטשיידן, וועלכע פון די פּאַראַלעלע פאָרמען איז די לעבנספּאַיקערע. וואָרים לעת-עתה האָבן מיר נאָך ניט דעם אָביעקטיוון קרי-טעריום—אָנצונעמען דעם נוסח און אָפּוואַרפן יענעם.

**194. דאָס נאָר־וואָס געזאָגטע איז נאַטירלעך ניט חל אויף די פאַלן,** ווען פון צוויי נוסחאות איז איינער באַשײנפּערלעך אַ דיאַלעקטישער גרייז, ווי, למשל, היילן אָנשטאָט איילן, האַמפּערן זיך אָנשטאָט אַמפּערן זיך, אָדער בכלל אַ פּראָווינציאַליזם, וואָס איז אין דער ליטעראַטור ניט אָנגענומען, למשל, קאַריק אָנשטאָט צוריק, הוליענען אָנשטאָט הוליען, אַלצינקעסדינג אָנשטאָט אַלצדינג א. אַז. וו.



# אינהאַלט.

## אַ ר י י נ פ י ר.

---

## קאַפּיטל איינס.

# פאָנעטיק.

---

קאַפּיטל צוויי.

# אָרטאָגראַפיע.